די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.
צוזאמענגעשטעלט אונטער דער רעדאקציאן פון
דוד פינסקי

זיבעטער באנד

ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש“, ניו-יארק.

תר"פ — 1920

## י. ל. פּרץ

# פאָלקסטימליכע געשיכטען



אַרויסגעגעבען פון פאַרלאַג „אידיש", ניו־יאָרק.

# ביים גוטס צוקאָפּענס.

1.

דער שמש פון גן־עדן — אַ ליכטיגער מלאך — אַז אַפּגלאַנץ פון זיין ליעבען נאָמענס שטראַלענדיגער גענאָד. קומט איינמאָל פאַרנאַכט פון גן־עדן ארויס און עפענט, צורודערט און פאַרזאָרגט, אַ פענסטערל פון הימעל, בויגט ארויס דעם שטראַלענדיגען קאָפּ און ווענדט זיך מיט אַ טרויעריגער, ציטערדיגער שטימע צו דער אונטערגעהענדיגער זון און פרעגט:

— ווייסטו ניט, זון, וואָס ביי לייב׳ל קאַנסקיוואָלער טוט זיך? די זון שווייגט; זי ווייסט נישט.

נאָך אומרוהיגער ציהט דער מלאך זיין שטראַלענדיגען קאָפּ צוריק.

און נישט אומזיסט איז אומרוהיג דער מלאך.

שוין מכמה וכמה שנים רוישען צוויי מאָל אין טאָג אַלע זיבען הימלען מיט לייב׳ל קאַנסקיוואָלער׳ס „שמע ישראל“...

ווי אַ זילבערנער שרויט צושיט זיך זיין „אח— — —ד“ צו־פוסענס ביים כסא הכבוד... און עס קאָלערט זיך דער „אחד“ און ז־שומט, און ברומט, און זידט. ווי אַ מחנה זומער־פייגלער. וואָס גלוסט און בענקט צו דער פלאַם, ווערט צוגעצויגען צו איהר און בריהט זיך און ברענט אין איהר מיט׳ן גרעסטען תענוג פון „יסורים של אהבה“...

דאָס לעצטע מאָל האָט ער איהם צו שחרית געהערט.

צו מנחה האָט ער שוין געפעהלט!

אין בעט און לויב־געזאַנג פון אַלע וועלטען איז דעריבער אַ פּנימח געוועזן...

אין אָרקעסטער איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען אַ כלי; אַ סטרו־

נע ביי אן ערשטער פידעל האט געפלאצט און איז פארשטומט גע־וואָרען.

צי האט לייב׳ל קאנסקיוואלער פארגעסען צו דאווענען מנחה? וועט ער זאָגען צוויי שמונה־עשרה׳ס ביי מעריב?

נידעריגער לאזט זיך דערוויי̈ל אראפ די זון. די שטיל באַ־האלטענע שאטענס קריגען רשות, ארויסצוקומען פון זייערע באַ־העלטענישען, — און זיי קריכען ארוים פון די שפאלטען אין די פעלזען ביי ימים, פון גריבער און היילען אין וויסטע מדבריות, פון אונטער בוימער און צווישען צווייגען און בלעטער אין די טיפסטע וועלדער... און זיי פארשפרייטען זיך איבער׳ן ישוב און פלעכטען זיך ארום און ארום...

און אט איז אראפ די זון איינגאנצען. לבנה און שטערען בלאַנ־קען שטיל־שווייגענדיג אויף און נעמען איבער די ממשלה איבער דער וועלט אויף איבער נאכט... און זיי שפינען און וועבען זייער פאר׳כשופ׳ט שפינוועבס — א זילבער־דינע נעץ איבער דער פאַר־מאטערטער ערד...

און גלייך מיט דער זון איז איבער׳ן הימעל פארזונקען געוואָ־רען די חיה מיט דער אויפשריפט „אמת" אויפ׳ן שטערן, און צו־זאמען מיט דער לבנה איז ארויסגעשוואומען פון דער צווייטער זייט די חיה מיט דער זילבערנער טרעסט אויפ׳ן שטערן און מיט דער אויפשריפט „אמונה"...

און באלד עפענען זיך שטיל־שווייגענדיג די טויערען פון הי־מעל, און לאזען אריין גאנצע מחנות נשמות פון איינגעשלאפענע מענשען, וואס קומען נאכט אויף נאכט ארויף און פארשרייבען אין די הייליגע ביכער, ווי אזוי עס האט זיך אפגעלעבט דער טאג...

און עס סקריפען די פעדערען, און עס רוישען מיליאנען־מיליאַ־סען פליגעל, טייל ווייסע ווי שניי, ס׳רוב גרויע און פארפלעקטע, מאנכע אויך רויט פארבלוטיגטע...

און אלע זיבען הימלען ווערען פול מיט א געמישטע גערויש פון געבעט, חרטה, בענקעניש, ליעבשאפט, האפנונג און שרעק... און פלוצלונג בלייבט אלץ ווי פארשטארט.

ארום כסא הכבוד וויקעלט זיך שטיל א זילבערנער נעבעל, וויקעלט זיך און וויקעלט זיך און ווערט טונקעלער און טונקע־לער...

און פֿון הינטער דעם נעבעל הערט זיך אַ ברומען ווי פֿון אַ טויב:
„וועה איז מיר, וואָס איך האָב חרוב געמאַכט מיין הויז...
„וואָס איך האָב פֿאַרברענט מיין פּאַלאַץ...
„וואָס איך האָב פֿאַרטריבען מיין זוהן, מיין איינציגען זוהן"...
און אַ שוידער פֿון רחמנות געהט דורך אַלע זיבען הימלען...
און עס ווערט ווייטער שטיל, אַלץ האָט זיין אָטעם פֿאַרהאַל־טען, וואַרטענדיג ווי אויף אַ נס, אויף עפּעס אַ וואונדער, אויף אַ בשורה אַ נייע...
עס איז אָבער גאָרנישט געשעהן...
עס דערהערט זיך פֿון אונטען אַ קול: עס קרעהט דער האָן.
פֿון כסא הכבוד געהט אָפּ דער נעבעל, דער פֿאַר'כשופֿ'טער שוידער פּלאַצט און צורינט... עס עפֿענען זיך ווייטער די פֿענסטער פֿון הימעל, די נשמות פֿליהען צוריק אַרוים... מלאכים מיט ברי־ליאַנטענע פֿלעדערווישען יאָגען אַרוים די פֿאַרשפּעטיגטע, די פֿאַר־ציטערטע, פֿאַרוויינטע און טיף דערשראָקענע...
עס דויערט ניט לאַנג, און מען הערט ווי מען קלאַפּט אונטען צו חצות...
באַלד הויבט אָן בלאַס און בלאַסער צו ווערען דער צייכען „אמונה" אויף דער זילבערנער טרעסט, אַ דינער, רויטליכער שטראַל וועקט זיך פֿון מזרח־זייט...
דער גן־עדן־שמש וועקט זיך ווי פֿון אַ טיפֿען חלום, געהט צו און עפֿענט נאָך אַמאָל אַ פֿענסטערל אין הימעל, בויגט אַרוים דעם קאָפּ און רופֿט, פֿרעגענדיג:
— לבנה און שטערען, איידער איהר פֿאַרשווינדט, צי קענט איהר מיר נישט זאָגען, וואָס עס האָט מיט לייב'ל קאָנסקיוואַלער פּאַסירט?
און דאַמאָלט האָט זיך גאָלדען־צופּלאַקערט אַ קליין שטערנ־דעל פֿון ווייטען, איז צוגעשוואומען צום פֿענסטערל, און האָט גע־ענטפֿערט:
— איך וויים, ליכטיגער מלאך!
איך בין דורך קאָנסקיוואָלע געשוואומען און האָב אין זיין פֿענסטערל אַריינגעקוקט... ער שטאַרבט, לייב'ל קאָנסקיוואַלער... אַן אַלטער מאַן... זיין ווייסע באָרד איבער דער קאָלדרע בלאַנקט ווי ריין זילבער... נאָר דאָס פּנים איז איינגעשרומפּען און געל... איך

האב געזעהען, ווי מען האט איהם א פעדער אונטער די נאזלעכער געלעגט; איך האב אבער ניט געזעהען, זי זאל זיך ריהרען.

און דער מלאך, דער שמש פון גן־עדן, האט ביי קיינעם קיין רשות ניט גענומען, על דעת עצמו איז ער אראפגעשאסען אויף דער ערד נאך לייב'ל קאנסקיוואלער'ס נשמה. —

עס וועט אן אומגעריכטע פרייד זיין אין גן־עדן.

אזוי האט ער געטראכט.

---

פלינק פליהען מלאכים, נאר — די שווארצע ווי די ווייסע...

און אז דער ליכטיגער מלאך איז אראפגעקומען, האט ער שוין געטראפען א פינסטערען מלאך ביים גוסס צוקאפענס...

צי איז דער פינסטערער פריהער ארוים, צי האט ער צו אונז א קירצערען וועג? ווער ווייסט?

— וואס טוסטו דא? — וואונדערט זיך דער ליכטיגער מלאך. דערשראקען. — עס איז דאך לייב'ל קאנסקיוואלער!

— איז וואס? — לאכט דער שווארצער. און צוויי שורות ווייסע ציין בליצען איהם ארוים פון אויסגעקרימטען מויל...

— דאס איז מיין נשמה! איך בין שמש פון גן־עדן.

— זעהר אנגענעם! — מאכט דער שווארצער א העוית, — איך בין נאר א לאפיטוט פון גיהנום. נאר לאמיר זעהן!

און ער גיט א שאר מיט א פוס אונטער'ן קראנקענס בעט, און עס רוקט זיך ארויס א פארבונדענער זאק.

— וואס ליגט דא אין זאק?

— טלית ותפלין, — וויל דער גוטער מלאך טרעפען.

— אונטער'ן בעט באהאלטען? עברות באהאלט מען.

און ער בויגט זיך אראפ צום זאק און בינדט איהם אויף, און עפענט איהם, און דערלאנגט איהם א שטויס מיט'ן פוס — א גאלדענער גלאנץ ווארפט זיך איבער דער שטוב, א גאלדענער קלאנג לויפט איהם נאך — גאלדענע רענדלעך שיטען זיך אויס...

— גנבה־געלט, גזלה־געלט! — רופט אויס דער שווארצער מלאך: אויסגענארט ביי נישט קלוגע, גערויבט ביי אלמנות, גע־גזל'ט ביי יתומים, פון צדקה־פושקעס ארויסגענומען... מיט בלוטיגע טרערען זענען זיי געוואשען און הארציגע בלוט־פלעקען קלעפען אן:

זיי... און זעה, ווי ער וועקט זיך, אז מען ריהרט זיין גאָלד!

מיט פארשלאָסענע אויגען וואַרפט זיך דער גוסס...

פארצימערט בלייבט דער ווייסער מלאך און פארשטעלט זיך דאָס פנים מיט דער ערשטער פאר פליגעל... דורך א שפאלט פון לאדען רייסט זיך אריין א שטראל פון דער מארגענדיגער זון, ער פאלט איבער'ן גוסס'עס ברעמען — זיי ציטערען.

צום לעצטען מאל עפענט ער האלב די אויגען אויף:

— ווער איז דאָ? — פרעגען די פארשוימטע, פארגעלטע ליפען מיט א שארף פון א פארפוילטען בלאט...

— איך! — ענטפערט דער שלעכטער מלאך. — איך, וואס איך בין נאך דיין נשמה געקומען... קום!

— וואו אהין?

— אין גיהנום אריין!

פאר שרעק פאלען דעם גוסס צוריק די אויגען צו.

— בעט, בעט גאָט! — רופט דער גוטער מלאך. — טו תשובה... עס איז נאך צייט... זיי מפקיר דיין גאָלד...

— שמע... — הויבט דער גוסס אן.

— ער וועט ניט מפקיר זיין! — זאגט דער שלעכטער מלאך און לעגט זיין שווערען, שווארצען פליגעל איבער'ן גוסס'עס פנים, און אונטער'ן פליגעל ווערט דער קול צוזאמען מיט'ן גוסס דערשטיקט.

דער ווייסער מלאך רוקט זיך צוריק אָפּ פארשעמט.

## 2.

אין א פינסטערער, פארגאסענער האלבער נאכט, צווישען געוויש, געשריי און געפילדער אין גיהנום, שניידט זיך דורך א שארף־שניידענדיגער באפעל:

— נחמן'קע פון זבאראש געהט אויס... ער פלעגט זיך שנייַדען די נעגעל ניט איבערגעהיפערט, אוועקוואָרפען... נישט איין מאָל פארגעסען מנחה צו דאווענען, — ווער געהט נאך זיין נשמה?

— איך! — רופט זיך אָן א מלאך־חבלה.

— גרייט דערווייל צו א קאכענדיגען קעסעל סמאלע.

ער שפרינגט אונטער און פליהט ארייס פון גיהנום...

געשווינד פליהען שלעכטע מלאכים. צום גליק אבער גוטע אויך; די גוטע זענען אפשר ווייטער פון אונז. נאר דאס גרעסטע רחמנות טראגט זיי...

און אז דער מלאך־חבלה איז צום קראנקענס בעט געקומען, האט ער שוין צוקאפּענס א ווייסען גוטען מלאך געטראפען. ער איז געזעסען און האט געטרייסט:

— שרעק זיך נישט, ארעמער מענש, פאר'ן טויט... עס איז נאר א בריק, א קורצע גרענעץ צווישען פינסטערקייט און ליכט... פון זארג און אומרוה, אן איבערגאנג צו רוה און גליק.

נאר דער קראנקער, דוכט זיך, הערט נישט; ער איז פאר־טראגען, און די פלאמענדיגע אויגען בלאנדזשען ארום אויף די ווענט...

און דער שווארצער מלאך בלייבט שטעהן ביי דער טיר און קוקט פארוואונדערט...

— האסט נישט קיין טעות, חבר? — פרעגט ער דעם ליכ־טיגען מלאך.

— ניין! — ענטפערט דער גוטער, — איך בין געשיקט גע־ווארען נאך דער נשמה, נאך דער ריינער בארמהארציגער נשמה; דו קאנסט איבער איהר קיין שליטה נישט האבען!

— ער האט ניט על פי דין די נעגעל געשניטען!...

— איך ווייס, — האקט איהם איבער דער גוטער מלאך, — נאר דערפאר קיין איינציגע רגע פאר זיך נישט געלעבט... נאר פאר שוואכע און קראנקע, פאר אלמנות און יתומים, פאר פארפינסטער־טע, פארוואגעלטע, פארמאטערטע...

— ביי אונז אין בוך איז פארשריבען, וויפיעל מאל ער האט מנחה פארפעהלט...

— נאר קיינמאל נישט פארפעהלט, ווען מען האט געדארפט עמיצען העלפען. קיינמאל נישט פארגעסען צו טרייסטען, צו האר־ציגען און צו קרעפטיגען דארט, וואו די פליגעל זענען אראפּגעפּא־לען מיד, וואו די גאל האט געזאלט די רייסנטע נשמה פארגיסען, וואו די לעצטע האפנונג, האט זיך געדאכט, איז פארשוואונדען...

ער האט זיך קיין הויז נישט געבויט... דאס דאך איבער'ן קאפּ נישט פאררוכט, זיין בעט זיך נישט ווייך געבעט, קיין ליעבשאפט ביי קיין פרוי נישט געזוכט, אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאפט... נאר

אַלץ פאַר אַנדערע... ווייל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטען בעסער פאַר זיך...

שוואַרצע וואָלקען ציהען זיך אין דרויסען איבער'ן הימעל... אויף אַ רגע שניידט זיי דורך אַ בליץ, נאָך ער ווערט פאַרלאָשען און נאָך פעסטער ציהען זיך, נאָך ענגער שליסען זיך צוזאַמען די דיקע, פינסטערע וואָלקענס.

דער בליץ האָט צום לעצטען מאָל דעם גוסס געוועקט.

— ווער איז דאָ ביי מיר? ווער זיצט מיר צוקאָפּענס? — פרעגען די פאַרברענטע ליפּען.

— איך, איך, אַ ליכטיגער מלאך, פון זיין ליעבען נאָמענס ליכטיגער פּמליא... און פון זיין ליעבען נאָמען נאָך דיין נשמה גע־שיקט!... קום מיט מיר!

— וואו אַהין? — פרעגט דער קראַנקער.

— צום הימעל אַרויף, אין גן־עדן אַריין!

— הימעל... גן־עדן...—שטאַמעלט נאָך דער גוסס אין היץ.— און ווי אַזוי לעבט זיך דאָרט אין הימעל, אין גן־עדן דאָרט?

— גוט... פון גאָטס געגנאַד באַשטראַלט, אין גלאַנץ פון כסא הכבוד... מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ...

— גלאַנץ... גאָלד... קרוינען... — שטאַמעלט דער גוסס נאָך— וואָס וועל איך דאָרט טון?

— וועסט נישט דאַרפען טון... דאָרט איז אייביג רוה, אייביג ליכטיגער נחת, אָהן אויפהער שטראַלענדיג גליק... קום!

— אָבער וואָס וועל איך דאָרט טון? — דרעהט זיך מיט'ן לעצטען כח דער גוסס אוים צום מלאך.—איז דאָרט דאָ וועמען צו העלפען, געפאַלענע אויפצוהויבען, קראַנקע צו היילען, הונגעריגע צו זעטיגען, דורשטיגע די ליפּען צו נעצען, פאַרלוירענע צו זוכען און געפינען? דאָס איז דאָך מיין גליק געוועזן!...

— ניין, דאָס נישט! — ענטפערט מיט אַ נישט זיכער קול דער מלאך.—דאָס איז דאָרט נישט פאַראַן, דאָרט וועט קיינער נישט דאַרפען דיין הילף...

— און וואָס וועל איך דאָרט טון, מלאך? דאָרט וואו קיינער בּרייכט מיין נשמה נישט, מיין האַרץ נישט; נישט מיין רחמנות'־דיגע טרער אין אויג, נישט מיין וואָרט צו טרייסטען פון מויל, און נישט מיין האַנט, אויפגעהויבען צו ווערען פון גרוב?

דער שלעכטער מלאך הערט און שטעקט ארויס די צונג און באַלעקט זיך... א חוזק־שמייכעל לעגט זיך איהם איבער'ן מויל פון אויער צו אויער... ער עפענט דאָס מויל און צוויי שורות ווייסע ציין בליצען אויף אין דער פינסטערער שטוב...

און צורודערט זיצט דער ליכטיגער מלאך און ווייס נישט וואָס צו ענטפערען דעם גוסס...

— וואָס פאַרט, מלאך! וואָס פאַרט?

און דער גוטער מלאך דרעהט זיך אויס צום פענסטער און קוקט ארויס צום הימעל און ווארט פון דאָרט אַן עצה און א ראט... נאָר פארשלאָסען איז דער הימעל; אהן א ווארט, אהן א שטראַל, אהן א פינק... און עס יאָגען אַן אלץ נייע און נייע, אלץ שווערערע און שווערערע וואָלקענס — א שאָטען פאַלט איבער'ן ליכטיגען מלאך'ס פנים, דער הימעל זעהט אויס הארט און בייז, אהן רחמנות זעהט ער אויס, ער האָט איהם נאָך קיינמאָל אזוי נישט געזעהן... ער בלייבט פארציטערט.

מיט דער ווייַלע באַנוצט זיך דער שלעכטער מלאך און געגעהנט זיך צום בעט פון דער צווייטער זייט.

— קום בעסער מיט מיר, — רוימט ער איין דעם גוסס.

— וואו אהין?

— דאָרט, וואו דיין הארץ געלוסט... צו די אומגליקליכע, הונגעריגע, לעפצענדיג־דורשטיגע... צו די פאַר'חלש'טע און פארמאַטערטע, צו די פארלאָרענע, פארשאַלטענע, צו די פון גאָט פארגעסענע... העלפען ווערסטו נישט קאָנען, אבער צוזאַמען ליידען, מיטפיהלען...

— איך געה! איך געה! — רופט דער קראַנקער אויס מיט קראַפט. — — —

און דער ווייסער מלאך איז אוועק מיט לעדיגע הענט.

# דריי מתנות.

## א.

## אויבען ביי דער וואָג.

אמאָל, מיט יאָהרען און דורות צוריק, איז ערגעץ נפטר געוואָרען אַ איד.

מילא, אַ איד איז נפטר געוואָרען — אייביג לעבען קאָן מען נישט — טוט מען איהם זיין רעכט... ברענגט מען איהם צו קבורת ישראל...

נאָך סתימת הגולל, דער יתום זאָגט קדיש — פליהט די נשמה אַרויף, צום משפט, צום בית־דין של מעלה...

קומט זי אַרויף, הענגט שוין דאָרט פאַר'ן בית־דין די וואָג, אויף וועלכער מען וועגט די עברות און די מצוות...

קומט דעם בר־מנן'ס סניגור, זיין געוועזענער יצר טוב — שטעלט זיך מיט אַ קלאָר ווייס זעקעל ווי שניי אין דער האַנט, ביי דער וואַגשאָל פון דער רעכטער זייט...

קומט דעם בר־מנן'ס קטיגור — זיין געוועזענער יצר הרע, דער געוועזענער מסית ומדיח — און שטעלט זיך, מיט אַ קוימיג זעקעל אין דער האַנט, ביי דער וואַגשאָל אויף דער לינקער זייט...

אין ווייסען קלאָרען זעקעל זענען מצוות, אין ברודיג שוואַרצען זעקעל — עברות. שיט דער סניגור, פון שניי־ווייסען זעקעל אויף דער וואַגשאָל פון דער רעכטער זייט, מצוות — שמעקען זיי ווי פאַרפומעס און לויכטען ווי די שטערענדלעך אין הימעל.

שיט דער קטיגור פון ברודיגען זעקעל אַרויס, אויף דער וואַגשאָל פון דער לינקער האַנט, עברות — זענען זיי, ניט פאַר אייך געדאַכט, שוואַרץ ווי קויל און אַ ריח האָבען זיי — סאַמע־ראַדנע פעך און סמאָלע.

שטעהט אזוי די אָרעמע נשמה און קוקט, און גאַפט — זי האָט זיך גאָרנישט געריכט, עס זאָל זיין אַזאַ חלוק צווישען „גוט"

און „שלעכט“; דארט האט זי גאנץ אפט ביידע נישט דערקענט, איינס פאר דאס אנדערע גענומען.

און די וואגשאלען הויבען זיך פאמעלעך, ארויף און אראפ. אמאל די, אמאל יענע... און דאס צינגעל ביי דער וואגשאל אין דער הויך ציטערט, נעמט זיך אויף א האר לינקס, אויף א האר רעכטס...

נאר אויף א האר... און נישט מיט אמאל! א פראסטער איד געווען, אהן גרויסען „להכעים“, ווי אויך אהן „קדוש השם“... אזוי — קליינע מצוה׳לעך, קליינע עברה׳לעך, שרעטעלעך, שטויבעלעך... טיילמאל — קוים מיט׳ן אויג צו דערזעהן.

און פונדעסטוועגען, אז דאס צינגעל רוקט זיך אויף א האר רעכטס, הערט זיך אין די עולמות העליונים א קלאנג פון שמחה, פון נחת; רוקט זיך עס אבער, חס ושלום, לינקס, שלאגט זיך ארויס א זיפץ פון עצבות, ביז עס דערגרייכט צום כסא הכבוד.

און די מלאכים שיטען פאמעלעך, מיט כונה, א שרויט נאך א שרויט, א שטויב נאך א שטויב, ווי פשוט׳ע בעלי־בתים ליציטירען „אתה הראית“, א פרוטה נאך א פרוטה...

נאר א ברונעם שעפט זיך אויך אויס, די זעקלעך ווערען לעדיג.

— שוין? — פרעגט דער בית־דין־שמש — אויך א מלאך צווישען אלע מלאכים.

דער יצר טוב, ווי דער יצר הרע, דרעהען אויס די זעקלעך קאפויר: נישטא מעהר! און דאמאלט געהט דער שמש צו צום צינגעל זעהן, ווי עס האט זיך אפגעשטעלט: רעכטס צי לינקס.

קוקט ער און קוקט אזוי, און זעהט אזוינס, וואס עס איז נאך נישט געשעהען, זינט הימעל און ערד זענען באשאפען געווארען...

— וואס דויערט אזוי לאנג? — פרעגט דער אב־בית־דין. שטאמעלט דער שמש:

— גלייך! דאס צינגעל שטעהט אין סאמע־ראדנע מיט!... די עברות האבען גלייך געוואויגען מיט די מצוות.

— אקוראט? — פרעגט מען נאך אמאל פון בית־דין של מעלה׳ס טיש.

קוקט ער נאך אמאל דער שמש און ענטפערט:

— אויף דער האר!

האט דאס בית־דין של מעלה א ישוב און גיט, נאכ'ן ישוב הדעת, ארויס א פסק כהאי לישנא:

„היות די חטאים וועגען נישט איבער די מעשים טובים — קומט דער נשמה קיין גיהנום נישט...

„און פון צווייטען צד — וועגען די מצוות נישט מעהר פאר די עברות, — קאן מען איהר נישט עפענען די טויערען פון גן־עדן.

„על כן נע־ונד זאל זי זיין...

„זאל זי ארומפליהען אין דער מיט, צווישען הימעל און ערד — ביז גאט וועט זיך אן איהר דערמאנען און דערבארעמען זיך און צורופען צו זיך מיט זיין גנאד".

און דער שמש נעמט די נשמה און פיהרט זי ארויס.

יאמערט נעבעך די נשמה און קלאגט אויף איהר מזל.

— וואס וויינסטו אזוי? — פרעגט ער זי — וועסט נישט האבען קיין נחת און פרייד פון גן־עדן, וועסט דו דאך אבער אויך נישט האבען קיין צער און יסורים פון גיהנום, — קוויט!

די נשמה אבער לאזט זיך נים טרייסטען:

— בעסער די גרעסטע יסורים, זאגט זי, איידער גארנישט! גארנישט איז שרעקליך!

קריגט ער אויף איהר, דער בית־דין־שמש, רחמנות, גיט ער איהר אן עצה:

„פליה, זאגט ער איהר, נשמה'לע, אראפ און האלט זיך נידעריג ארום דער לעבעדיגער וועלט...

„אין הימעל אריין, זאגט ער, קוק נישט... ווארים וואס וועסטו זעהן אין יענער זייט הימעל? גייערט שטערענדלעך! און דאס זענען ליכטיגע נאר קאלטע ברואים, זיי ווייסען פון קיין רחמנות נישט, זיי וועלען זיך נישט מיהען פאר דיר, זיי וועלען גאט אן דיר נישט דערמאנען...

„מיהען זיך פאר אן ארעמער פארוואגעלטער נשמה קאנען נאר די צדיקים פון גן־עדן... און זיי, הער, נשמה'לע, — זיי האבען ליעב מתנות... שעהנע מתנות... עס איז שוין — גיט ער צו ביטערליך — די טבע פון היינטיגע צדיקים!

„פליה זשע, נשמה'לע — זאגט ער ווייטער — נידעריג ארום דער לעבעדיגער וועלט און קוק זיך צו ווי עס לעבט זיך, וואס עס טוט זיך. און דערזעהסט דו עפעס אזוינס, וואס איז אויסטערליש

שעהן און גוט, כאַפּ עס און פליה דערמיט אַרויף; עס וועט זיין אַ מתנה פאַר די צדיקים אין גן־עדן... און מיט דער מתנה אין דער האַנט זאָלסטו אַנקלאַפּען און מעלדען זיך אין מיין נאָמען ביים מלאך פון דער פאַרטקע. זאָג: איך האָב געהייסען!...

„און אַז דו וועסט האָבען געבראַכט דריי מתנות, זיי זיכער — וועלען זיך פאַר דיר עפענען די טויערען פון גן־עדן, זיי וועלען פועל'ן... ביים כסא הכבוד האָט מען ליעב נישט די פיין געבווירענע, נאָר די אויפגעקומענע"...

און אַזוי רעדענדיג, שטופּט ער זי מיט רחמנות פון הימעל אַרויס.

## ב.

## די ערשטע מתנה.

פליהט עס אַזוי, דאָס אָרעמע נשמה'לע, נידעריג איבער דער לעבעדיגער וועלט. און זוכט מתנות פאַר די צדיקים אין גן־עדן. און עס פליהט אַרום און אַרום, איבער דערפער און שטעדט, וואו נאָר אַ שטיקעל ישוב, — צווישען ברענענדיגע שטראַלען אין די גרעסטע היצען; אין רעגען־צייט — צווישען טראָפּען און וואַסער־נאָדלען; סוף זומער — צווישען זילבערנעם שפּינוועבס, וואָס הענגט אין דער לופט, ווינטער צווישען די שנייעלעך, וואָס פאַלען פון דער הויך... און קוקט און קוקט, און קוקט זיך די אויגען אויס...

וואו זי דערזעהט אַ איד, פליהט זי האַסטיג צו און קוקט איהם אין די אויגען אַריין — צי געהט ער ניט מקדש השם זיין?

וואו עס לייכט זיך ביי נאַכט דורך אַ שפּאַלט פון אַ לאַדען,— זי איז דאָ און קוקט אַריין, צי וואַקסען ניט אין דער שטילער שטוב נאָטס שמעקענדיגע בלימעלעך — באַהאַלטענע מעשים טובים?

ליידער!... מעהרסטענטיילס שפּרינגט זי אָפּ פון אויגען און פענסטער, דערשראָקען און פאַרציטערט...

און אַז עס געהען ווייטער פאַרביי זמנים און יאָהרען, פאַלט זי כמעט אין אַ מרה־שחורה אַריין. פון שטעדט זענען שוין בית־עלמינ'ס געוואָרען. בית־עלמינ'ס האָט מען שוין אויף פעלדער צו־אַקערט; וועלדער האָט מען אויסגעהאַקט. פון שטיינער ביי וואַ־סערען איז זאַמד געוואָרען, טייכען האָבען דאָס געלעגער געביטען. טויזענטער שטערען זענען אַראָפּגעפאַלען. מיליאָנען נשמה'לעך זענען

ארויפגעפלויגען, — און זיין ליעבער נאָמען האָט זיך אַן איהר נישט דערמאַנט, און קיין אויסטערליש גוטס און שעהנס האָט זי נישט געפונען...

טראַכט זי ביי זיך:

„די וועלט איז אזוי אָרעם, די מענשען — אזוי מיטעלמעסיג און גרוי אויף דער נשמה, און די מעשים זייערע זענען אזוי קליין... ווי קומט צו זיי „אויסטערליש“? אויף אייביג בין איך נע־ונד און פארשטויסען!“...

נאָר ווי זי טראַכט אזוי, שלאָגט איהר אַ רויטע פלאַם אין די אויגען אריין, אין מיטען דער פינסטערער, שווערער נאַכט אַ רויטע פלאַם.

זי קוקט זיך אום — פון אַ הויך פענסטער שלאָגט די פלאַם...

גזלנים זענען אַ גביר באַפאַלען, גזלנים מיט מאַסקען אויף די פנימ׳ער. איינער האַלט אַ ברענענדיגען שטורקאַץ אין דער האַנט און לייכט; אַ צווייטער שטעהט ביים גביר׳ס ברוסט מיט אַ בליצענדיג מעסער און חזר׳ט איהם אלץ איינאיינעם איבער: „ריהרסט דו דיך, איד, איז דיין סוף! געהט דיר די שפיץ פון מעסער פון יענער זייט רוקען ארויס“!... און די רעשט עפענט קאַסטען און שרענק און רויבט.

און דער איד שטעהט ביים מעסער און קוקט געלאַסען צו... קיין ברעם איבער זיינע קלאָרע אויגען, קיין האָר פון דער ווייסער באָרד ביז צו די לענדען — ריהרט זיך נישט... נישט זיין זאַך... „גאָט האָט געגעבען, גאָט האָט גענומען, — טראַכט ער — געלויבט איז זיין הייליגער נאָמען!“ „מיט דעם ווערט מען נישט געבוירען און דאָס גיט מען נישט מיט אין קבר אריין“.—שעפטשען זיינע בלאַסע ליפען.

און ער קוקט גאַנץ רוהיג צו, ווי מען עפענט די לעצטע שופלאָד פון דער לעצטער קאָמאָדע און ווי מען שלעפט ארויס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טייערע כלים, — און ער שווייגט...

און אפשר איז ער זיי גאָר מפקיר!

נאָר פלוצלונג, אז די גזלנים טרעפען צום לעצטען באַהעלטעניש און ציהען ארויס אַ קליין זעקלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלט[illegible] — פאַרגעסט ער זיך, ציטערט ער אויף, צופלאַמט זיך

איהם די אויגען, ציהט ער אוים צום וועהרען די רעכטע האנט, וויל ער א געשריי טהון:

„ריהרט נישט!“

נאר אויפ'ן ארט פון א געשריי שפריצט ארוים א רויטער שטראל פון רויכערדיגען בלוט — דאס מעסער האט זיינס געטהון... עס איז דאס בלוט פון הארץ און שפריצט אויפ'ן זעקעל ארויף!

ער פאלט און געשווינד רייסען די גזלנים אויף דאס זעקעל — דא וועט זיין דאס בעסטע, דאס טייערסטע!

זיי האבען אבער א ביטערען טעות געהאט; אומזיסט בלוט פארגאסען — נישט קיין זילבער, נישט קיין גאלד און נישט קיין צי־רונג איז אין זעקעל געווען; גארנישט פון דעם וואס איז טייער און האט א ווערט אויף דער דאזיגער וועלט! עס איז געווען אביסעל ערד, ארץ־ישראל־ערד אין קבר אריין, און דאס האט דער גביר געוואלט ראטעווען פון פרעמדע הענט און אויגען און מיט זיין בלוט באשפריצט...

כאפט די נשמה א פארבלוטיגטען שטויב פון ארץ־ישראל־ערד און מעלדעט זיך דערמיט ביי דער פארטקע אין הימעל...

די ערשטע מתנה איז אנגענומען געווארען.

ג.

## די צווייטע מתנה.

— געדענק, — האט דער מלאך צוגערופען, פארמאכענדיג הינטער איהר די פארטקע פון הימעל — נאך צוויי מתנות!

— גאט וועט העלפען! — האפט די נשמה און פליהט פרעה־ליך צוריק אראפ.

די פרייד האט מיט דער צייט אבער אויפגעהערט. עס געהען ווייטער אוועק יאהרען און יאהרען, און זי זעהט ניט קיין אויסטער־ליש שעהנס... און עס באפאלען זי צוריק די טרויעריגע געדאנקען:

„ווי א לעבעדיגער קוואל האט די וועלט ארויסגעשלאגען פון גאטס ווילען און רינט און רינט ווייטער אין דער צייט. און וואס ווייטער זי רינט, מעהר ערד און שטויב נעמט זי אין זיך אריין; טריבער, אומריינער ווערט זי; וועניגער מתנות געפינט מען אויף איהר פאר'ן הימעל... קלענער ווערען די מענשען, דראבנער — די

מצוות, שטויביגער — די עברות; מעשים — נישט מיט'ן אויג צו דערזעהן!...

„ווען גאָט — טראַכט זי ווייטער — זאָל הייסען איבערוועגען מיר אַמאָל די מצוות מיט די עברות פון דער גאַנצער וועלט, וואָלט זיך אויך דאָס צינגעל קוים געריהרט, קוים־קוים געציטערט...

„די וועלט קאָן אויך נישט אַראָפּ און נישט אַרויף... זי איז אויך נע־ונד צווישען ליכטיגען הימעל און פינסטערען שאול תחתיה... און דער קטיגור מיט'ן סניגור וואָלטען זיך דאַריבער אייביג געראַנגעלט, ווי עס ראַנגלען זיך דאָ אייביג ליכט מיט פינסטערקייט, וואַרעמקייט מיט קעלט, לעבען מיט טויט...

„זי וויגט זיך די וועלט, און קאָן נישט — נישט אַרויף, נישט אַראָפּ, און עס וועלען דאַריבער אייביג זיין חתונות און גט'ן. ברית'ן און לויות, סעודות־מצוה און סעודות־הבראה... און ליעבשאַפט און האַס... אייביג, אייביג"...

פּלוצלונג וועקען זיך קולות פון טראָמפּייטען און הערנער...

זי קוקט אַראָפּ — אַ דייטשע שטאָדט (פאַרשטעהט זיך, אַ פאַרצייטישע), אַלערליי, אויסגעבויגענע דעכער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ פאַר'ן מאַגיסטראַט, און פול מיט פאַרשידענ־פאַרביג־געקליידטע מענשען איז דער פּלאַץ; פול קעפּ אין די פענסטער; מענשען ליגען אויף די דעכער אַרום, טייל זיצען רייטענדיג אויף די באַלקען, וואָס שטאַרען אַרויס ביי די ווענט אונטער די דעכער, פול געפּראָפּט זענען די באַלקאָנען...

פאַר'ן מאַגיסטראַט שטעהט אַ טיש, געדעקט מיט אַ גרין טוך מיט גאָלדענע פראַנזען און טראַלבען. ביים טיש זיצען די הערען פון מאַגיסטראַט, אין סאַמעטענע קליידער אויף גאָלדענע האָקלען, אין סויבעלנע היטלען מיט ווייסע פעדערען אויף בריליאַנטענע קנעפּ; אויבען־אָן זיצט דער פּרעזידענט אַליין, אַ פּרעסיגעה אדלער וועהט איהם איבער'ן קאָפּ...

און אַ זייט שטעהט געבונדען אַ אידיש מיידעל. נישט ווייט האַלטען צעהן קנעכט אַ ווילד פערד, און דער פּרעזידענט הויבט זיך אויף און לייענט פאַר'ן אידישען מיידעל אַ פּסק פון אַ פּאַפּיר, און ער ווענדט זיך מיט'ן פּנים צום מאַרק:

„אָט די אידין דאָ, די אידישע טאָכטער, האָט אַ שווערע זינה באַגאַנגען; אַ שווערע זינד, וואָס גאָט אַליין, ווי גרויס זיין באַרמ־

הארציגקייט זאל נישט זיין, וואלט איהר נישט געקאנט מוחל זיין...

„זי האט זיך ארויסגע׳גנב׳עט פון געטא און איז ארומגעגאנ־גען, אין אונזער הייליגען לעצטען יום־טוב, אויף אונזערע ריינע גאסען...

„און זי האט באפלעקט מיט איהרע אומפארשעמטע אויגען אונזער הייליגע פראצעסיע; אונזערע הייליגע בילדער, וואס מיר האבען מיט לויב־געזאנג און קעסעל־פויקען איבער די גאסען גע־טראגען...

„מיט איהרע פארשאלטענע אויערען האט זי איינגעזאפט דאס געזאנג פון אונזערע ווייס געקליידטע, אומשולדיגע קינדער און דאס קלאפען פון די הייליגע פויקען... און ווער ווייסט צי האט דער טייוועל, דער אומריינער טייוועל, וואס האט אויף זיך גענומען די געשטאלט פון דער אידישער טאכטער, פון פארשאלטענעם רב׳ס טאכטער, זיך נישט צוגעריהרט און נישט באפלעקט אונזער א ריי־ניגקייט?

„וואס האט ער געוואלט, דער טייוועל אין דער שעהנער גע־שטאלט? ווארים לייקענען קאן איך ניט — שעהן איז זי, שעהן, ווי נאר א טייוועל קאן זיך מאכען, — זעהט די חוצפה־שטראלענ־דיגע אויגען פון אונטער די צנועה׳דיג אראפגעלאזטע זיידענע ברע־מען... זעהט דאס אלבאסטער פנים, וואס איז אין דער לאנגער תפיסה נאר בלאסער, אבער נישט טונקעלער געווארען!... זעהט איה־רע פינגער, איהרע שמאלע, לאנגע פינגער פון די הענט; די זון לויכט דורך זיי אדורך!...

„און וואס האט ער געוואלט דער טייוועל? אפרייסען א נשמה פון דבקות אין דער פראצעסיע... און עס איז איהם געראטען״:

— זעהט דאס שעהנע מיידעל! — האט אויסגערופען אונ־זערער א ריטער פון איינער פון אונזערע שענסטע משפחות...

און דאס איז שוין געווען איבער דער מאס — האלעבארדני־קעס האבען זי באמערקט און געכאפט — ער האט זיך אפילו ניט געווערט, דער טייוועל — ווארים, ווי אזוי? ריין זענען זיי דא־מאלט געווען, אפגעריינינגט פון אלע זינד, האט ער אויף זיי קיין שליטה ניט געהאט...

און דאס איז דעם טייוועלס, אין געשטאלט פון דעם אידיש מיידעל, פסק:

„צובינדען זאל מען זי ביי די האר, ביי די לאנגע טייוולאנישע צעפ, צום ווײדעל פון אט דעם ווילדען פערד...

„זאל עס לויפען און שלעפען זי ווי „א הורג“ איבער די גאסען, וואס איהרע פיס האבען געטראטען געגען אונזער הייליגען געזעץ...

„זאל איהר בלוט באשפריצען און אפוואשען די שטיינער, וואס זי האט פאראומרייניגט מיט איהרע פיס“! —

א ווילד פרייד־געשריי האט זיך אויסגעריסען פון אלע מיילער ארום, און אז די פאליע פון די ווילדע געשרייען איז אריבער, פרעגט מען די פאר׳משפט׳ע צום טויט, אויב זי האט זיך ניט עפעס וואס צום לעצטען מאל צו ווינשען.

— איך האב, — ענטפערט זי געלאסען, — עטליכע שפילקעס בעט איך!

— זי איז דול פאר שרעק! — מיינען די הערען פון מאגיסטראט.

— ניין! — ענטפערט זי רוהיג און קאלט — דאס איז מיין לעצטער ווילען און פארלאנג.

מען האט עס איהר צוליעב געטאן...

— און אצינד, — קאמאנדירט דער פרעזידענט, — בינדט צו!

עס געהען צו האלבארדניקעס און בינדען צו מיט ציטערדיגע הענט דעם רב׳ס טאכטערס שווארצע לאנגע צעפ צום ווײדעל פון ווי ־עז פערדע, וואס מען קאן שוין קוים דערהאלטען...

— מאכט א ווארע! — קאמאנדירט ווייטער דער פרעזידענט צום עולם אויפ׳ן פלאץ, און עס ווערט א גערודער. דער עולם שטעלט זיך און דרינגט זיך צו צו די ווענט פון די הייזער, און אלע הויבען אויף די הענט, ווער מיט א בייטש, ווער מיט א שפיץ־רוט, ווער מיט א טוך אין דער האנט, און אלע זענען גרייט צו יאגען דאס ווילדע פערד, יעדערענס אטעם איז געשטיקט. אלע פנים׳ער פלאמען, אלע אייגען בליצען, און אין גערודער באמערקט ניט קיינער, ווי די פאר׳משפט׳ע בויגט זיך שטיל אראפ און שפילעט זיך צו די זוים פונ׳ם קלייד צו די פיס און שטעקט טיף, טיף אריין די שפילקעס זיך אין לייב — עס זאל איהר לייב ניט אנטפלעקט ווערען, ווען דאס פערד וועט זי שלעפען אין די גאסען...

באמערקט האט עס נאר די נע־ונד'ניצע — די נשמה...

— לאזט דאס פערד! — קאמאנדירט דערווייל ווייטער דער פרעזידענט. און די קנעכט זענען דערפון אפגעשפרונגען, און מיט אמאל האט עס זיך אויסגעריסען. און אויסגעריסען האט זיך אויך א געשריי פון אלע מיילער, און עס וועהען און פייפען אין דער לופט אלע ביימשען, שפיץ־רוטען און טיכער. און ווילד דערשראקען יאגט דאס פערד איבער'ן מארק, איבער גאסען און הינטער־גאסען ארויס, ארויס פון שטאדט...

און די נשמה, די נע־ונד'ניצע, האט שוין ארויסגעצויגען א פארבלוטיגטע שפילקע פון דער פאר'משפט'ערם פוס און פליהט שוין מיט איהר צום הימעל ארויף!

— נאך איין מתנה איינגאנצען! — טרייסט זי דער מלאך ביי דער פארטקע.

## ד.

## די דריטע מתנה.

און צוריק פליהט אראפ די נשמה, איינגאנצען נאך איין מתנה דארף זי.

און עס געהען ווייטער אוועק זמנים און יאהרען, און עס באפאלט זי ווייטער א מרה שחורה. די וועלט, דאכט זיך איהר, איז נאך קלענער געווארען... נאך קלענערע מענשען, נאך קלענערע מעשים... די גוטע ווי די שלעכטע...

איינמאל טראכט זי:

„ווען גאט, געלויבט זאל זיין זיין נאמען, זאל וועלען אמאל אפשטעלען און סוף כל סוף משפט'ן די וועלט, אזוי ווי עס איז, מיט אמאל... און פון איין זייט זאל זיך שטעלען א סניגור און שיטען פון ווייסען זאק ארויס שרעטעלעך און שטויבעלעך; און פון דער צווייטער זייט — דער קטיגור זאל שיטען זיינע פיצלעך און ברעקלעך, וואלט געדויערט און געדויערט איידער די זעק וואלטען לעדיג געווארען... אזוי פיעל קליינינקייטען, אזוי פיעל!

„אבער, אז די זעקלעך וואלטען שוין לעדיג געווארען, וואס וואלט געווען?

„דאס צינגעל וואלט געווים געבליבען שטעהן אין דער מיט!

„ביי אזוינע קליינינקייטען, ביי אזוי פיעל קלייניגקייטען קאן נאַרנישט איבערוועגען... ווארים וואָס? נאָך אַ פעדערל, נאָך אַ שטרויעלע, נאָך אַ פלעווע, נאָך אַ שטויב!...

„און וואס וואָלט נאָט געטון? וואָס וואָלט ער גע׳פסק׳עט?

„צוריק צו תהו ובהו? נישט: די עברות וועגען נישט איבער די מצוות...

„אויסלייזען? אויך נישט: די מצוות וועגען נישט איבער די עברות...

„וואס דען?

געה ווייטער! וואָלט ער געזאגט... פליח ווייטער צווישען גיהנום און גן־עדן, ליעבשאפט און האס, רחמנות׳דיגע טרערען און רויכערדיג בלוט... צווישען וויגען און קברים... ווייטער, ווייטער!“

דער נשמה איז אבער באשערט געווען אויסגעלייזט צו ווערען, פון די שווערע מחשבות — וועקט זי אַ קול פון פויקען...

וואו איז זי, ווען?

זי דערקענט נישט דעם אָרט, נישט די צייט...

נאר אַ פלאַץ פאר אַ תפיסה זעהט זי... אַן די אייזערנע גראַטען אין די קליינע פענסטערלעך ציהען זיך שפּילענדיג די שטראַלען פון דער זון... זיי גלימשען זיך אויך אַן די שטיקען פון צוזאַמענגעשטעלט געוועהר ביי דער וואנט. די סאָלדאטען האבען אין האנט אריין — ריטער באקומען...

אין צוויי לאַנגע שורות, מיט אַ שמאָלען דורכגאַנג אין דער־מיט, האט מען זיי אויסגעשטעלט: „דורך אַ סטרוי“ וועט מען טרייבען...

וועמען?

עפּעס אַ אידעל מיט אַ צוריסען העמד אויפ׳ן מאגערען לייב, מיט אַ יארמולקע אויפ׳ן האלב־געגאָלטען קאָפּ. אט פיהרט מען איהם צו.

פאַר וואס קומט עס איהם? ווער ווייסט, אַ פּאַרצייטישע זאך! אפשר פאר אַ גנבה, אפשר פאר אַ גזלה צי אַ רציחה, און אפשר אַ בלבול... עס איז דאך געווען פּאַרצייטען...

און די זעלנער שמייכלען און טראַכטען: נאָך וואס האט מען אונז אזוי פיעל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויס־האַלטען די העלפט!

נאר אַז שטופּט מען איהם צווישען די שורות אַריין, אַז געהט ער... און ער געהט גלייך און שטרויכעלט נישט און פאַלט נישט... ער לייזט שמיץ און האַלט זיי אויס...

אַ גרים־צאָרן כאַפּט אַן דאַמאַלט די סאַלדאַטען! ער געהט נאָך, ער געהט!

און די ריטער פייפען אין דער לופט ווי די רוחות און כאַפּען אַרום דעם לייב ווי די שלאַנגען. און דאָס בלוט פון מאַגערען גוף שפּריצט און שפּריצט, און הערט נישט אויף צו שפּריצען!

הו—האַ! הו—האַ!

אין מיטען טרעפט אַ סאַלדאַט צו הויך און וואַרפט דעם פאַר׳־משפט׳ן אַראָפּ די יאַרמולקע פון קאָפּ. נאָך עטליכע טריט באַ־מערקט ער עס, דער פאַר׳משפט׳ער... ער גיט זיך אַ ריהר, גלייך ער האָט אַ ישוב, און איז זיך מישב, און דרעהט זיך אום: ער וועט נישט געהן בגלוי הראש, און ער געהט צוריק ביז צום אָרט, וואו די יאַר־מולקע ליגט. ער בויגט זיך איין און הויבט זי אויף, און דרעהט זיך צוריק אויס אין געהט ווייטער, רוהיג, רויט פאַרבלוטיגט, נאָר מיט דער יאַרמולקע אויפ׳ן קאָפּ. אַזוי געהט ער, ביז ער פאַלט...

און אַז ער איז געפאַלען, איז צוגעפלויגען די נשמה און גע־כאַפּט די יאַרמולקע, וואָס האָט אַזוי פיעל אומזיסטיגע שמיץ גע־קאָסט, און איז אַרויף מיט איהר צו דער פאַרטקע פון הימעל.

און די דריטע מתנה איז אויך אָנגענומען געוואָרען!

און די צדיקים האָבען זיך פאַר איהם געמיהט: די טויערען פון גן־עדן האָבען זיך איהר נאָך די דריי מתנות געעפענט!

און דער „אורים ותומים" האָט געזאָגט:

— אמת שעהנע מתנות, אויסטערליש שעהנע... צוניץ קומען זיי נישט, גאָרנישט לתשמיש, אָבער לנוי — אויסטערליש.

# אַן אַפּקומעניש.

פאַרצייטיגע חסידים האָבן געוואוסט, ווער חיים־יונה־וויטעלס איז געווען. עס איז געווען צו זאָגן: דעם אַלטענס בעל־תפלה. כידוע, האָט מען נישט אַזוי לייכט צוגעלאָזט ביים אַל־טען צום עמוד, בפרט ראש־השנה ויום־כפור, און חיים־יונה־וויטעלס האָט טאַקע געדאַווענט ימים נוראים און ער איז עס ווערט גע־ווען: אַ איד אַ למדן, בנגלה און בנסתר, אָבער נאָר אַ שאַרפער למדן, און אַ ירא שמים — אַן אמת אָפּגעהיטענער איד, אפילו נאָך אַ יונגערמאַן, נאָר די תעניתים מיט די סגופים, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. וואָלטען גענוג געווען פאַר צעהן מנינים... און עברי האָט ער געזאָגט! פאַרשטעהט זיך, נישט אויפ׳ן חסידישען אופן, נאָר אַזוי עברי, אַ חתוך הדבור! אַ וואָרט פאַלט ווי אַ פּערל פון מויל, און אַ קול האָט ער געהאַט — רבונו של עולם, מען זעהט נאָר היינט אַזוינע בעלי תפלות נישט!

אַ קיימא לן האָבען מיר, אַז ביים „אַלטען" אין בית־המדרש האָבען געדאַווענט אַ ד׳ מאות... קיין בענק זענען נישט געשטאַנען. און דער גאַנצער חלל פון בית־המדרש איז געווען אָנגעפּראַפּט מיט מענשען. אַז עמיצען איז אינמיטען דרינען, ביי שמונה עשרה צי ביי תקיעות, צי ביי כהנים דוכנ׳ען, אַראָפּגעפאַלען דער טלית פון קאָפּ, האָט ער איהם שוין נישט אַרויפגעצויגען, אַרויסציהען אַ האַנט — מאַן דבר שמיה! און כפלים אויפ׳ן הויף. און אַ הויף איז געווען ביים אַלטען. — מען זעהט נאָר היינט נישט אַזוינע הייף. און פונ־דעסטוועגען, אַז חיים־יונה־וויטעלס האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול, האָט געקלונגען ווי אַ גלאָק אין די אויערען! האָסט דו געמענט שטעהן אין ווייטסטען ווינקעלע פון הויף, האָט עס דיר געקלונגען... חיים־יונה־וויטעלס זאָגט שוין בלחש, און ביי דיר אין אויער קלינגט נאָך — אַ מעשענע קויל קאַלערט זיך אין אויער! און היינט זיין

„בלחש“, דאס איז גאר געווען פלאי פלאים. ראכט זיך, דער קול האט זיך אראפגעלאזט ביז צו דער נידעריגסטער מדרגה. ער איז אזוי שטיל־זיס־וויינענדיג... טיילמאל דאכט זיך דיר, אז עפעס א קליין קראנק קינד אין וויג, וואס פאכט שוין מיט׳ן לעבען, רופט אזוי שטיל צו דער רחמנות׳דיגער מוטער: קום, קום, מאמע, העלף! און דעם שטילען, זיסען „בלחש“ האבען אויך געהערט אלע, אלע — דאס איז שוין קיין קונץ געווען! און צולאזט זיך חיים־יונה־ווייטעלס אין א „יעלה“ — רבונו של עולם! עס האט זיך געדאכט, די ווענט וועלען צוגעהן!

און צו דעם אלעם איז עס געווען א באשמעקטער מענש, א הדרת פנים — די שכינה, כביכול, האט אויף איהם גערוהט, אנ־געטון ווי א טאק. נישט, חלילה, פאר גאוה ווענען! זיין דרך איז אזוי געווען. א זיידענער קאפטאן מיט סטראקעס, א לייפסקער זייד־ענער גארטעל, און א שטריימעל, — האט עס געבלאנקט און גע־בליצט מיט די זילבערנע האר... און א בארד א שווארצע, א לאנ־גע; ביז׳ן גארטעל אריין א בארד. און פאות געקרייזעלטע, און אויף דער צורה איז געלעגען אויסגעגאסען די איינענע זיסע גבורת. וואס האט געשטעקט אין קול... און א פאר אויגען — מענשען האַ־בען געגאפט! נישט איינמאל פלעגט דער אלטער זאגען:

— אזא מענש דארף זיך היטען פאר אן עין הרע.

מיינט איהר דאך אודאי, ער האט געמיינט פראסט אן עין־הרע... אבער דער אלטער פלעגט קיינמאל נישט רעדען אזוי פראסט אין פשטות אריין... אן אנדער מין עין הרע האט ער געמיינט. פאר־צייטענס פלעגט זיך גאנץ אפט טרעפען, אז א פריצה, אן אלמנה, צי א ג־ושה, פלעגט פלוצלונג אריינפאהרען אין א שטעדטעל אריין, און מיט געוואלט אויפכאפען א איד פון גאס, פארשטעהט זיך, וואס שענער און געזינטער, און אוועקפיהרען צו זיך אין פאלאץ אריין, און נויטען צו זינדיגען, מיט גוטען, מיט בייזען. עס פלעגט זיך טרעפען, אז א איד איז נישט עומד בנסיון געווען און כאטש די פריצה פלעגט איהם, ס׳רוב, דערנאך ארויסווארפען, און ער פלעגט נעבעך, אהיים געהן און תשובה טון, תעניתים פאסטען, טון וואס מען האט געהייסען, האט עס דאך נישט שטענדיג געהאלפען... אזא שלעכט אויג האט דער „אלטער“ געמיינט...

געזאגט האט מען, אז חיים־יונה־ווייטעלס אידיש גרויסער זהיר,

אַז אין אַ יריד־טאָג, און אין אַזוי זונטאָג צי אין חגא קומט ער ממש נים ארויס מפתח ביתו, און פונדעסטוועגען, ווי עס ווייזט זיך ארויס, האָט דער „אַלטער“ רעכט געהאַט...

---

ויהי היום, חיים־יונה־וויטעלס דאַרף קומען אויף ראש־השנה, דאָס הייסט, ער דאַרף קומען כאָטש אכט טאָג פאַר ראש־השנה, וואָרים אַ מענש אויפ'ן וועג, ווי געוואָרענט ער וועט נישט זיין, איז עלול זיך צו פאַרקיהלען די גרגרת, בפרט חיים־יונה וויטעלס, וואָס האָט געהאַט אַ מהלך פון איבער צעהן מייל; און געהן פלעגט ער, פון שכר הליכה וועגען, צו פוס... דאַרף ער טאַקע קומען פריהער מיט אַ וואָך אָפּרוהען זיך, און אַזוי פלעגט ער שטענדיג טון. ער פלעגט קומען, ארומגעהן שטיל שווייגענדיג, מיט אַ גרויסער רויטער שאַל ארומגעוויקעלט דעם האַלז, און טאָג אויף טאָג שלינגען רויהע אייער, אַ האַלב שאָק איבער'ן טאָג אודאי... און די אייער האָט ער באַקומען פריש פון די הינער פון הויף, וואָרים אַ מפונק איז ער אויך געווען, אַז מיט וואָס עס איז פלעגט ער זיך קאַליע מאַכען דעם מאָגען. ויהי היום, חיים־יונה־וויטעלס דאַרף קומען. עס איז אכט טאָג פאַר ראש־השנה; עס געהט אוועק אַ טאָג, בלייבט זיבען; נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און מען הערט נישט, און מען זעהט נישט. טראַכט מען, עס מוז עפּעס זיין אַ סבה... הערט מען, אַז עמיץ פון יענער שטאָדט איז געקומען, עפּעס אַ בעל־הבית'ישער מענש, אַ האַלבער חסיד, געקומען געוואָר ווערען, צי עס איז עפּעס אַ דרך. ווערט מען געוואָר, וואו ער איז פאַרפאַהרען, לויפט חברה אין אכסניא אריין; שלאָפט ער. ליגט ער און כראָפּעט. כאַפּט חברה אַ פרישע קאַן וואַסער פון ברונעם און גיסט איהם אָפּ. שפּרינגט ער, דער איד, אויף, נישט טויט, נישט לעבעדיג: וואָס ווילט איהר, גזלנים?

פרעגט חברה אויף חיים־יונה־וויטעלס.

זאָגט ער, דער איד, נעבעך, און עס קלאָפּט איהם אַ צאָן אַן אַ צאָן, אַז חיים־יונה־וויטעלס איז שוין לאַנג ארויסגעגאַנגען פון דערהיים, ער האָט זיך מיט אַלע געזעגענט. עטליכע פון אנשי שלומנו האָבען איהם באַלייט פון שטאָדט ארויס ביז צום וואַלד. ביים וואַלד האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און גענומען אביסעל

משקה, ווי דער שטייגער איז. ער איז אויך דערביי געוועז. מען האט איהם קוים צוגעלאזט... דערנאך איז חיים־יונה־וויטעלס מיט'ן טלית ותפלין אריין אין וואלד אריין און חברה איז צוריקגע־גאנגען.

— ער איז ניט דא! — זאגט חברה.

— ווער? — פרעגט דער איד.

— משוגע ביסטו, מטורף? — ווארפט זיך אויף איהם חברה.

— ווילסט נאך א קאן קאלט וואסער? חיים־יונה־וויטעלס איז נאך נישט דא!

— אויב אזוי, — ענטפערט דער איד און ציטערט — האט ער אדער פארבלאנדזשעט, אדער ער איז קראנק געווארען אויפ'ן וועג אדער א חיה רעה...

— האלט ס'מויל! — שרייט די חברה. און עס בלייבט, מען זאל מודיע זיין דעם „אלטען". מודיע זיין... דעם „אלטען" האט מען נישט געדארפט מודיע זיין, נאר אזוי פאר דרך ארץ... לפנים דארף אלץ זיין על פי דרך הטבע. און — מען מוז זיך דאך ארומ־קוקען ווענען א בעל־תפלה...

זוכט מען אויס א גרויסען מקורב, ווארים קרוב לראש השנה איז מען צום „אלטען" מיט קיין עסקים נישט צוגעקומען... אזוי, אריין, אפנעמען „שלום־עליכם" און ארויס, אבער קיין שום מחזקות נישט... און אזוי ביז נאך הושענא־רבה. אזא מנהג איז שוין גע־ווען. נאר ביי אזא סבה! זוכט מען אויס א מקורב, שטעלט ער זיך איין. געהט ער צום „אלטען" אין חדר אריין, צומאכען אין גאנ־צען די טיר הינטער זיך, לאזט חברה נישט; עמיץ האט אריינגע־שטעלט א פוס, בלייבט א שפארע, און חברה שטעהט הינטער דער טיר און הערט אונטער.

הערען זיי, ווי דער מקורב געהט צו, — דער אלטער מאכט עפעס שטיל, דערנאך דערהערט מען דעם סוף פסוק: טרחכם, משאכם וריבכם... דערנאך א פאר ווערטער ווענען חשבון הנפש... אז דער גרעסטער און דער קלענסטער דארפען פאר ראש השנה מאַ־כען חשבון הנפש... און עפעס א משל למלך. וואס, האט מען נישט געהערט. ווייל סוף ימיו פלעגט דער אלטער רעדען גאר שטיל... שפארט מען נאך אביסעל אויף די טיר, זעהט מען, ווי דער אלטער זיצט, מיט'ן קאפ אראפגעלאזט אויף דער האנט, זעהר מיד ווי

ער איז שוין געווען ביז צו דער פטירה, די גרויסע ברילען אויפ'ן שטערן, די אַנדערע האַנט אויפ'ן זוהר...

— נו, הכלל, — מאַכט ער — וואָס ווילסטו?

דערצעהלט איהם דער מקורב, אַז, באשר בכן, חיים־יונה־וויטעלס איז נאָך נישט דאָ... דערנאָך, — אַז עס איז געקומען אַ איד פון דאָרט... און ער דערצעהלט איהם כהויה די מעשה פון דער אכסניא, און וואָס דער איד האָט געזאָגט... הערט ער אויס, דער „אַלטער“, און שווייגט. מען זעהט בחוש, אַז מען האָט איהם קיין נייס נישט דערצעהלט... דערנאָך האָט ער אָפּגעזיפצט; זעהט מען, אַז ער האָט קיין נחת נישט דערפון. זאָגט דער מקורב, — כלומר'שט פאַר זיך, נאָר אַזוי, דער „אַלטער“ זאָל הערען, — אַז חיים־יונה־וויטעלס איז אַ טאַטע פון קינדער, — זאָגט דער אַלטער: מן הסתם...

— און ווער — פרעגט שוין פּראָסט דער מקורב — וועט צוגעהן צום עמוד?

מאַכט ער דער אַלטער:

— שוטה, ער קאָן נאָך קומען!

און אַזוי ווי ער זאָגט עס אַרויס, פאַלט אַריין חיים־יונה־ווי־טעלס מיט אַ שמחה. חברה האָט איהם הינטער דער טיר אַ וואַרע גע־מאַכט. נאָר ער האָט ביי זיי קיינעם אפילו קיין שלום ניט גענו־מען, און אַריינגעלאָפען גלייך צום אַלטען, און דאָס פנים האָט איהם געשטראַלט פאַר שמחה און די אויגען האָבען איהם געלויכ־טען.

— רבי, — האָט ער אויסגעשריען — גאָט האָט מיר גע־האָלפען, כ'בין דאָ! אַ נס!

און דאָס קול ציטערט איהם פאַר פרייד.

נאָר דאָ איז געשעהן אַזוינס, וואָס זאָל שוין טאָקע קיינמאָל נישט געשעהן!

דער „אַלטער“ הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויף חיים־יונה־וויטעלס שאַרף, קאַלט און שאַרף. איך ווייס? אויף אַ קל שבקלים קוקט מען ניט אַזוי. און פּלוצלונג שטעלט ער זיך אויף מלא קומתו, גלייך אַ בוים וואָלט פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען פון דער ערד... פון שלום געבען — נישט צו רעדען, דער „אַלטער“ האַלט די האַנט הינ־טער זיך, און פּלוצלונג גיט ער אַ געשריי:

— גואף!

האָר און נעגעל האָבען זיך קאַפּויר געשטעלט, און חיים־יונה־וויטעלס, אזוי ווי ער איז געשטאַנען, האָט ער געגעבען א פאַל אויף דער ערד, גלייך עס וואָלט איהם פּלוצלונג א דונער געטראָפען.

דער עולם שטעהט אָפּהענטיג, און דער אַלטער זעצט זיך צו־ריק און זאָגט מיט זיין שטיל קול:

— נעמט איהם, טראָגט איהם אין בית־המדרש אריין, — מינ־טערט איהם אויף, און זאָל ער זיך פאַר אייך מתודה זיין...

און אזוי איז געשעהן...

---

אז חיים־יונה־וויטעלס איז אביסעל צו זיך געקומען און מען האָט איהם אַרויפגעזעצט אויף דער באַנק, איז עס שוין נישט געוועזען דער אייגענער חיים־יונה־וויטעלס... שוואַרץ ווי די ערד, די אויגען איינגעפאַלען און ברענענדיג, ווי אין א פיבער, אָדער, השם ישמרנו, ווי ביי א דבוק. און דעם קאָפּ מוז מען איהם אונטערשפּאַרען, אַניט שלאָגט ער זיך אָן דער וואַנט: אזוי ציטערט ער אינגאַנצען... און פון די ווייסע ליפּען רינט עפּעס א מין שוים, רחמנא יצילנו; און אז דער מענש עפענט די ווייסע ליפּען און וויל רעדען, איז עס שוין נישט זיין קול...

— רבותי, — שטאַמעלט ער מיט א גרויס געבעט, אז עס האָט דאָס הארץ געשניטען, — רבותי, איך בין קיין נואף נישט... און ער קוקט זיך אום, און זעהט, אז מען גלויבט איהם נישט. אין די אויגען זעהט ער, בעט ער זיך: — רבותי, פיהרט מיך צו צום ארון קודש!

ער וויל שווערען, — נו, קאָן מען איהם צולאָזען צו א שבועה, אז דער אַלטער האָט בפירוש געזאָגט... זאָגט חברה: „ווילסט דער־צעהלען, דערצעהל, נאָר אָהן שבועות"...

הויבט ער אָן דערצעהלען. דער קול ברעכט זיך איהם וואָס אַמאָל איבער, נאָר די אויגען, מיט וועלכע ער קוקט אַרום אויפ'ן עולם, בעטען זיך... ער דערצעהלט, — מויל און אויערען אויפצו־שטעלען!

אַרויסגעגאַנגען איז מאַקע חיים־יונה־וויטעלס פון זיין שטאָדט

צו דער רעכטער זייט, ווי יאָהר ביי יאָהר. גענומען טלית ותפלין, אביסעל צידה לדרך און געלאָזט זיך אין וועג אריין. דער איד אויף דער אכסניא האָט, נעבעך, עהרליך דערצעהלט: חברה האָט איהם באַלייט, געטרונקען לחיים, און קענען האָלבען טאָג, איז חיים־יונה־וויטעלס אוועק רעכטס מיט'ן וואַלד, און חברה איז צוריק אין שטאָדט אריין...

נעהט ער אזוי א שעה אנדערטהאַלבען, שטעלט ער זיך אָפּ און וויל מנחה דאַווענען. דעם וואַלד קען ער גוט, כמעט יעדען בוים, נאָר פאַרלאָזען זיך אויף טביעת עין וועגען „מזרח" וויל ער נישט. נעהט ער, וואו דער וואַלד ווערט ליכטיגער, און וויל אַרויס אויפ'ן פעלד, בכדי צו זעהן, וואו די זון לאָזט זיך אראָפּ צום אונטערגעהן. קומט ער אַרויס אויף א וועג צווישען וואַלד און פעלד, טוט ער א קוק אַרויף צום הימעל און בלייבט שטעהן: ער האָט נאָך אזא הימעל נישט געזעהן. אזא ברענענדיגען מערב נישט געזעהן. ממש א שטיק פייער, קוקט ער אזוי און איז מהרהר בתשובה; ער דערמאָנט זיך אן פייער פון גיהנום... און ער שטעהט אזוי, און איז מהרהר בתשובה, און הערט נישט, אז הינטער איהם איז שווערען זאמד פאָהרט א קאַרעטע... עס איז אן אָפענע קאַרעטע, אויבען אן איז געזעסען א יונגע פריצה... הינטער איהר — א יעגער, א מין קאָזאַקעל. ווי פאַרצייטענס דער שטייגער איז געווען; פון פאָרענט — אויך א יעגער, אויך א מין קאָזאַקעל, אחוץ א שמייסער מיט דריי פּאָר לייצען אין דער האַנט — דריי פּאָר פערד נאָשפּיץ. און אז ער האָט דערהערט, איז שוין געווען צו שפּעט, איז ער שוין געפאַלען דער פּריצה אין די אויגען אריין.

— שטעה, איד! — האָט זי א געשריי געטאָן, — שטעה באַשמעקטער מענש! און זי פאַרהאַלט די קאַרעטע.

מן הסתם איז חיים־יונה־וויטעלס נישט שטעהן געבליבען, כהרף עין איז ער צוריק אריין אין וואַלד, און לויפען לויפט ער פאַר זיך — פייל פון בויגען, מיט אַלע כחות... הערט ער אבער דער פּריצה'ס קולות... זי שיקט איהם נאָך די קאָזאַקלעך — שלעכט! זיי וועלען איהם דעריאָגען! האָט ער א ישוב און באַהאַלט זיך.

וואו באַהאַלט ער זיך?

אין יענע וועלדער זענען פאַראַן משונה'דיגע בוימער... הויכע, געזונטע בוימער, און די צווייגען וואַקסען ביי זיי אַרויס פון שטאַם,

ווי ביי אַלע בוימער, — נאָר — גבורת הבורא — אַז זיי קומען אַרויף ביז אַ געוויסער הויך, בויגען זיי זיך אויס ווי די פּיילען־בויגען, און וואַקסען קיילעכדיג צוריק אַראָפּ, ביז צו דער ערד, און וואַקסען אפילו טיילמאָל טיף אין דער ערד אַריין. שפּרינגט ער אַריין אין אַזאַ סוכה פון צווייגען, וואַרפט זיך מיט אַן אימפּעט אויף דער ערד און האָט אַ מערכה, וואָס ער פאַלט אויף אַ ווייכען מאַך... נאָר, ווען ער זאָל זיך אפילו געווען עפּעס טון, וואָלט ער אויך קיין קול נישט אַרויסגעלאָזט; ער האָט מורא אפילו הויך צו אָטע־מען; ער האָט פּחד, מען זאָל נישט הערען, ווי עס שלאָגט ביי איהם דאָס האַרץ, ווייל די קאָזאַקלעך לויפען אויף און אָפּ, קומען נעהנ־טער און דערווייטערען זיך, און רופען איינער צום צווייטען: האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ! ווי מען איז זיך נוהג אין וואַלד. נאָר שטי־לערהייט, אין צוגאָסענעם האַרץ, איז ער מתפּלל צום בורא עולם, ער זאָל איהם נישט ברענגען צו קיין נסיון... ווייל די פּריצה, דאָס האָט ער דערזעהן, איז געווען גאָר אַ יפה־פיה, אין אַן אָפּענעם סוי־בעלנעם פוטער, און פון פאַרענט האָבען איהר געבליצט בריליאַנטען, אַ מכשפה! — בעט ער זיך נעבעך: רבונו של עולם, צי עס איז אַ בשר ודם, צי אַ רוח, צי ווייס איך וואָס, זיי מיך מציל פון איהרע הענט...

און די הויט ציטערט אויף איהם, ווייל ער הערט, ווי די פּריצה שרייט און בייזערט זיך, פאַרוואָס מען געפינט איהם נישט. „איך וועל פון אייך, כלבים, די הויט אַפּציהען, און דאָס פלייש פאַר די הינט וואַרפען... אויף אַ פּאָל וועל איך אייך זעצען"... און ער פּרואווט זיך טרייסטען, אפשר איז עס, טראַכט ער, גלאַט אַ מרשעת, אַ שונא ישראל, וויל מיך כאַפּען און פּייניגען, אין תפיסה אַריינזעצען — איז ער מקבל אויף זיך דעם גזר־דין... אבי נישט קיין זינד! רבונו של עולם, אבי נישט קיין נסיון!

עס איז אָבער באַשערט געווען אַ נסיון... און אַז די פּריצה האָט געזעהן, אַז די קאָזאַקלעך געפינען נישט, האָט זי געהאַלטען אַ הונט אויף דער שויס, נעמט זי און לאָזט אַראָפּ דעם הונט, און דער הונט לויפט אין וואַלד אַריין, און שנאַפּט אונטער די בוימער, און האָט איהם דערשנאַפּט... און די קאָזאַקלעך זענען צוגעקומען, און האָבען תיכף ומיד אַרויסגענומען שטריק און האָבען איהם גע־בונדען און אַוועקגעטראָגען צו דער פּריצה.

— פאַרוואָס האָט איהר איהם געבונדען? — בייזערט זי זיך.

— ער האָט געביסען! — ענטפערען זיי און וואַרפען איהם דער פּריצה צופוסענס אין קאַרעטע אריין, און דאַ הויבט זיך אַן דער נסיון...

בשעת מעשה, אַז מען האָט איהם געכאַפּט און געבונדען, האָט חיים־יונה־וויטעלס אַ נדר געטאָן, די אויגען נישט צו עפענען, איהר אין פּרצוף אריין נישט צו קוקען... נאָר קול באשה איז אויך געגוג. ער פיהלט, ווי דער קול צוגעהט איהם אין אַלע אברים, ווי עס ווערט איהם היים אין אַלע גלידער. צו די קאַזאַקלעך האָט זי געשריגען; צו איהם, — ממש זי זינגט. זי וועט איהם — זאָגט זי זינגענדיג — אַליין אויפבינדען, און יעדען אָרט, וואו דער שטריק האָט זיך צוגעריהרט, וועט זי אויסקושען... זי וועט איהם פיהרען צו זיך אין פּאַלאַץ אריין... אַ גן־עדן וועט ער האָבען...

און די קאַרעטע פאָהרט צוריק, און זי בינדט און בינדט איהם אויף די שטריק, און דאָרט, וואו זי ריהרט זיך צו צו זיין לייב, יאָגט איהם אריין פון די פינגער אַ מין שמעקענדיגע וואַרעמקייט.

איז ער דאָך אָבער פאַרט חיים־יונה־וויטעלס, שטאַרקט ער זיך, פאַלט ער צו איהרע פיס, הויבט זיך אָן צו בעטען... זייער לשון האָט ער געקאָנט... בעט ער זיך:

— פּריצה, ליכטיגע פּריצה... גרויסע, ליכטיגע פּריצה, וואָס ווילסט דו פון מיר?

— איך וויל דיין גוטס, — זאָגט זי — איך געפעל דיר דען נישט?

— פּריצה, ליכטיגע פּריצה... וואָס טויג דיר אַ מיאוס'ער, קרעציגער איד (צייט ער לעבט האָט ער קיין שפּרינקעלע אויפ'ן לייב נישט געהאַט, נאָר ער וויל זיך פאַר'מאוס'ען). ציי איז דיין ערגסטער קנעכט דער פּאַסטוך, וואָס פּאַשעט דיינע חזירים, נישט שענער און נישט שטאַרקער פאַר מיר?

און זי לאַכט:

— ניין! שענער און באַשמעקטער פאַר דיר איז נישט דאָ! דיין אָטעם — זאָגט זי — ברענט מיך ווי אַ פייער... און זאָגסט [illegible] די אויגען עפענען...

און ער בעט זיך ווייטער:

— גרויסע ליכטיגע פריצה, איך בין א איד... און אונזער הייליגע תורה אסר'ט אזוינע זאכען... לאז מיר נישט פארלירען די וועלט און יענע וועלט...

זאגט זי, זי וועט איהם געבען מעהר ווי שני עולמות...

בעט ער זיך ווייטער:

— איך בין א איד און האב א ווייב א אידענע, און זעקס קינדער בחורים האב איך... צי דארף אזא גנעדיגע, גרויסע, ליכטיגע פריצה צונעמען ביי אן ארעמער אידענע א מאן, און ביי זעקס אידישע בחורים א טאטען — דו, וואס האסט פאלאצען און משרתים...

און זי האלט זיך ביים איהריגען:

— קוק אויף מיר! — זאגט זי כמעט מיט א געבעט...

און פאהרען פאהרט מען אלץ צוריק, און די פריצה גיט איינמיטען א באפעל:

— גאלאפ דורכ'ן שטעטעל!

פארשטעהט ער, אז מען קומט צו צו זיין שטעדטעל, אז די פריצה האט מורא, ער זאל נישט אראפשפרינגען... וועט ער טאקע — שטארקט ער זיך — מיט גאט'ס הילף אראפשפרינגען — עפענט די אויגען, צו זעהן, ווען אראפצושפרינגען...

— און דאמאלט — פארברעכט ער די הענט — האב איך זי נאך אמאל געזעהן... איהרע אויגען האבען מיך דורכגעברענט...

— און פונדעסטוועגען — שפרינגט ער אויף מיט א פלוצליכער גבורה — פונדעסטוועגען האב איך דעם יצר־הרע גובר געווען... איך בין נ י ש ט קיין נואף — און דער קול ווערט איהם אלץ שטארקער און שטארקער — אינמיטען מארק בין איך אראפגעשפרונגען... א נס איז מיר געשעהן, די פערד האבען זיך פאר עפעס דערשראקען און א כאפ געטאן אן א זייט... אניט וואלט איך ארונטער אונטער די רעדער... און דאס האב איך געוואלט, דאס איז געווען מיין...

און ער שטעלט זיך אויף, און די אויגען פלאמען איהם, און ער הויבט אויף די רעכטע האנט, ווי צו א שבועה, און וויל ווייטער

עפעס זאָגנו, מן הסתם שווערנו. נאָר באותו הרגע דערהערט זיך דעם „אַלטענס" קול:

— אבער ווייטער, וואָס איז ווייטער געשעהן?

---

בשעת ווען חיים־יונה־וויטעלס האָט זיך מתודה געוועז און דער עולם איז געשטאַנען ארום איהם, איז אריינגעקומען דער „אַל־טער", און קיינער האָט נישט געהערט. מענשען, וואָס ער איז גע־שטאַנען הינטער זיי, האָבען דערנאָך געזאָגט, אז טיילמאָל האָבען זיי געפיהלט, ווי עפּעס ברענט זיי אין די פּלייצעס. זיי האָבען אָבער קיין צייט נישט געהאַט זיך אומצוקוקען. אז מען האָט דערהערט דעם „אַלטענס" קול, האָט זיך תוך כדי דבור דאָס ראַד פאַר איהם גע־שפּאָלטען, און ער איז געהנטער צוגעגאַנגען צו חיים־יונה־ווי־טעלס.

— דערצעהל, דערצעהל ווייטער! — הייסט דער „אַלטער".

— ווייטער? וואָס ווייטער? — וואונדערט און שרעקט זיך חיים־יונה־וויטעלס. — ווייטער? די קאָרעטע מיט דער פּריצה, אפשר איז עס אַ מכשפה, אפשר אַ רוח געוועזן, איז אַוועק... די מארק־מענשען זענען געבליבען ווי פארשטיינערט. אנדערע האָבען אנגעהויבען צו מיר צוצולויפען, איך אָבער בין געשווינד אַהיים גע־לאָפען, און די טיר פארשלאָסען, און פון אינעווייניג די לאָדען פאַר־מאַכט, איך האָב קיינעם נישט געוואָלט זעהן... קיינעם נישט... די קינדער זענען אין דערהיים נישט געוועזן... נאָר טריינע־ביילע... אז זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי אַ ווילדען געשריי געטאָן... איך היים איהר שווייגען...

— שווייג, שווייג... אַ גרויס נס... נאָר אַ גרויס...

— וואָס, וואָס? — פרעגט זי מיך...

— געה, זאָג איהר!

קומט זי צו מיר צו, און עס כאַפּט מיך ארום אַ שמחה, אַ ווארעמקייט, כאַפּ איך ארום מיין טריינע־ביילע, און הויב אָן מיט איהר צו טאַנצען, און צו טאַנצען, און צו זינגען... רעדען קאָן איך נישט... על הנסים זינג איך... מיינט זי, איך בין משוגע, וויל זי ווייטער שרייען, האַלט איך איהר צו דאָס מויל...

— און וואס ווייטער? — פרעגט דער „אלטער" שוין מיט גוטען...

— רבי, הייליגער רבי! וואס ווייטער? איך זעה דאך, איהר ווייסט אלץ... איך האב געוואלט ארויסטרייבען דעם גאנצען יצר־הרע, גאר איינגאנצען... האב איך זי מחבק ומנשק געווען... ס'איז דאך מיין ווייב, מיין כשר ווייב... און די לאדען...

און דער „אלטער" האקט איהם איבער און רופט זיך אן:

— יא, חיים־יונה־וויטעלס... אבער בשעת מעשה האסטו די אויגען פארמאכט, און דאמאלט האסטו י ע נ ע געזעהן, י ע־נ ע... און א רגע כמימרא האסט דו זיך צו יענער מתכוין געווען... א רגע כמימרא... ניין?

חיים־יונה־וויטעלס איז פאר שרעק און צער שיעור נישט נאך אמאל אומגעפאלען.

— רבי, — מאכט ער — עס איז אמת... אמת... א רגע, נאר א רגע...

און דער „אלטער" הויבט אן שמייכלען...

— האסטו, הייסט עס, געזינדיגט א רגע מיט דער מחשבה... מיין בעל־תפלה האט א רגע געזינדיגט מיט דער מחשבה. וואס? און מחשבה איז נפש... און ווער דען זינדיגט, אז נישט דאס נפש? דער ג ו ף אפשר זינדיגט? דער עפר ואפר אפשר? וואס?

און חיים־יונה וויטעלס פאלט אנידער, און פאלט צו מיט די ליפען צום „אלטענס" פאנטאפעל:

— רבי! — שרייט ער צו איהם ארויף: — האט איהר שוין פאר מיר קיין תשובה ניט?

און דער „אלטער" בויגט זיך צו איהם אראפ, און הייסט איהם זיך אויפהויבען און זאגט איהם:

— נארעלע? ביסט נאך ווענינ אפגעקומען?... דאס האב איך דאך געמיינט!

— און אצינד — שלום עליכם! — און ער דערלאנגט איהם „שלום".

— און שכר הליכה — זאגט ער — וועסט דו אויך האבען, כאטש דו ביסט געקומען צופאהרען... דאס איז שוין מיין זאך!

ווי אזוי חיים יונה האט דאס מאל געדאווענט, קאנט איהר אייך משער זיין. אין די עולמות העליונים האט געקלונגען...

# זיבען גוטע יאָהר.

דאָס איז א געשיכטע, וואָס איז געשעהן אין טורבין.

אין טורבין איז געווען אמאָל א טרעגער, האָט ער געהייסען טוביה און איז געווען א גרויסער אָרעמאן. איינמאָל, דאָנערשטאָג, שטעהט ער אזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פאַרשאָרצט אונטער'ן שטריק אויף די לענדען, און קוקט אויס, פון וואַנען עס וועט קומען זיין הילף, ער זאָל פאַרדינען עפּעס אויף שבת. און דאָ שטעהען די געוועלבען אָרום און אָרום לעדיג. אין יוצא ואין בא, מען זעהט נישט, עס זאָל עמיצער קומען סחורה קויפען, עס זאָל זיין וואָס אָפּ־צוטראָגען. הויבט ער, נעבעך, אויף די אויגען צום הימעל מיט א געבעט, ער זאָל, חלילה, קיין פאַרשטערטען שבת נישט האָבען, און זיין ווייב סערעל מיט די קינדער זאָלען, חס ושלום, נישט הונגערען אום שבת.

ווי ער איז אזוי מתפּלל, דערפיהלט ער, אז עמיץ גיט איהם א ציה פאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעהט ער פאַר זיך א דייטשעל, אָנגעטאָן ווי א שיסער אין וואַלד, מיט א פעדער אויפ'ן קאַפּעלושעל און א גרינעם אויפלאַג אויפ'ן שפּענצער. און דאָס דייטשעל זאָגט צו איהם אויף ריין דייטש, וואָס מיר זעצען איבער אויף עברי־טייטש, מיט די ווערטער:

— הער, טוביה, דיר איז באַשערט געוואָרען זיבען גוטע יאָהר, זיבען יאָהר פון מזל און הצלחה, און אוצרות געלט. ווענדט זיך עס אבער אָן דיר, ווען דו ווילסט האָבען די גוטע יאָהר. ווילסטו,—וועט דיר אויפשיינען דיין מזל נאָך דעם היינטיגען טאָג, און איידער עס וועט אונטערגעהן די זון, וואָס שטעהט דיר איבער'ן קאָפּ, וועסטו קאָנען אָפּקויפען גאַנץ טורבין מיט דער סביבה, אבער נאָך זיבען יאָהר וועסטו צוריק ווערען אַן אָרעמאן, ווי דו ביסט געווען. און ווילסטו, — וועט די גוטע, געבענשטע צייט קומען ערשט צום

סוף פון דיינע יאהרען, און דו וועסט אוועקגעהן פון דער וועלט דער גרעסטער גביר.

געוועזען איז עס, ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען, אליהו הנביא, וואס האט זיך, ווי זיין שטייגער איז, אין א דייטשעל פאר־שטעלט. טוביה אבער האט געמיינט, אז עס איז, להבדיל אלף אלפי הבדלות, א פראסטער כשוף־מאכער, ענטפערט ער איהם:

— מיין ליעב דייטשעל, לאז דו מיך געמאך, ווארים איך בין, נישט פאר דיר געדאכט, א גרויסער עני ואביון, איך האב אויף שבת נישט, און איך האב דיר נישט מיט וואס צו באצאהלען פאר דיינע עצות מיט דיין טרחה.

אז דאס דייטשעל אבער האט איהם נישט אפגעלאזט און איי־בערגע'חזר'ט איהם די ווערטער איין מאל, צוויי מאל און דריי מאל, איז עס טוביה'ן שוין אריין אין קאפ, ענטפערט ער איהם:

— ווייסטו וואס, ליעב דייטשעל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר און ביסט נישט קיין לועג לרש, און דו פרעגסט מיך באמת, מוז איך דיר זאגען, אז איך בין מיך נוהג, ביי יעדער זאך, וואס קומט מיר פאר, זיך אן עצה צו האלטען מיט מיין ווייב סערעל און אהן איהר קאן איך דיר קיין קלארע תשובה נישט געבען.

זאגט איהם דאס דייטשעל, אז עס איז זעהר א גוטע זאך, זיך אן עצה צו האלטען מיט דער פרוי, און ראט איהם, ער זאל זי געהן פרעגען, און ער, דאס דייטשעל הייסט עס, וועט דא שטעהן און ווארטען אויף א תשובה.

טוביה קוקט זיך נאך אמאל אום אין אלע זייטען, קיין פאר־דינסט זעהט ער נישט, טראכט ער זיך, וואס ער קאן דא אנווערען, ער וועט אהיים געהן פרעגען. לאזט ער אראפ די פאלעס און געהט ארויס אונטער דער שטאדט, וואו ער האט געוואוינט, כמעט שוין אויפ'ן פעלד, אין א ליימען שטיבעל, איבערשמועסען זיך מיט סערעל זיין ווייב.

ווי סערעל האט איהם דערזעהן דורך די אפענע טיר (עס איז זומער געווען), איז זי איהם ארויסגעלאפען אקעגען מיט גרויס שמחה, זי האט געמיינט, אז ער ברענגט איהר אן התחלה אויף שבת, זאגט ער איהר אבער:

— ניין, סערעל, זיין ליעבער נאמען האט מיר נאך קיין פאר־

דינסט נישט באַשערט, דערפאַר אבער איז צו מיר געקומען אַ דייַ־טשעל...

און ער דערצעהלט איהר אַזוי און אַזוי, באשר בכן, דאָס דייַ־טשעל זאָגט, אַז עס זענען איהם באַשערט זיבען גוטע יאָהר, און עס ווענדט זיך אַן איהם, ווען די גוטע יאָהר זאָלען קומען, אצינד אָדער פאַר דער פטירה, פרעגט ער ביי איהר אַן עצה: ווען?

טראַכט סערעל נישט לאַנג און ענטפערט איהם:

— געה, מיין ליעבער מאַן, און זאָג דעם דייטשעל, אַז דו ווילסט די זיבען גוטע יאָהר אויף דער רגע!

— פאַרוואָס, סערעל? — פרעגט טוביה פאַרוואונדערט, — נאָך זיבען יאָהר, וועלען מיר דאָך ווערען צוריק אָרעמע לייט, און דעם יורד איז דאָך ערגער, ווי אַ פּראָסטען אָרעמאַן?

— פאַרזאָרג נישט, מיין ליעבער גוטער פריינד, די וועלט. דער־ווייל נעם, וואָס מען גיט דיר און זאָג: ברוך ה׳ יום יום! בפרט, אַז מען דאַרף חדר־געלט פאַר די קינדער. מען האָט זיי מיר אַהיים געשיקט, אָט זעה, ווי זיי שפּילען זיך אין זאַמד.

דאָס איז גענוג געווען, טוביה זאָל צוריק לויפען צום דייטשעל מיט אַ קלאָרער תשובה, אַז ער וויל די זיבען גוטע יאָהר תוך כדי דבור.

זאָגט איהם דאָס דייטשעל:

— רעכען נאָר איבער, טוביה, היינט ביסט דו אַ מענש מיט כח און קאָנסט פאַרדינען, אמאָל מעהר, אמאָל ווייניגער... וואָס וועט אבער זיין שפּעטער, אַז דו וועסט עלטער ווערען און וועסט זיין אַ יורד, און אַזוי פיעל כח צו דער אַרבייט וועסט דו אויך נישט האָבען.

ענטפערט טוביה:

— הער, דייטשעל, מיין ווייב סערעל וויל באַלד. ערשטענס, זאָגט זי, ברוך ה׳ יום יום און הייסט אויף שפּעטער נישט זאָרגען, און צווייטענס, האָט מען אונז די קינדער פון חדר אַהיים געשיקט...

— אויב אַזוי, — זאָגט איהם דאָס דייטשעל, — געה אַהיים, און איידער דו וועסט קומען אין שטוב אַריין, וועסט דו זיין אַן עושר!

וויל ער איהם פאַרט איבערפרעגען וועגען נאָך די זיבען יאָהר, איז איהם אבער דערוויל דאָס דייטשעל פאַרשוואונדען געוואָרען.

געהט ער, טוביה, אהיים. געוואוינט, האבען מיר שוין געזאגט, האט טוביה אונטער דער שטאדט, כמעט אויפ'ן פרייען פעלד. קומט ער צו, צו דער שטוב, זעהט ער. ווי די קינדער שפּילען זיך הינטער דער שטוב אין זאמד. געהט ער צו, דערזעהט ער, אז זיי שארען ארויס פון א גריבעל נישט קיין זאמד, נאר ריין גאלד, טאקע זהב טהור... פארשטעהט זיך, אז מעהר האט מען נישט געדארפט, עס האט בען זיך שוין אנגעהויבען די זיבען יאהר, די זיבען מזל'דיגע יאהר...

---

די צייט לויפט אבער פייל פון בויגען און זיבען יאהר געהען אריבער געשווינד. קומט נאך די זיבען יאהר דאס דייטשעל צו טוביה'ן, איהם אנצוזאגען, אז די זיבען יאהר זענען אריבער און אז היינט פאר נאכט וועט נעלם ווערען דאס גאלד אין דער ערד, דאס גאלד אין שטוב און אפילו דאס גאלד, וואס זיי האבען געקאנט באהאלטען ביי לייטען...

טרעפט ער טוביה'ן, ווי ער שטעהט אינמיטען מארק, ווי פאר זיבען יאהר, מיט די זעלבע פארשארצטע פאלעס אונטער די לענדען און קוקט אוים אויף א פארדינסט. זאגט ער איהם: הער, טוביה, די זיבען יאהר זענען אריבער!

ענטפערט איהם טוביה: געה, זאג מיין ווייב סערעל, ווייל דאס עשירות איבער די גאנצע זיבען יאהר איז געווען ביי איהר אין דער האנט.

געהען זיי ביידע ארוים אונטער דער שטאט און קומען צום זעלבען ליימענעם הייזעל אויפ'ן פעלד און טרעפען סערלען פאר דער טיר. און זי איז אויך ארעם געקליידט ווי אמאל, נאר איהר פנים שמייכעלט.

זאגט איהר דאס דייטשעל מיט די זעלבע ווערטער, אז די זיבען גוטע יאהר זענען אוועק.

ענטפערט זי איהם, אז זיי האבען קיין גוטע יאהר נאך נישט אנגעהויבען צו האבען, אז זיי האבען קיינמאל ניט געהאלטען דאס גאלד פאר זייער אייגענס, ווייל, וואס א מענש פארדינט מיט זיינע צעהן פינגער, דאס איז זיינס, און אזוי עשירות, וואס קומט אהן שוויים און אומגעזוכט, איז נאר א פקדון, וואס זיין ליעבער נאמען

לאזט איבער ביי מענשען אין די הענט פאר ארעמע לייטס ווע־גען... זי האט נאר פון נאלד אויף שכר למוד גענומען. דאס איז גאטס תורה, מעג מען פאר זיין תורה מיט זיין גאלד צאהלען, מעהר נישט! און אויב זיין ליעבער נאמען האט פון היינט אן א בעסערן בעל־פקדון פאר זיין גאלד, מהיכא תיתא, זאל ער צונעמען און אי־בערגעבען אן אנדערען!

אליהו הנביא האט עס אויסגעהערט און איז געלם געווארען. ער האט עס איבערגעגעבען דעם בית־דין של מעלה, און דער בית־דין של מעלה האט גע'פסק'עט, אז עס איז קיין בעסערער בעל־פקדון נישט פאראן, און די זיבען יאהר האבען זיך נישט אויס־געלאזט כל־זמן טוביה און זיין ווייב סערעל האבען געלעבט.

# די תאוה צו קליידער.

אין שעברשין, אונטער זאמאשז, איז אמאל געווען א אשה. האט זי געהייסען באשע גיטעל; איז זי געווען פון זעהר א שעהנער משפחה, אן אמת'ע בת־טובים און א חסיד'ס א ווייב. און דער חסיד, מיט'ן נאמען אלימלך, פלעגט זעלטען זיין אין דערהיים. ווייל ערשטענס איז ער א לייפסקער סוחר געווען, און, דאמאלטדיגע צייטען, איז א נסיעה קיין לייפסק געווען מעהר, ווי היינט א נסיעה מעבר לים, קיין אמעריקא, און צווייטענס פלעגט ער, כאטש איין מאל אין יאהר, פאהרען צום לובלינער צדיק. פאלט איין דעם בעל־דבר צו באנוצען זיך מיט דער צייט, שאין האיש בביתו, וואס דער מאן איז נישט דא אין דערהיים, אנצורעדען באשע גיטלען צו אן עברה.

ווייסט ער אבער, אז צו קיין גראבער עברה צורעדען וועט ער זי נישט. ווייל באשע גיטעל איז באמת געווען א כשר'ע נשמה און א גרויסע בקיאה אין די ספרים הקדושים אויף עברי־טייטש, און, אחוץ דעם, איז זי זעהר און זעהר געווארענט געווען אין די מצוות, אין וועלכע אן אשה דארף זיין געווארענט; איז ער זיך מישב און וויל איהר כאטש אריינברענגען א תאוה צו מלבושים מיט צירונג. ווארים דער חסיד אלימלך איז געווען א גרויסער עושר און פלעגט איהר געבען ביד רחבה ומלאה אויף הויז־פיהרונג.

אויך קומט ער, דער בעל דבר, צו איהר נים פראסט. ער ווייסט, זי וועט איהם פשוט אויסלאכען, חוכא וטלולא מאכען; ווייסט זי דען נישט, אז מלביש זיין און אויסצירען דארף מען די הייליגע נשמה, נישט דעם זינדיגען גוף, וואס איז פארט נישט מעהר, ווי קיין שפיי; היינט רויט, מארגען טויט... געהט ער, דער בעל־דבר, און פארשטעלט זיך פאר'ן יצר־טוב, און נעמט זי איין מיט גוטע, פרומע און זיסע ריידעלעך. ער מיינט טאקע לשם מצוה, לשם

שמים... און לעגט, ווי זיין שטייגער איז, די שמר'קיים אין דער יראה אריין.

— אט געהט, — זאגט ער — א הייליגער יום־טוב, פסח, זכר ליציאת מצרים, און זיין ליעבער נאמען האט דיך געבענשט מיט אלעם גוטען, איז, באשע גיטעל, א יושר, זאלסט לכבוד דעם הייליגען יום־טוב, באנייען א מלבוש! עס איז, אי א יושר, אי א מצוה: דער שניידער וועט פארדינען אויף פסח, און דו וועסט מקיים זיין ושמחת בחגך! וואס, ניין?

וויל באשע גיטעל האבען א ישוב. דערמאנט ער זי, אז די בני ישראל, איידער זיי זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, האבען זיי זיך געבארגט טייערע כלים, מלבושים און צירונג. צו וואס? רוימט ער איהר איין: טאקע לכבוד יום־טוב! לעגט זיך עס איהר אויף דער דעה, באקט זי אביסעל ווייניגער מצות, גרייט זי אן א קלענערען כיבוד, גיט אביסעל ווייניגער מעות־חטים און מאכט זיך א ניי בגד מיט א זילבערנעם שלאק. שבועות — זאגט ער איהר — איז נאך א גרעסערער יום־טוב, מתן תורה! קויפט זי זיך נייע פערעל. עס געהט צו סוכות, לאזט זי זיך איבערמאכען דאס שטערענטיכעל, איבערנעהען דאס ברוסט־טיכעל און קויפט צו א פאר ברילאנטלעך צו די אויררינגלעך... דערנאך זאגט ער איהר, אז זי איז נישט יוצא קעגען שבת־קודש, ווייל שבת־קודש איז גרעסער פאר'ן גרעסטען יום־טוב,—פאָלגט זי, און באמיהט זיך אויף יעדען שבת־קודש אויך עפעס צו באנייען, כאטש א קלייניגקייט — א זיידען טיכעל אויפ'ן קאפ, א פישו! ראש־השנה און הושענא־רבה, — ווי קויפט מען עס נים קיין נייע ווייסע אדער העל־בלויע בענדער? און פורים איז אויך א יום־טוב, חנוכה אודאי; א שפאס, א נס, וואס עס איז געשעהן! דערנאך קומט חמשה עשר בשבט, ל"ג בעומר... כאטש אין גלות, קיין ימים טובים פעהלען נישט!

היינט, אז דער מאן דארף אהיים קומען, איז דאך אודאי א מצוה, זיך אויספוצען אין עסיג און אין האניג, — א אשה כשרה, א אידישע טאכטער ברויכט נושא־חן צו זיין ביים מאן אין די אויגען... און בנוגע צו צירונג, האט ער, דער יצר הרע, באזונדערע טענות: באשע גיטעל פלעגט אמאל האבען א שווער טראגען, זאל זי זיך קויפען א שנירעל רוביגרלעך; דאס איז דאך, כידוע, א

גרויסע סגולה אויף א לייכט טראגנו. אויך — עטליכע אסמיראר־
לער, דאס, ווייסט דו דאך, איז א פראביר־שטיין פאר דער נשמה:
ווארים, ווער עס טראגט אזא שטיין און איז, חס ושלום, מזנה,
פלאצט ער, דער שטיין; און האט מען נאר א שלעכטע מחשבה,
פארטונקעלט ער זיך, כידוע... וועט זי נכשל ווערן אין א שלעכטע
מחשבה, וועט זי וויסן תיכף ומיד תשובה צו טון! הייגט איז
דאך איהר מאן אלימלך גאנצע חדשים אונטערוועגס, און עס קומט
איהר אויס צו מאכען חשבונות מיט סוהרים, פארוואס זאל זי נישט
האבען אויף זיך עטליכע סאפירלעך, וואס העלפען צו חכמה? באשיג
גיטעל איז טאקע א חכמה אזוי אויך, אבער וואס מעהר איז אודאי
געזינטער! און אזוי אנדערע שטיינער מיט אנדערע סגולות. און
דער עיקר דער שטיין פירט, וואס זי דארף טראגען, ווען דער מאן
איז אין דער היים, וויל דער אבן טוב גיט חן אין די אויגען, און
מען ווערט זעהר געליעבט, אז מען טראגט איהם...

מיט איין ווארט, ער האט זי ארויסגעפיהרט אויף א וועג —
זאל גאט שומר ומציל זיין! זי האט, וואס גאט גיט א טאג, אלץ
מעהר געזונקען און געזונקען אין דער תאוה. און אז דער בעל־דבר
האט געזעהן, אז ער איז זי שוין בייגעקומען, אז זי איז שוין אין
דער בחינה פון א גוטגעשליידערטען שטיין, וואס לויפט שוין אליין
בארג אפ מיט'ן כח פון ערשטען שטויס, נעמט ער און שטעלט
זיך שוין אוועק אן א זייט, און זי טוט זיך שוין אליין איהרס.
און איז מקמיץ אין צדקה, קארגט זיך און די קינדערלעך דעם ביסען
אין מויל אריין; די אינגלעך גיט זי איבער צו ערגערע מלמדים,
אבי עס זאל ביליגער קאסטען, און לעגט דעם גאנצען „האב און
גאב" אין מלבושים און תכשיטין אריין!

איז איהר נאך ווייניג, נעמט זי און שאפט־אפ די דיענסט, וואס
זי האט געהאלטען, און שלאגט איהר אריין אין חשבון אלע שא־
דענס, וואס זענען געוועזן אין שטוב, יא שולדיג, נישט שולדיג,
און נעמט צו, מכלומר'שט פאר רחמנות, אן ארעמע יונגע יתומה,
אן אויסגעהונגערט קינד, איהרס א נאהענטע קרובה אפילו, און
זאגט איהר, אז קיין שכירות וועט זי איהר נישט צאהלען; נאר דער־
פאר, אז עס וועט קומען די צייט, און עס וועט זיך טרעפען איהר
זווג, וועט זי איהר געבען נדן און מתנות, און פון זיך אראפ עטליכע
קליידער, און וועט זי אליין פיהרען צו דער חופה און אקענען טאג־

צען מיט א קוילימש... און נעמט דערווייל דאס שכירות פון דער יתומה און גיט אוים אויף איהר תאוה...

דער מאן איהרער, דער חסיד אלימלך, האט, פארשטעהט זיך, פון דעם אלעם נישט געוואוסט, און אזוי איז אריבערגעגאנגען א יאהר נאך א יאהר, ביז באשע גיטעל איז קראנק געווארען און האט נישט געקאנט ריהרען מיט א פוס.

זעהן זעהט אוים, אז עס איז מן השמים געווען, אז מען האט זי געוואלט ראטעווען, און דעריבער מאקע האט קיין שום רופא אויף דער וועלט זיך אויף דער קרענק נישט פארשטאנען. ווארים אזוי אין כלליות איז זי אויפ'ן גאנצען לייב געזונט און פריש געווען; כאחד הארם, געשלאפען, געגעסען, אלץ, אלץ! און אפילו אויף די פים האט זי קיין וואונד, קיין פלעק, אפילו קיין שפרענקעלע נישט געהאט, נאר ריהרען זיך האבען זיי זיך נישט געוואלט, בשום אופן נישט!

דאכט זיך, עס איז די בעסטע צייט, אויסגעהיילט צו ווערען פון דער תאוה? אז א אידענע קומט נישט, נישט אין גאס אריין, נישט אין שול אריין, ליגט אין דערהיים נאכאנאנד,—וואס טויג איהר קליידער און צירונג? פאר די פיער ווענט?

איז אבער די תאוה אין איהר אזוי שוין איינגעווארצעלט געווען, אז זי ריכט זיך אלץ אין איינעם, היינט־מארגען אויפצו־שטעהן פון בעט און מאכט זיך אלץ נייע און נייע קליידער, און קויפט אלץ, וואס מען ברענגט איהר אין שטוב אריין, און דער־ווייל הייסט זי זיך א פאר מאל אין וואך אויסלעגען די קליידער מיט דער צירונג אויף שטולען און בענק פאר'ן בעט, און זי ליגט אזוי און קוקט, און שעפט נחת דערפון... וואס קלערט איהר, די ארעמע יתומה האט געארבייט דערביי עבודת פרך...

איינמאל, מען לעגט איהר אוים די קליידער, דערזעהט זי פלוצלונג, אז איהרע שענסטע מלבושים, די סאמעטענע און זייד־ענע, זענען אויסגעפלעקט, אויסגעשמירט פון אלערליי מאכלים און משקאות, און אויף טייל ערטער — נאך פארטשעפעט און צו־ריסען. מאכט זי א געוואלד, אז עס קומען זיך שכנים און שכנות צולויפען אויף איהר געשריי און מען זעהט די צרה און עס בלייבט במוסכם כלם, אז קיינער איז אין דעם נישט שולדיג, נאר די יתומה, אז „דאס שטילע וואסערל", מיט'ן יראת שמים פנים'ל, וואס מען

הערט נישט איהר קול א גאנצען טאג, וואס קומט נישט, אויסער אז זי געהט אין שליחות, אין גאס אריין, — אז „דאס שטילע וואַ־סערל רייסט די ברעגעס", און טוט זיך בייגאַכט אן דער בעל־הבית'טעס קליידער, און גנב'עט זיך ארויס, און געהט אין די גוטע הייזער, וואו מען פרעסט און זויפט און מען טוט אלדאס בייז...
א קשיא אויף היינטיגע צייטען! — ווארים דאמאלט פלעגט מען אויך זאגען „היינטיגע צייטען", אפנים, אז די וועלט ווערט וואס אמאל ערגער! — נעמט מען די יתומה, וואס וויל זיך נישט מודה זיין, און מען זידעלט זי מיט אזוינע ווערטער, וואס מען דאַרף פאר'ן מויל נישט ברענגען, בפרט שרייבען, און מען שלאגט זי און מען הרג'עט זי. דערנאך פיהרט מען זי צום רב, און מען זאגט עדות אזוי און אזוי, אז קיינער נישט נאר זי; און והא ראיה — זי זעהט אזוי דאר און מאגער אויס, ביי אזא גוטס, ביי אזא גבירה, ביי א קרובה... על כן מוז זיין, אז זי שלאפט נישט גאנצע נעכט און טרינקט און זויפט און טוט כל העברות שבעולם... נעמט מען די יתומה און מען גאלט איהר אפ דעם קאפ, מען זאל זי מאוס מאַ־כען, עס זאל שוין קיינער אין איהר נישט נכשל ווערען און מען טרייבט זי ארויס פון שטאדט, מיט א געלויפעריי און געפייפעריי, ווי דאמאלט דער שטיינער איז געווען.

---

אין דער צייט איז דער חסיד אין דערהיים נישט געווען, ער איז געזעסען אין לובלין ביים צדיק און האט נישט געוואלט אפטרע־טען בשום אופן, באשר בכן — ער מוז איהם געבען א רפואה שלמה פאר באשע־גיטעל זיין ווייב.

זאגט איהם דער צדיק: ווייסט דו וואס? פאהר אהיים און קום צוריק מיט דער פלונית'טע. דער מיין פון די ווערטער איז גע־ווען אזוי: דער צדיק האט שוין א פאר מאל מתפלל געווען פאר דער אשה און עס האט נישט געהאלפען און דערצו איז דער לובלי־נער צדיק נישט געוואוינט געווען. ערגער נאך טיילמאלס האט ער געפיהלט, אז מען נעמט דארט די תפלה און מען ווארפט זי איהם צוריק אראפ אין קאפ אריין. האט ער פארשטאנען, אז עס מוז זיין א גרויסע מניעה, א שטארקער קטרוג ווענען א גרויסען חטא. א פאר מאל האט ער דארט געפרעגט: ווי הייסט? האט מען איהם

פּשוט נישט געענטפערט! מוז שוין זיין גאָר אַ טיפער ענין, אַ מאָוס'ע זאַך, וואָס מען וויל נישט ברענגען איבער'ן מויל... און דער חסיד אלימלך ווייסט פון גאָר נישט! און אַזוי ווי דער לובּלינער צדיק איז געווען אַ גרויסער בקי אין חכמת הפּרצוף, האָט ער זי געוואָלט זעהן עין בעין... ווערט ער שוין זעהן, וואָס ביי דער אשה איז אויפגעשריבען אויפ'ן שטערן.

פאָהרט אלימלך דער חסיד אהיים, און דינגט אַ גרויסע בויד, און בעט אויס די בויד, ווי אַ בעט: אונטען שטרוי, אויבען שטרוי — כרים וכסתות, און מען פאָהרט מיט צוויי פּאָר פערד אין דער ברייט קיין לובלין.

אין איזשביצע, אין קראַסנאַסטאַוו און נאָך ערגעץ אין אַ שטעדטעל וואַרטען גרייט פרישע פערד צום איבערשפּאַנען, ווייל מען קאָן נישט נעכטיגען מיט דער חולנית אויפ'ן וועג, און מען וויל אָנקומען קיין לובלין בכי טוב.

פאָהרט מען. נאָך דער לעצטער סטאַנציע אָבער פאַלט פּלוצלונג אָראָפּ אַ שניי, פאַרלירט מען דעם וועג, פאַרבלאָנדזשעט מען אין אַ וואַלד, נישט אויס און נישט איין, און עס פאַלט צו די נאַכט —כאַטש נעם די אויגען אין די הענט און זוך אַ וועג: קיין לבנה, קיין שטערען... טראַכט מען, מען וועט בלייבען שטעהן און אָפּוואַרטען ביז טאָג, איז אָבער די שרעק גרוים פאַר גזלנים מיט חיות רעות, ווייל דאַמאָלט איז נאָך געווען סאַמע געדיכטער וואַלד אין דער געגענד, בוימער עד לב השמים און צוזאַמענגעפלאָכטענע צווייגען, אַז ביי טאָג איז חשך געווען, האָבען זיך טאָקע געהאַלטען דאָרט גזלנים און חיות רעות, און ביי נאַכט איז גאָר געווען סכנת נפשות.

ראַפּטום ווערען זיי דערפרעהט. פון דער ווייטענס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזען אַ פייערל און דאָס פייערל וואַקסט, און עס באַווייזט זיך אַ צווייט און אַ דריט פייערל — אַ סימן, אַז נישט ווייט מוז זיין אַ קרעטשמע. פאָהרט מען צו דעם פייערל. מען פאָהרט אַזוי, דערהערט מען כלי־זמר שפּילען, און אויך אַ גרוים געלעכטער; קומט מען נעהנטער — הערט מען אַ געטופּעריי, מען זינגט, מען שפּילט און מען טאַנצט אין קרעטשמע! באַלד האָט זיך די קרעטשמע אַליין אויך באַוויזען — עס פלאַקערען די שויבען. וואָס קאָן זיין די שמחה? מן הסתם זענען זיך פּריצים צוזאַמענ־

געקומען און מען הוליעט אויפ'ן פריצישען אופן! עס איז אפילו א סכנה צוזאמענצוטרעפען זיך מיט אזוינע לייט בשעת חדותא. נאר אלץ בעסער, ווי מיט חיות אדער גזלנים אין וואלד! פאר־פאהרט מען פאר דער קרעטשמע, הערט מען שוין בעסער; עס איז נישט קיין פריצים, די כלי־זמרים שפּילען אידישע זאכען, אלער־ליי שטייגערס... און א מארשאליק איז משמח דעם עולם מיט גראַ־מען און רופט אויס צו כלה־טאנץ!... וואס זאל איך אייך זאגען, דעם חסיד מיט דעם בעל־עגלה איז פינסטער געווארען פאר די אויגען, די מוטערס מילך איז אין זיי גערונען געווארען! זיי האָ־בען באלד פארשטאנען, אז דאס זענען יענע לייט. וואס פלעגען יענע צייטען, איידער מען האט אויסגעהאקט די וועלדער, שפּילען חתונות אין פארוויסטע קרעטשמעס... זאגט אלימלך צו זיין ווייב באשע־גיטעל: הערע, באשע־גיטעל, מיר זענען אריינגעפאלען אין מאוס'ע הענט... געדענק־זשע, למען השם, אז מען טאר זיי נישט ענטפערען, נישט אננעמען פון זיי קיין כבוד, אפילו נישט חס ושלום, פארזוכען, ווייל מען ווערט באלד נזוק. באשע־גיטעל ליגט נישט טוים, נישט לעבעדיג און שאקעלט מיט'ן קאפ, אז זי ווייסט... און געוואוסט האט זי טאקע, פון די ספרים הקדושים אין עברי־טייטש.

דערווייל שיטען זיך ארויס פון קרעטשמע די מחותנים מיט די מחותנת'טעס, מיט'ן בדחן, מיט די כלי־זמרים, מיט ברענענדיגע שטורקאצען און רינגלען ארום די בויד, און הויבען אויף דעם דעק, און הייסען זיך זאגען „מזל טוב", און פארבעטען אין קרעטשמע אריין אויף דער חתונה... מחותנים בעטען, מחותנת'טעס, און חתן־כלה קומען אויך צו און בעטען מיט שעהנע רעד, מען זאל זיי נישט פארשעמען, און דער בדחן זאגט גראמען און גלייך־ווערטלעך, און די מוזיק שפּילט צו, אז עס הילכט אין גאנצען וואלד, און משרתים און סארווערס טראגען ארויס אויף זילבערנע טעצלעך אין קרים־טאלענע און גאלדענע כוסות אלערליי משקה און אלערליי לעקעך און טארטען, און מען שטופּט זיי צום מויל צו: נאט, נעמט, מאכט ברכה, זיים אייך משמח!

און זיי ענטפערען נישט א ווארט.

פלוצלונג אבער גיט באשע־גיטעל א קוק, דערזעהט זי, אז די נשים פון דער חבריא, די כלה, די מחותנת'טעס און אזוי נשים־געסט, טראגען איהרע בעסטע סאמעטענע און זיידענע קליידער,

און פארגיסען זיי מיט משקה, פארשמוצען מיט אלערליי עסענ־
ווארג, און פארטשעפען אן וואגען... באפאלט זי א גרייליך הארץ־
ווערטאג, און קאן זיך נים איינהאלטען און גיט א געשריי:

— רוצחים, גזלנים, מיין פראצע, מיינע קליידער!

מעהר האט מען נישט געראפט; מען האט זי קוים דערפיהרט
קיין לובלין. אויפ'ן גאנצען וועג האט זי גע'חלש'ט און גע'חלש'ט
און גע'חלש'ט, און דאס מויל רחמנא לצלן, האט זיך איהר אויס־
געקרימט... נוטה למות איז זי געווארען...

מען האט זי קוים א לעבעדיגע אריינגעפיהרט צום רבי'ן, און
ער האט באלד פארשטאנען די זאך, און האט געזאגט דעם עולם,
מען זאל זיך אראפנעמען א מוסר, ווארים א אידישע טאכטער,
אויב זי מאכט זיך נייע מלבושים, דארף זי די אלטע צוטיילען
ארעמע לייט, בפרט טאר מען זיך נישט מאכען קיין קליידער, וואס
מען קאן נישט טראגען. ווארים, אז עס הענגען אין אלמער קליידער,
וואס מען נוצט נישט, קומען ביי־נאכט יענע לייט און נעמען זיי
ארויס און טוען זיך אן די קליידער און טאנצען אין זיי אויף זייערע
שמחות און חתונות...

ווי באשע גיטעל האט דאס דערהערט, האט זי מצדיק געווען
אויף זיך דעם דין, און אנגענומען פאר ליעב דעם טויט, און האט
נאר געבעטען, ער זאל אויף איהר מכפר זיין! און דאס האט איהר
דער צדיק צוגעזאגט!

נאהנט פאר דער פטירה, האט זי צוגערופען איהר מאן, דעם
חסיד אלימלך, און האט איהם דערצעהלט די מעשה מיט דער
יתומה, און גענומען ביי איהם א האנט תקיעת־כף, אז ער וועט
זי אויפזוכען, און נעמען זי פאר א מאמע צו זיינע קינדער, כדי
מען זאל איהר מוחל זיין דעם חטא געגען איהר — — —

און דער חסיד אלימלך האט געטאן איהר בקשה, און באלד
נאך שבעה אויפגעזוכט די יתומה און האט מיט איהר חתונה גע־
האט, און איז געווען א מאמע צו זיינע קינדער, די יתומים, און
זיי האבען נאך זוכה געהאט צו האבען נייע קינדער, און האבען זיי
מגדל געווען לתורה, לחופה ולמעשים טובים.

אויף אלע אידען געזאגט!

## אַראָפּגעלאָזטע אויגען.

1.

גאָר. גאָר פּאַרצייטען, האָט עטליכע מייל אונטער פּראַג, גע־וואוינט אין אַ דאָרף, איינער אַ איד, אַ געוויסער יחיאל־מיכל, וואָס האָט געהאַלטען די קרעטשמע אין דאָרף.

און דער פּריץ איז נישט געווען קיין פּראָסטער פּריץ, נאָר אַ שם־דבר — אַ גראַף. האָט טאַקע יחיאל־מיכל געהאַט פּרנסה בשפע. ווי מען זאָגט: מיט אַ שמיץ; און איז געוואָרען אַ גאַנצער „יש“— אַ בעל־צדקה, אַ מכניס־אורח. און ימים־נוראים, אַז ער פּלעגט אַריינפאָהרען קיין פּראַג, לאָזט ער זיך קאָסטען אין שטאָדט. און קיין עם־הארץ איז יחיאל־מיכל אויך נישט געוועזען, ווערט ער אַ שטיקעל איינגעהער ביים רב און ראש־ישיבה, קויפט ער ביי איהם אתרוגים, מצה־שמורה וכדומה... בעט ער ביי איהם בנים זכרים אויך. זעהט אָבער דער ראש־ישיבה ברוח־הקודש, אַז דעם איד איז נישט באַשערט קיין נחת פון קינדער, און בנים זכרים, פון וועלכע מען האָט קיין נחת נישט, איז טאַקע „טוב להם שלא נבראו“, — זאָלען זיי בעסער אויף דער וועלט נישט קומען. זאָגט ער איהם פּשט־פּשוט אָפּ. פאַלט יחיאל־מיכל אַריין אין עצבות, טרייסט ער איהם און זאָגט איהם: „דערפאַר, יחיאל־מיכל, אַז גאָט וועט דיר העל־פען, און וועסט אָנקלייבען נדן כרבעי, און וועסט קומען צו מיר און בעטען, וועל איך דיר אויסקלייבען אַן איידעמעל, אַז דו וועסט קיין חרטה נישט האָבען!“

נו, פאָהרט ער אַהיים אַביסעל געטרייסט. צוויי מיידלעך האָט ער, מאַכט ער זיך אַ קניפּעל אויף נדן, פריהער פאַר דער עלטערער, דערנאָך פאַר דער אינגערער. מילא — איידעמס בני־תורה איז אויך נישט קיין שפּאַס.

יאַמעלט ער, און גאַט העלפט. און אַז ער קומט צו די ערשטע חמש מאות טאַלער, זאָגט ער צו דבשה'ן זיין ווייב:

— עס איז געקומען די צייט, חתונה צו מאַכען אונזער עלטערע טאַכטער נחמה.

זאָגט דבשה, אַז עס איז זעהר גלייך. און מען רעכענט: דריי מאות נדוניא און שתי מאות אויף הלבשה און מתנות פאַר חתן־כלה, חתונה־הוצאות, רח"ש וכדומה... און אַ כעודה פאַר אָרעמע לייט וועט מען מאַכען — פראַגט זאָל געדענקען!

נישט אַזוי אָבער געשווינד טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. עס מאַכען זיך, ווי דער שטייגער איז, מניעות. דער פריץ שיקט אַהין, שיקט אַהער; דערווייל מאַכען זיך שנייען און פאַרשיטען די וועגען; זומער־צייט פאַלען רעגענס; קומט גאַר אַן חגא, קאַן מען די קרעטשמע נישט פאַרלאַזען... מיט איין וואָרט: נישט אַזוי געשווינד מאַכט זיך עס, און דערווייל, ווי דער שטייגער איז: אַ מענש דענקט און גאַט לענקט...

2.

נחמה, דעם אָרענדאַרס עלטערע טאַכטער, איז אפילו זעהר ווערט צו באַקומען אַ חתן פון פראַגער ישיבה: אַ מיידעל — אַ גאָלד, אַ גוטע נשמה, אַ שטילע. די גוטקייט קוקט איהר פון די שטילע אויגען אַרויס, און זי לאָזט זיך מדריך זיין, טאַקע: וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט און אַלע גוטע פרומע לייט, וואָס שטעלען זיך אָפּ אין קרעטשמע הייסען... זי נעמט חלה מיט כונה, בענשט שוין שבת־ליכט, זאָגט שוין עברי־טייטש ווי אַ וואַסער, מיט איין וואָרט: זי איז ווערט די חופּה־שטאַנגען...

זי איז ווערט, וועהרענד ביי דער אינגערער טאַכטער שניידט זיך אַביסעל אין דער קרים. קיין שלעכטס, חס ושלום, נישט; נאָר אַזוי: עפּעס אַ משונה'דיגע בריאה, אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַר־חלום'טע. אַלץ פאַלט איהר פון די הענט... טיילמאָל לאָזט זי אַראָפּ די ברעמען און געהט אַרום מיט אַ בלאַס פּנים ווי אַ קרייד, ווי אויף'ן עולם הדמיון; רופט מען זי — גלייך מען וואָלט זי פון יענער וועלט אַראָפּגערופען, ציטערט זי און פאַלט ממש פון די פיס...

און אמאל גיט זי א קוק אויף א מענשען מיט אזוינע אויגען. מיט אזוינע שטארקע און שטעכענדיגע אויגען, אז עס ווערט פשוט נישט היימליך!

און א התחלה פון מדות מגונות אויך: עס איז זי נישט אפ־צורייסען פון קרעטשמע. בפרט ביי נאכט, ווען מען שפילט און טאנצט. גאנצע נעכט וואלט זי געזעסען און די אויגען זיך אויסגע־קוקט, ווי די יונגע פויערען שטיפען מיט די שיקסעס, טאנצען א ראד, א שווינדעלדיג ראד, און זינגען אריין זייערע געזאנגען, אז די קרעטשמע הילכט און ציטערט...

און נעמט זי אריין איבער געוואלד אין אלקער, און מען לעגט זי שלאפען מיט נחמה'לען אין בעט, ליגט זי מכלומר'שט מיט פאר־מאכטע אויגען, ביז יענע שלאפט איין. קוים שלאפט יענע איין, שפרינגט זי אראפ פון בעט, זומער און ווינטער, בארוועסערהייט, און קוקט אריין דורכ'ן לאך פון שליסעל, דורך א שפארע אין טיר, צי אין פריישישען ווענטעל. טרעפט זי די מוטער, און רייסט זי אפ, ברענט איהר דאס לייב ווי אין א פיבער און די אויגען שפרי־צען מיט פונקען, אז דבשה דערשרעקט זיך און לויפט צוריק אריין צו יחיאל־מיכלען און דערצעהלט איהם.

— מען זאל קאנען פריהער חתונה מאכען די אינגערע! — זיפצט יחיאל־מיכל.

— מען דארף עמיצען פרעגען! — ענטפערט דבשה.

דערווייל מאכען זיך ווייטער מניעות, ביז עס טרעפט זיך אזא מעשה:

## 3.

דער פריץ פון דארף, דער גראף, הייסט עס, האט געהאט א זוהן א בן־יחיד. האט ער איהם אויפגעצויגען אין פאריז, ווי דא־מאלט דער שטייגער איז געווען ביי גרויסע פריצים. קומט ער צו־פאהרען איין מאל אין יאהר אויף א קורצע צייט, אויף וואקאציע, זעהט מען איהם אויך נישט: א יונגער פריץ, רייט ער ארום טעג און נעכט אין די וועלדער אויף געיעג. די פעלעכלעך פון די האזען און אנדערע חיות קריגט יחיאל־מיכל פון קיך ארוים בחצי חנם.

מאַכט זיך איינמאָל אַבער אַ גרויסע היץ — פייער איז גע־פלויגען אין לופטען; רייט ער דורך איבער'ן וועג ביי דער קרעטש־מע, פאַלט איהם איין; שפּרינגט ער אַראָפּ פון מילך־ווייסען פערד, בינדט עס צו צו דער צוים, און שפּרינגט אַריין אין קרעטשמע, און הייסט זיך געבען אַ גלאָז מעד.

דערלאַנגט איהם יחיאל־מיכל מיט ציטערדיגע הענט אַ גלאָז מעד. נעמט דער יונגער פּריץ צום מויל און גיט אַ זופּ, און פאַר־קרימט זיך; ביי זיין פאָטער אין קעלער איז פּאַראַן, אפנים, בע־סערער מעד, גאָט ווייסט ווי אַלט ער איז. ער וואָלט אפשר דער־לאַנגט מיט'ן גלאָז יחיאל־מיכל'ען אין קאָפּ אַריין, דערזעהט ער אַבער מלכה'לען, ווי זי זיצט אַזוי אין עק קרעטשמע מיט פאַרשטאַרטע אויגען און אַ ווייס פּנים'ל. שטעלט ער אַוועק געלאַסען דאָס גלאָז, וואַרפט אויפ'ן שענק־טיש אַ האַרטען טאַלער, און גיט אַ פרעג:

— משה (ביי גרויסע פּריצים הייסען אַלע אידען משה), דאָס איז דיין טאָכטער?!

ווערט יחיאל־מיכל'ען אַ לאַך אין האַרץ, שטאַמעלט ער, נע־בעך: „יאָ, יאָ, מיין טאָכטער". און דער יונגער פּריץ קוקט און קוקט, און רייסט פון מיידעל קיין אויג נישט אָפּ. און צומאַרגענס קומט ער ווייטער טרינקען מעד... און אַזוי אויפ'ן דריטען, און פיערטען טאָג... נעמט מען דאָס מיידעל און מען באַהאַלט פון איהם, בייזערט ער זיך, ער זאָגט נישט פאַרוואָס, נאָר ער דרעהט די שוואַר־צע וואָנסעלעך און בליצט מיט די אויגען. גיט ער אַמאָל אַ זאָג: אַז יחיאל־מיכל צאָהלט ווייניג פאַר די קרעטשמע... אַז פאַראַנער אי־דען בּיטען גרויסע הוספות... און דאָס איז אמת געווען, נאָר דער אַלטער פּריץ האָט זיי קיינמאָל נישט געלאָזט איבער דער שוועל; אַ גרויסע זאַך: אַ איד זיצט, זאָל ער האָבען פּרנסה... ווערט יחיאל־מיכל'ען נישט היימליך. בפרט, אַז מלכה'לע געהט נאָך מעהר אַרום אויפ'ן עולם הדמיון, רעכענט ער טאַקע, צו פאָהרען זיך מתיעץ זיין קיין פּראָג. מאַכען זיך אַבער ווייטער מניעות, און דער יונגער פּריץ קומט אַלץ יעדען טאָג און איינמאָל גיט ער פון דער העלער הויט אַ זאָג:

— משה, פאַרקויף מיר דיין טאָכטער!

טרייסעלט זיך יחיאל־מיכל'ען די ווייסע בארד, און עס ווערט איהם חשך אין די גרויע אויגען.

לאכט ער, דער פריץ:

— זי הייסט ע ס ט ע ר ק ע? — פרעגט ער.

— ניין, מלכה הייסט זי...

— זאל זיך דיר דאכטען, — זאגט ער, — אז זי הייסט אסתר, און דו — מרדכי, און איך — אחשורוש... וואס? מיין נישט, איך וועל איהר ארויפזעצען א קרוין אויפ'ן קאפ! נאר דו קריגסט די קרעטשמע אומזיסט און אויף אייביג, פאר קינדער און קינדס־קינדער!

און ער גיט איהם א צייט, אויף ישוב...

4.

זעהט יחיאל־מיכל, אז עס איז שלעכט, שפאנט ער פארטאג איין פערד־און־בודקע, כאפט זיך אראפ קיין פראג, פארפאהרט גלייך צום רב און ראש־ישיבה. טרעפט ער איהם ביי דער גמרא. נעמט ער „שלום־עליכם“ און גיט תוך כדי דבור א פרעג:

— רבי, צי מעג מען חתונה מאכען א אינגערע פאר אן עלטערע?

לעגט דער ראש־ישיבה די עלענבויגען אויף דער גמרא און ענטפערט איהם:

— ניין, יחיאל־מיכל, לא יעשה כן במקומנו... נישט קיין אידישע זאך. און דערמאנט איהם די מעשה מיט יעקב ולבן.

— איך וויים — זאגט יחיאל־מיכל — אבער אז מען מוז?

— דהיינו?

נעמט יחיאל מיכל און גיסט אוים פאר'ן פראגער צדיק זיין ביטער הארץ, דערצעהלט איהם אלץ כהויה. פארטראכט זיך דער פראגער צדיק און זאגט:

— מילא, בשעת הדחק שאני!

דערצעהלט יחיאל־מיכל דעם צדיק „את כבוד עשרו“, וועגען די ה' מאות טאלער, און דערמאנט איהם זיין צוזאג וועגען אויסקלייבען א חתן פון דער ישיבה.

פארטראַכט זיך דער פראגער צדיק, שפּאַרט אַן אויף אַ ווײַלע דעם קאָפּ אויף די עלענבויגען איבער דער גמרא און הויבט אויף דעם קאָפּ און זאָגט איהם:

— ניין, יחיאל־מיכל, דאָס קאָן איך נישט.

— פארוואָס, רבי, — פרעגט יחיאל־מיכל פארציטערט: — האָט דען מיין מלכה'לע, חס ושלום, אַ זינד אויף דער נשמה? אַ יונג קינד, אַ יונג ביימעלע, ווי מען בויגט עס...

— חס ושלום! — ענטפערט דער ראש־ישיבה — איך זאָג נישט, אַז זי האָט, חס ושלום, געזינדיגט, דאָס האָב איך בכונה נישט געהאַט... נאָר עס פּאַסט נישט. הער, יחיאל־מיכל, דיין טאָכטער האָט נישט ג ע ז י נ ד י ג ט, אָבער, אָבער אָנגעריהרט. פארשטעהסט דו, אַביסעל אָנגעריהרט איז זי דאָך... און דער עיקר — זאָגט ווייטער דער ראש־ישיבה — מיין איך ד י י ן טובה דערמיט. ווארים השגחה ד אַ ר ף דיין טאָכטער, השגחה פון אַ מאַן, און טאַקע פון אַ מאַן — אַ מענש, אַ סוחר... חוץ דעם — השגחה פון שווער און שוויגער... פון שטוב־לייט... ווי עס איז, מען דאַרף איהר אַרויסשלאָגען פון קאָפּ... זי דאַרף דעריבער אַריינקומען אין אַ הויז... אין אַ הויז מיט אַסך אויערען און אויגען... מיט'ן יצר־הרע, אַז ער כאַפּט זיך אריין, מוז מען שטאַרק מלחמה האַלטען... עס איז אַ מין ביטערער כריין, מען זייהט איהם נאָר איין מאָל, און וואַקסען וואַקסט ער אייביג... דו רייסט, און ער וואַקסט!... וואָס, ניין?

יחיאל־מיכל מוז, נעבעך, צושאָקלען מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— און אַצינד, — זאָגט ווייטער דער צדיק, — הגע בעצמך, לעג צו קאָפּ, יחיאל־מיכל. למשל, איך וויל זיין אַ גוטער, און האַלטען וואָרט, — עס איז דאָך נאַריש, צוגעזאָגט האָב איך דיר, — און איך וויל זיין אַן עומד בדבורי און טון דיין רצון; און נעם, און גיב דיר פאַר אַן איידעם אַ בחור פון דער ישיבה. הייסט עס: אַן אָרעם־בחור, אַ פאַרלאָזט אינגעל... נו, וועט גוט זיין?

וואָס איז דאָס אינגעל? אַ בן־תורה... ער וועט זיצען און לערנען... מעהר ווייסט ער נישט און וויל נישט וויסען, און ער טאָר נישט וויסען...

און וואו וועט וואוינען דאָס פּאָר־פאָלק?

צו דיר אין דאָרף אַריין אויף קעסט װעסטו דו דאָך דאָס פּאַר־פּאָלק נישט נעמען?

— אודאי נישט, כּל זמן דער יונגער פּריץ איז דאָ!

— און װער װײסט, װי לאַנג ער װעט זײן?! אַ קשיא אויף אַ פּריץ! ז׳ י׳, אַז עס פעלט עפּעס אין די אויגען אַרײן! ער האָט אַנדערע זאָרג? פּרנסה פעהלט איהם?... הכּלל צו זיך אויף קעסט נישט. לאָזט דו זײ איבער אין פּראָג. דינגסט אַ דירה און לאָזט זײ איבער, און שיקסט אויף פּרנסה. נו, װאָס טוט דאָס פּאַר־פּאָלק? ער, דער יונגערמאַן, זיצט ימים ולילות אין בית־המדרש, על התורה ועל העבודה — און זי? דאָס יונגע װײבעל, װאָס טוט? װאָס פאַר אַ הוריות טראַכט זי? אויף װעלכען עולם הדמיון געהט זי אַרום?

— געדעכט, רבי — איז יחיאל־מיכל מודה מיט אַ הײזעריג קול. — װאָס דען טוט מען?

— װאָס עס לאָזט זיך! — ענטפערט דער ראש־ישיבה. — און איך װעל דיר העלפען. איך אַלײן װעל שיקען נאָך אַ שדכן און זאָגען איהם, װאו אַהין ער זאָל געהן... עס זאָל זײן אַ הױז מיט מענשען, מיט אַ שטאָט, מיט אַביסעל עולם־הזה, נאָר בהיתר, נישט באסור... װעסט זעהן, מיט זײן ליעבען נאָמענס הילף!

— דערפאַר, יחיאל־מיכל, — טרײסט ער איהם, — אַז דו װעסט קומען צו מיר װעגען דער צװײטער טאָכטער, און גאָט װעט דיר העלפען און װעסט האָבען אַ קניפּעל — קריגסט דו, זאָג איך דיר, אַ הדר, מיט גאָלד אָפּצואװעגען...

דערװײל מאַך חתונה...

### 5.

זכר חות.

אויפ׳ן ראש־ישיבה׳ס באַראָט, און בסוד סודות האָט מען מיט מלכּה׳ן אַ בעל־בת׳ישען שדוך געטאָן. און מלכּה האָט ביז דער לעצטער רגע נישט געװאוסט, נאָך װאָס עס קומען שנײדער און מעסטען איהר אָן קלײדער, און פאַר װאָס מען װעקט זי אויף פאַרטאָג און מען פיהרט זי אװעק קײן פּראָג...

און אַז זי האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט, האָט זי אויך קיין וואָרט נישט גערעדט. די יונגע נשמה האָט זיך ביי איהר ווי אָפּגעשלאָסען.

וואָס עס האָט זיך ביי איהר אין האַרץ געטאָן, האָט קיינער נישט געוואוסט; אָבער פון אויבען־אויף, האָט זיך געדאַכט — אויף אַלע בנות ציון געזאָגט! טאַקע מיט אַלע מעלות... אָביסעל צו בלאַס, עפּעס שטענדיג די אויגען אַראָפּגעלאָזט — מאַלע וואָס? פריהער האָט עס געהייסען כלה־חן, דערנאָך: אַזוי האָט זי שוין זיין ליעבער נאָמען באַשאַפען, און סיי ווי סיי — אַ יפה פיה! אַ פאַרנעמעניש! און אדרבא! זי געהט אַהן דער שוויגער נישט קיין טריט, זי בים זיך אפילו קיינמאָל גאָר נישט אויס... וואָס מען גיט איהר, עסט זי; וואָס און ווען מען דערלאַנגט איהר, טרינקט זי; און וואָס פאַר אַ קלייד מען וויל, טוט זי אָן. ציכטיג, שטיל און שעהן. און שבת, אַז זי טוט אָן דאָס שוואַרץ־אַטלעסענע קלייד מיט דער גאָלדענער שפּאַנגע, נעמט אויפ'ן אַלבאַסטער־ווייסען האַלז די פּערל, און עס באַמבלען זיך איהר ביי די אויערען די בריליאַנטענע אוירינגלעך, בלייבען ווייבער שטעהן אין די גאַסען, און גאַפען, און מען זאָגט: אַ פּרינצעסין... און זי — גלייך מען מיינט נישט זי, געהט זיך ווייטער שטיל און ציכטיג, צווישען שוויגער און שוועגערינס אין דער ווייבערשער שול אריין, שטעלט זיך נעבען דער שוויגער ביי דער קראַטע און לאָזט אַראָפּ די זייד־דענע ברעמען, און עפענט מיט'ן ווייסען הענטעל די זילבערנע קלאַמערעס פון סדור מיט'ן גאָלדענעם שניט, און די ליפּלעך הויבען אָן צו ציטערען, צו ציטערען...

און אַ גאַנצע וואָך? יעדען פאַרנאַכט?

— וואוהין ווילסטו היינט געהן שפּאַצירען, מלכה?

זי זאָגט נישט וואוהין; וואו מען געהט, געהט זי... און אַז מען געוועט פאַרביי פאַר פענסטער מיט צירונג, שטעלען זיך אַלע אָפּ און קוקען, מלכה נישט. זי שטעלט זיך אָפּ, ווייל זיי שטעלען זיך אָפּ, אָבער קוקען, קוקט זי אין דער לופט אריין...

זאָגט מען: וואָס דאַרף זי צירונג, זי אַליין איז צירונג!

בפרט, אַז דער יונגערמאַן פיהלט אַהן איהר די נשמה נישט. ער היט זי, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל אין אויג...

און אזוי אלץ...

פון אויבען אפגעטאקט, אפגעשניצט און ריין, ווי שעהנער קריסטאל... אבער אינעווייניג?

אינעווייניג איז געלעגען די קרעטשמע מיט'ן געזאנג און טאנץ און געשפילעריי... אין הארץ האט צווישען איהר און דער וועלט ארומגעשוועבט דער פארטרעט פון יונגען פריץ... קוים פארמאכט זי די אויגען, צי אין שול ביי דער קראטע, צי מוצאי שבת צו „גאט פון אברהם", צי ביי שבת־ליכט בענשען, צושפילט זיך אין איהר דער כח־הדם, טאנצט זי, רחמנא־לצלן, מיט'ן פריץ, און מיט'ן ראד אין קרעטשמע נאך שנים... אדער זי רייט מיט איהם צוזאמען, און טרייבט, אויפ'ן ווייסען פערד ווי א מילך, איבער וואלד און טאל... און בפרט, אז עס גענעהנט זיך צו איהר דער מאן, אין דער רגע שליסט זי די אויגען צו און האלזט, און קושט — וועמען? דעם יונגען פריץ האלזט זי און קושט...

בעט זיך ביי איהר דער יונגערמאן — איהרע שעהנע אויגען האט ער ליעב געהאט — בעט ער זיך: לעבען מיינס, עפען דיינע שעהנע אויגען, דיינע טויערען פון גן־עדן אויף! — בשום אופן נישט! וויל ער אמאל (א יונגערמאן!) אויספיהרען. וויל ער זיך מכלומר'שט אפרוקען, האלט זי איהם מיט די ארעמס, ווי מיט צוואנגען... דערשרעקט ער זיך פלוצלונג און וויל זיך אויסרייסען. בעט זי זיך מיט א פאר'חלש'ט קול:

— פריץ מיינער, אדלער מיינער!...

מיינט ער — אזוי ליעב האט זי איהם, אז ער איז איהר פריץ, איהר אדלער... „דארף־לשון" — טראכט ער, און זאל זי **נישט** עפענען די אויגען, אז זי **שעמט זיך**!

## 6.

און אזוי האט מלכה אפגעלעבט א יאהר נאך א יאהר. קיין קינדער האט זי נישט געהאט און געלעבט האט זי — נישט מיט'ן מאן...

צו וואס איז דאס געגליכען?

צו אן עפעל, וואס הענגט, דאכט זיך, געזונט און פריש אויף

א גרינער צווייג, אויף א גאָלדענעם עפּעל־בוים, און די הויט פון אויבען איז געריטעלט, ווי דער מזרח איידער די זון באווייזט זיך, און א פרישער הויך, ווי פון גן־עדן, ליגט אויף איהם: אזוי שמע־קענדיג, אזוי פארנעמיש, אבער איז אמת'ן אריין איז געזונט און פריש נאר די הויט, די שאָל פון אויבען, אינעווענינג אבער האט שוין אלץ דער ווארים אויסגעגעסען...

אבער פונקט להיפך האט זיך אויסגעשניטען דער מזל פון יחיאל־מיכל'ס עלטערער טאָכטער — נחמה. ביי יחיאל־מיכל'ען אליין האט זיך אלץ איבערגעקערט, און, ווי עס טרעפט זיך, דוקא מיט דער פוטער אראפ...

אפגעשפילט און אפגעטאנצט אין פראג, איז יחיאל־מיכל אהיים געפאהרען פון פראג אינגאנצען מיט עטליכע מטבעות אין קעשענע, און ווי ער קומט צו צו דער גרענעץ פון דארף, דערזעהט ער, ווי זיין גאנץ כלי־בית מיט די בעטען, מיט די טישען און בענק פון קרעטשמע ליגען אויפ'ן פרייען פעלד און א פויער פון פריץ'ס הויף שטעהט דערביי ווי א שומר.

און דער שומר לאזט איהם שוין נישט ארייפאהרען אין דארף אריין... עס ווייזט זיך ארוים, אז בשעת ווען ער האט געטאנצט אויף דער אינגערער טאכטערס חתונה, האט איהם דערזוייל עמיץ אויסגעדינגען די קרעטשמע, א גרויסע הוספה געגעבען, און דער יונגער פריץ האט איבערגעדייבערט דעם אלטען פריץ, ער זאל נעמען די הוספה... און דער איד זיצט שוין אין קרעטשמע!

הויבט אן דאס ווייב מיט דער טאכטער צו וויינען, צו חלש'ען. בעט זיך יחיאל־מיכל ביים שומר, ער זאל איהם כאטש אריינלא־זען א ווארט רעדען מיט'ן אלטען פריץ, נעמט דער שומר אראפ די ביקס, וואס האט איהם געהאנגען אויף די פלייצעס, און זאגט: ער וועט שיסען! ער וועט מוזען שיסען, זאגט ער.

א היימישער פויער געוועזן, טרערען אין די אויגען האט ער גע־האט; נאר אז דער פריץ האט געהייסען, וואלט ער אודאי געשא־סען! זעהט יחיאל־מיכל, אז עס איז פארפאלען, און צוריק אריינ־פאהרען קיין פראג האט ער ניט מיט וואס, נאך דער חתונה איז איהם קוים עטליכע רענדלעך געבליבען; און מיט זיין ארעמקייט

דער אויסגעגעבענער טאכטער די אויגען פארשוואַרצען, ווייל ער אויך נישט — נעמט ער דאס ווייב און נחמה'ן, די טאכטער, און פאהרט מיט זיי אריבער צו אן אנדער פריץ אין א דארף אריין, נאך ווייטער פון פראג, און בעט ביים פריץ רשות, און עפענט זיך א געוועלבעל מיט זאלץ, בעקער־ברויט און אנדערע קליינע סחורות. אין דארף, און לאזט איבער דאס געוועלבעל אויפ'ן ווייב מיט דער טאכטערס באראט, ער אליין אבער לאזט זיך אויף דער וועלט, צו פראצעסירען מיט יענעם פריץ, ווייל דער קאנטראקט איז נאך נישט געווען אויסגעגאנגען, און אויך צו האבען דין־תורה'ס מיט'ן אידען. וואס האט איהם משיג־גבול געווען... נאר עס געהט נישט אזוי גע־שווינד, ווי עס רעדט זיך, בפרט מיט לעדיגע הענט. געדויערט א פאר יאהר; פארשפילט ער דעם פראצעס מיט'ן פריץ און זיצט אפ א צייט אין תפיסה פאר די הוצאות פון פראצעס; דעם דין־תורה געגען משיג־גבול, געווינט ער סוף כל סוף, נאר דער משיג־גבול וויל בשום אופן וצד דעם פסק נישט האלטען; און דער פראגער צדיק, וואס האט כח געהאט צו נויטען, איז דערווייל נסתלק גע־ווארען, און פראג זוכט און זוכט א רב, און קאן דערווייל נים צו־קלייבען זיך, און לית דין ולית דיין. קומט ער, יחיאל־מיכל, אהיים נאך א פאר יאהר, אן אויסגעמאטערטער, אן אויסגעהונגערטער און לעגט זיך קראנק אין בעט אריין, און ליגט אפ א פאר וואכען און שטארבט; לעבט איהם דאס ווייב זיינס לאנג נישט איבער, און נחמה ווערט א יתומה, איינע אליין אין דארף, ווי א שטיין, און לייזען לייזט מען נישט... עס איז נישטא פאר וואס צו לייזען... און די יונגע פויערען, זיים זי איז אליין געבליבען, לאזען זי נישט רוהען, טרייבען קאטאוועסלער, בייזערען זיך, פאר וואס זי לאזט זיך נישט אנריהרען, די אידישע קבצנ'טע...

שרייבט זי איין בריף און א צווייטען צו דער שוועסטער קיין פראג, לעבט אבער די שוועסטער אין פראג, ווי מיר ווייסען, אין א עולם התוהו און לייענט נים קיין בריף... באקומט די פארלאזטע יתומה קיין תשובה נישט; הויבט זי זיך אויף ביינאכט און פאר־מאכט דאס לעדיגע קרעמעל און גנב'עט זיך פון דארף ארויס צו־פוס; זי לאזט זיך געהן אויף גאטס באראט, אז זי וועט טרעפען צו דער שוועסטער קיין פראג, א שוועסטער איז דאך קיין שטיין נישט...

## 7.

נעהט זי אַזוי מיט אַ שטיקעל ברויט אין דער האַנט פון דאָרף אַרויס, קומט זי צו צום וואַלד, האָט זי מורא פאַר חיות רעות. נעהט זי נישט טיף אין וואַלד אַריין, גראַבעלט זי זיך אַרויף אויפ'ן ערש־טען בעסטען בוים, און וויל איבערוואַרטען, ביז עס וועט טאָג ווער־רען, צווישען די צווייגען אויפ'ן בוים. ליגט זי אַזוי אַ ווײלע; דערהערט זי, אין מיטען קריאת־שמע לייענען, ווי הינט בילען און לויפען. און דאָס געלויפעריי און געבילעריי קימט אַלע מאָל נעהנ־טער; פאַרשטעהט זי, אַז עס איז אַ געיעג פון פּריצים אויף חיות אין וואַלד. פאַרשטופּט זי זיך נאָך טיפער צווישען די צווייגען. און דאָס געיעג קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער, און אַ גאַנצע מחנה הינט שפּרינגט צו צום בוים, און הויבט אָן שטאַרק צו בי־לען; און צוויי רייטער קומען געשווינד אָן צורייטען, כדי צו זעהן, וואָס די הינט בילען אַזוי און לויפען אַזוי אַרום בוים. און די צוויי רייטער זענען צוויי יונגע פּריצים געווען, און זיי האָבען אַרויסגעקלעטערט אויפ'ן בוים, און האָבען זיך אַראָפּגענומען אי־בער־געוואַלד, און פייער געמאַכט, און באַטראַכט, ווער דאָס איז; האָבען זיי געזעהן, אַז עס איז אַ אידיש קינד, און זעהר אַ שעהן כיידעל, נאָר אָן אויסגעהונגערטס. זאָגען זיי איהר, אַז זיי ווע‌לען איהר, חס ושלום, קיין שלעכטס נישט טון, וואָרים זי לייכט אין דער פינסטער ווי אַ מאָרגענשטערן... אַז מען דאַרף זי נאָר איבער־טון, וועט זי שיינען ווי אַ מלכה, און שמעקען ווי אַ רויז... ווערט איהר, פאַרשטעהט זיך, אַ לאַך אין האַרץ. דערווייל, הערט זי, צו־קריגען זיך די יונגע פּריצים; יעדער וויל זי נעמען צו זיך, יעדער טענה'ט, אַז זי איז זיין, אַז דאָס האָט זי זיין הונט צום אַלעם ערש־טען דערשפּירט... בלייבט, זיי זאָלען זיך שיסען, און ווער עס וועט לעבען בלייבען, דער זאָל זי נעמען. שטעלען זיי זיך איינער קעגען צווייטען און ווילען שוין אָנהויבען צו שיסען. האָבען זיי אינמי־טען אַ ישוב, זיי וועלען בעסער ציהען קניפּלעך. ציהען זיי קניפּלעך, און איינער, וואָס האָט אַרויסגעצויגען דאָס קניפּעל, האָט זי אַרויפּ־געצויגען צו זיך אויפ'ן פערד און איז מיט איהר גלאַט אַוועקגע־ריטען צו זיך אין פּאַלאַץ אַריין... חלש'ט זי...

און אז זי האט זיך צומארגענס אויפגעכאפט ביים פריץ אין פאלאץ — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

8.

און אז זי איז ביים פריץ אין פאלאץ צו זיך געקומען, און דער־זעהן, אז ער האלט זי אויפ'ן שויס, און האט דערפיהלט, אז ער קושט זי און האלזט זי... האט זי פארשטאנען, אז עס איז פאר־פאלען, אז זי וועט זיך שוין נישט ראטעווען, האט זי זיך נאך גע־בעטען:

— פריץ־לעב, איך בין ביי דיר אין די הענט... און דו ביסט צו שטארק, איך זאל מיך וועהרען געגען דיר, און איך האב שוין נישט מיט וואס זיך צו וועהרען... בעט איך ביי דיר נאר איינס: האב אויף מיר רחמנות, און זאג מיר נאר די איינציגע זאך צו: האסט מיר פארזינדיגט דעם גוף, פארפאלען! פארזינדיג מיר כאטש נישט די נשמה, לאז מיך ביי מיין אמונה... און ביי מיינע מחשבות.. לאז מיך טראכטען און קלערען, וואס איך וויל...

דער פריץ האט אפילו נישט רעכט פארשטאנען, וואס זי מיינט דערמיט, נאר באמת ליעב געקריגען האט ער זי, האט ער איהר צוגעזאגט... געמיינט האט ער: און וואס שאדט עס איהם? חתונה האבען מיט איהר וועט ער סיי־ווי־סיי נישט; איינמאל האט ער איהר אפילו געקויפט ביי א אידען אין פראג א סדור, און האט איהר געבראכט א מתנה. זי האט גענומען דעם סדור מיט פרייד, נאר באלד פון דער האנט ארויסגעלאזט אויפ'ן טיש... „מיינע הענט — האט זי געזאגט — זענען נישט ווערט די ריינקייט צו טראגען"...

וואונדערט זיך דער פריץ און שווייגט.

---

און ביים פריץ אין הויף האט נחמה געפיהרט א לעבען, וואס איז געווען גאר דער היפך פון לעבען, וואס די שוועסטער האט גע־פיהרט אין פראג... ביידע האבען פארמאכטע אויגען געהאט, אר:מ־ג[illegible]נגען פרעמד און פאר'חלומ'ט. נאר בשעת ווען מלכה האט

געזינדינט מיט דער נשמה אין א ריינעם גוף, האט נחמה, פאר־קערט: אפגעלאזט דעם גאנצען גוף און ריין געהאלטען די נשמה...

עס געהט צו איהר צו דער פריץ, — פארמאכט זי די אויגען און טראכט: „די מאמע קושט מיך“... עס האלזט זי און עס קושט זי די מוטער און לערענט זי ברכה זאגען, און „גאט פון אברהם“ זאגען...

ער וויל, זי זאל איהם ליעב האבען...

זי האט ליעב, שטארק ליעב — די מוטער! זי נעמט ארום די מוטער... „נאך אמאל, מאמעשי: תורה צוה לנו“... שעפטשעט זי... און מיט די זינדיגע ליפען רעדט זי אפילו די ווערטער נישט ארויס... אין דער נשמה ווימלען זיי ביי איהר, דארט לייכטען זיי טיף, טיף אינעווייניג...

9.

לעבען לעבט מען נישט אייביג, און ביידע שוועסטער איז קיין לעבען נישט באשערט געוועזן...

און אז די נשמות האבען זיך אפגעטיילט פון גוף, איז דער אינגערערס, מלכה'ס, נשמה, וואס איז געוועזן דורכגעפלעקט פון זינד, ארויס, ווי א שווארצע קראה, פון ווייסען גוף, און איז באלד ערגעץ פארפאלען געווארען אין כף הקלע... דער עלטערערס, נחמה'ס, ווייסע, קלארע נשמה אבער, קוים האט זי זיך באפרייט פון זינדי־גען גוף, האט זי זיך לייכט און שטיל ווי א טויב אויפגעהויבען אין דער הויך צום הויכען הימעל. פאר'ן טויער איז זי אפילו גע־בליבען שטעהן פארציטערט, נאר גאט'ס רחמנות האט זיך צו איהר באוויזען, און האט איהר געעפענט דעם טויער, און האט זי גע־טרייסט, און אויסגעווישט די טרערען פון די אויגען.

פון דעם אלעם אבער האבען מענשען אויף דער ערד נישט גע־וואוסט... די פראגער גבירה האט געהאט א גרויסע לויה. מען האט איהר אויך א גרויסען הספד געמאכט, עס האט א מטמון געקאסט! און מען האט זי אויבען־אן אויפ'ן בית־החיים, צווישען אלע צנועות, געלעגט, און צום יאהר האט מען איהר א גרויסע מצבה מיט אלער־ליי אויסגעקריצטע שבחים געשטעלט...

אבער אז דער פריץ האט דער עלטערערס גוף קיין פראג גע־שיקט, האט קיין חברה־מאן נישט געוואלט זיך צוריהרען צום זינ־דיגען גוף, האט מען צו דער טהרה פראסטע טרעגער געדונגען, און מען האט זי איינגעהילט אין אן אלטען זאק און אריינגעווארפען אין א גרוב ערגעץ אונטער'ן פלויט...
א מענש זעהט נאר פון אויבען...

10.

און אין א צייט ארום, אז מען האט צוגענומען א שטיק פון אלטען פראגער בית־עלמין צו דער שטאדט, ברייטער צו מאכען א גאס, און מען האט אויסגעגראבען די קברים, איבערצופיהרען די איבערגעבליבענע ביינער, האט א קברן געעפענט נחמה'ס קבר ביים פלויט, און נישט מעהר געפונען, ווי א שארבען, — פון לייב און דעם רעשט ביינער איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען... און ווען ער האט נישט ווילענדיג מיט'ן פוס אוועקגעשטופט דעם שארבען, איז ער אפגעשפרונגען און איז ערגעץ פארוואלגערט געווארען... און איז שוין צו קבורה נישט געקומען.
דער קברן אבער, וואס האט געעפענט מלכה'ס קבר, האט זי געפונען אינגאנצען גאנץ און פריש, כמעט מיט א פרישען שמייכעל אויפ'ן ווייסען פנים...
— דאס הייסט א צדקת! — האבען מענשען געזאגט. — די ווערים האבען אויף איהר קיין שליטה נישט געהאט...
ווארים אזוי טראכטען און זאגען מענשען, וואס זעהען נאר מיט די אויגען פון אויבען־אויף, און ווייסען קיינמאל נישט, וואס אין הארץ טוט זיך, וואס ביי עמיצען אויף דער נשמה איז...

# לא תחמוד.

זוי עס איז באקאנט, מוז יעדער איד מקיים זיין די גאנצע תורה. און וואס עס געראט איהם נישט מקיים צו זיין אין **א י י ן** גלגול, מוז ער מקיים זיין אין **צ ו ו י י ט ע ן**; און דאס, וואס ער איז פוגם אין **א י י ן** גלגול, מוז ער אין **צ ו ו י י ט ע ן** פאררעכטען. ווארים די **נ ש מ ה** צום כסא הכבוד מוז צוריק־קומען א גאנצע, אהן א פעהלער, און א ריינע, אהן א פלעק. און דעריבער ווערען די, וואס זענען מקיים די גאנצע תורה, נתעלה פאר דער צייט, און אהן צער פון יציאת־נשמה, אהן חבוט־הקבר. **ג ר ו י ס ע** צדיקים זענען יוצא מיט **א י י ן** גלגול, מיט **צ ו ו י י** גלגולים; א פראסטער בשר ודם קאן, נישט פאר אייך געדאכט, מגולגל ווערען מאה פעמים ואחת, און נישט איין בר־נש וועט מגולגל ווערען עד סוף כל הדורות, ביז „בלע המות לנצח". ווען די פארפלעקטע נשמה וועט גע'משפט ווערען אין טאל יהושפט אדער יזרעאל...

נאר נישט אין דעם בין איך אצינד אויסען. איך וויל אייך דער־צעהלען, ווי מען קומט אמאל צו אן איבעריגען גלגול דורך א קליי־ניגקייט, דורך א נארנישט און, ווי דער שטייגער איז, אז מען פאלט, פאלט מען שוין טיפער און טיפער.

ויהי היום, און א גרויסער צדיק האט געדארפט משלים זיין זיינע גלגולים אויף דער וועלט. די נשמה האט שוין געזאלט ארויספליהען צו איהר היים, צום כסא הכבוד, פון וואנען זי איז אויסגעהאקט געווארען, — ריין ווי א ריינקייט, ווי א גאלד... און מען מאכט שוין אויבען א ווארע, און מען לויפט צו די טויערען פון הימעל, מקבל פנים זיין די ריינע נשמה, — ווערט אבער אין דער לעצטער רגע די שמחה געשטערט.

אין לעצטען גלגול איז דער צדיק געווען א „גם־זו“, א מסתפק במועט; א איד, וואס האט נישט טועם טעם געווען פון עולם הזה, געזעסען אין תעניתים און געלערענט; און כל ימיו — א פרוש! איז דעריבער, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין ישום איד גע־דאכט, זעהר א שווערע פטירה געווען, ווארים דער גוף האט בשום אופן נישט געוואלט ארויסלאזען פון זיך די נשמה און געהן אין פינסטערען קבר אריין. דער גוף האט גע׳טענה׳ט: איך האב דאך נאך גארנישט געלעבט! איך האב מיין חלק לעבען נישט געהאט! און יעדער אבר האט זיך געראנגעלט מיט׳ן מלאך־המות. דאס הארץ האט געזאגט: איך האב נאך גארנישט געפיהלט! די אויגען: מיר האבען נאך גארנישט געזעהן! די הענט: וואס האבען מיר געהאט? די פיס: וואו זענען מיר געגאנגען? פון ד׳ אמות נישט ארויס! און אזוי אלע... און דער מלאך, וואס איז געשיקט גע־ווארען נאכ׳ן צדיק׳ס נשמה, האט זיך געמוזט ראנגלען מיט יעדען אבר, מיט יעדער אדער, מיט יעדען טראפען בלוט פון דעם פלייש; ווייל אלץ האט געהאלטען די נשמה ווי מיט צוואנגען. און ער האט זי געמוזט ארויסציהען, ווי אן איידעלע רויז פון צווישען שארפע דערנער... און דעריבער איז דער צער פון יציאת נשמה געווען אזוי גרויס, און די יסורים ביים אפשיידען די נשמה פון גוף אזוי שטארק, אז דער צדיק האט אין דער לעצטער רגע נישט אויסגע־האלטען און שוין נאך ודוי האט ער מיט׳ן לעצטען אטעם א קרעכץ געטאן. און דער קרעכץ איז געווען פון קנאה; ער האט מקנא גע־ווען די, וואס האבען א לייכטע פטירה, עס האט זיך איהם פארגלוסט זיי האבען א גרינגען טויט! און קיין צייט, תשובה צו טון אויף די פארגלוסטונג, איז שוין נישט געווען! און ווייל ער האט פוגם געווען אין „לא תחמוד“, — ווארים א איד טאר זיך אפילו א גרינגען טויט נישט פארגלוסטען, — זענען זיך אויבען צוגאנגען די ווארעם און מען האט צוריק פארשלאסען די טויערען פון הי־מעל. און ער האט געמוזט נאך אמאל מגולגל ווערען, ער זאל קאַ־נען פארריכטען, וואס ער האט פוגם געווען אין „לא תחמוד“.

---

איז אבער געווען אויף איהם א גרויס רחמנות אין די עולמות העליונים. טייל פון דער פמליא של מעלה האבען אפילו פאראיבעל

געהאט אויף דעם מלאך־המות, וואס ער האט זיך נישט פארהאלטען א רגע; דעם צדיק קיין צייט נישט געגעבען תשובה צו טון, בלייבט לכל הפחות, מען זאל דעם צדיק גרינגער מאכען דעם נסיון, מען זאל איהם געבען אזא לעבען, אזא מזל־ברכה, ער זאל נישט ראַרפען און נישט קאָנען קיינעם מקנא זיין; עס זאל זיך איהם גאַרנישט האבען וואס צו פארגלוסטען. און א גרינגען טויט האט מען איהם אויך צוגעזאגט.

הערט עס דער בעל־דבר און שמייכעלט... נישט אזוי לייכט וועט ער איהם ארויסלאזען פון דער האנט!

ווערט דער צדיק נאך אמאל מגולגל, און פון גלגול, איז ארויס ר' זיינוועלע פורימסאָווער! ווער איז ר' זיינוועלע פורימסאָווער?

א איד — אויף אלע אידען געזאגט! א פער! און וואס פעהלט איהם? לערנען קאן ער בעסער פאר'ן רב; זינגען זינגט ער שע־נער פאר'ן חזן, א בעל־קריאה איז ער אסך א בעסערער פאר'ן ליט־ווישען מלמד. און אן אשת־חיל א אידענע, און קינדער — געראַ־טענע, און א פרנסה א היימישע — האט ער! און דערצו — דאס שענסטע הויז אין שטאדט; און פון הויז געהט ארויס די שענס־טע נדבה, און איז הויז איז פאראן די שענסטע סוכה, אויסגע־האנגען מיט אתרוגים און אלערליי אנדערע פירות פון ארץ־ישראל. און וועמעס איז דער שענסטער חדר אין דער טייערסטער זילבער־נער פושקע? ר' זיינוועלעס! און ווער איז דער עהרליכסטער בורר און דער קליגסטער בעל־יועץ? ר' זיינוועלע! זאל זיך איהם פארגלוסטען זיין גבאי? אלע גבאים טוען אהן זיין עצה קיין האנט אין קאלט וואסער נישט אריין! אהן זיין וואונק ריהרט זיך קיין שמש נישט!

זיצט זיך ר' זיינוועלע על התורה ועל העבודה. און די אויגען לייכטען ביי איהם אונטער'ן גרויסען שטערן, ווי ביי אן אמת'ן, פארצייטישען חכם. און עפענט ער דאס מויל, שיטען זיך פערל! און א שעהנער מענש איז ער — א קייזער! א ווייסע געקרייזעלטע בארד, א מאַרדערן שטריימעל מיט זילבערנע האר, א סאמעטענער קאפטען מיט סטראַקעס און זילבערנע האַקלען! מיט איין ווארט — תורה וגדולה במקום אחד...

דאכט זיך, שוין זיכער דער לעצטער גלגול ? ! בא, עס וואלט אזוי געווען, ווען נישט דער בעל־דבר.

---

נעהט ער אמאל, דער בעל־דבר, און פארשטעלט זיך פאר אן אורח; אזוי א יונגערמאן פון ערגעץ, אפילו א הויקערל, גארנישט אנזעהעוודיג. קומט ער ווינטער ביינאכט צו מנחה ומעריב אין בית־המדרש אריין און זעצט זיך ביים אויווען. מן הסתם פארבעט איהם ר׳ זיינוועלע אויף וועטשערע. ער זוכט שטענדיג אורחים! נעהט ער, דאס הויקערל, צו ר׳ זיינוועלען אויף וועטשערע. עסט מען. צווישען איין מאכל און דעם צווייטען רעדט מען, פאר־שטעהט זיך, תורה. א זוהן ר׳ זיינוועלעס, צי אן איידעם, הויבט אן, שלאגט זיך ערגעץ אן אן א שווערע סוגיא, ווענדען זיך אלע אויגען צו ר׳ זיינוועלען, ער וועט שוין אלץ צורעכט מאכען. ר׳ זיינוועלע שמייכעלט, איז דערווייל מכבד דעם אורח מיט׳ן בענ־שען; דער אורח בענשט אפ, און ר׳ זיינוועלע הויבט אן זאגען, און זאגען זאגט ער אזוי קלאר, אזוי ריין, אז עס דאכט זיך, אז עס בעט זיך אויס א ווייטער, גלייכער און ברייטער שליטוועגס, א וויים. קלאר רחבות, און גלאט ווי דער טיש; שפאן א שליטען און פאהר! זיצען די זיהן מיט די איידימס מיט די נשמות אין די אויערען און זאפען איין דעם גאנצען נחת. און דאס הויקערל זיצט און קוקט מיט א בייז אויג פון א זייט, און שמייכעלט מיט די ליפעלעך. דער־זעהט עס ר׳ זיינוועלע און פרעגט איהם: איהר זענט נישט מסכים? ענטפערט מיט א חוצפה דער הויקער: אבער גארנישט! פרעגט ר׳ זיינוועלע: פארוואס?

הויבט ער אן, דער הויקער, צו זאגען, פארוואס, און עס הויבט זיך אן א וכוח!

נעמט ער, דער הויקער, און גיט מיט אמאל א מיש דורך ש״ס ופוסקים, ווארפט מיט סברות, ווי מיט ברענענדיגע קוילען, ווי מיט שפיציגע שפיזען, און שיט מיט ראיות פון דא און פון דארט, ווי א האגעל, און ריידענדיג, וואקסט ער, דער הויקער, און די א ו י־ג ע ן ביי איהם וואקסען, און דאס ר ש ע ו ת אין די אויגען וואקסט! און די ווערטער ווערען וואס אמאל ברענענדיגער, שפי־ציגער, און ער נעמט ארום ר׳ זיינוועלען, ווי מיט א צוים פון ברע־

נענדינגע דערנער, און ר׳ זיינוועלע פֿיהלט, אַז עס ווערט איהם אַלץ ענגער און ענגער; נישט אַרוים, נישט אַריין; נישט דעם אָטעם צו כאַפּען... און די זיהען מיט די איידימס ווערען אויך אָפּהענטיג; עס קומט ר׳ זיינוועלען קיינער נישט צו הילף. און די צוים אַרום איהם רוקט זיך אַריין, אַלץ נעהענטער און נעהענטער צום לייב. און ר׳ זיינוועלע הויבט אַן פֿיהלען אַ מין חולשות־הדעת, אַ האַרץ־וועה־טאָג, און עס ווערט איהם דער אָטעם שווער. און ער הויבט זיך אויף, געהט אַרוים פֿאַר דער טיר, אביסעל דעם אָטעם צו כאַפּען, צו באַקומען אביסעל ישוב־הדעת; וואָרים פֿיהלען פֿיהלט ער, אַז נערעכט איז ער, ר׳ זיינוועלע; אַז דער הויקער איז נאָר עפּעס אַ מין קונצען־מאַכער; אַז ער קלאַפּט נאָר ווי מיט אַ האַנעל, אַז דער האַנעל דאַרף צונעהן. עס זאָל ווערען פֿון איהם גאַרנישט — וואַסער; ער מוז זיך נאָך מישב זיין!

---

און, ווי נעזאָגט, אַ ווינטער־נאַכט איז עס געווען. און אַז ר׳ זיינוועלע איז אַרויסגעקומען פֿאַר דער טיר, איז געווען אויסגעבעט דער מאַרק מיט אַ פֿריש־געפֿאַלענעם, פֿינקעלדיגען שניי, און אויבען אין הימעל האָבען געפֿינקעלט מילי־מיליאָרען שטערענדלעך. און ר׳ זיינוועלע האָט אָפּגעאָטעמט פֿריי. און עס איז איהם פֿריי־ער און קלאָרער געוואָרען אין מח. און פּלוצלונג דערזעהט ער בחוש, ממש מיט די אייגענע אויגען, ווי די צוים פֿון דערנער, מיט וועלכער דאָס הויקערל האָט איהם אַרומגענומען, וואַקעלט זיך און שאָקעלט זיך אַרום איהם אין מאַרק אויפ׳ן שניי; און ער קוקט זיך צו און דערזעהט, אַז די צוים איז נישט קיין גאַנצע צוים, אַז זי איז איבערגעהאַקט אין אַסך ערטער, אַז זי האָט דאָ און דאָרט אָפֿענע פֿאַרטקעס. און ווייטער דאַכט זיך איהם, און ער זעהט בחוש, ווי עס שטעהען ביי די פֿאַרטקעס: דאָ אַ גאון, דאָרט אַ פּוסק, דאָרט ווייטער אַ מפרש, וכדומה, און זיי ווינקען צו איהם גאָר פֿריינד־ליך, זיי רופֿען איהם צו: זיינוועלע, ס׳איז אַ פֿאַלשע צוים, אַ פֿאַר־בלענדעניש, קום נאָר אַהער, איך וועל דיך דורכפֿיהרען, עס בעט זיך אַ וועג, אַ רחבות...

און ר׳ זיינוועלע שמייכעלט אין דער מחשבה צו דעם פֿאַרט־קעלע און זעהט, אַז אומעטום איז אָפֿען, אַ רחבות, אַ וועלט, אַז

אפענע! און ער דערמאַנט זיך: ד ע ר גאון האָט אַזוי געזאָגט, י ע נ ע ר פּוסק האָט דאָס און דאָס פאַרהיטעַן. היינט — אַ בפירוש אָרט אין פירוש רש"י, וכדומה. און ער האָט משונה הנאה דערפון. און שפּאַצירט אַזוי נאָך אַמאָל דורך גאַנץ ש"ס ופוסקים— אומעטום אַ פרייע וועלט... ער וועט איהם שוין ווייזען דעם אורח!... עס איז איהם אַלץ אַזוי קלאָר, ווי דער קלאָרער שניי, אַלץ אַזוי בלאַנק, ווי די בלאַנקע שטערענדלעך אין הימעל! און ער פיהלט נישט, אַז אַזוי, ווי ער געהט אַרום אין דער מחשבה אין די עולמות התורה, אַזוי טראָגען איהם די פיס אַהין און צוריק איי־בער'ן מאַרק און אויסען מאַרק, אַלץ ווייטער און ווייטער איבער'ן שניי, און ער איז שוין לאַנג פון מאַרק, פון שטאָדט אַרויס, מען זעהט שוין קיין צייכען פון קיין הויז, פון קיין דאַך נישט, פון גאַר־נישט, ער טרעט אַרום אין שניי אויפ'ן פרייען פעלד, אַהן אַ צוים, אַהן אַ גרענעץ, אויף אַן אמת קלאָר, ווייס און פינקעלדיג רחבות, ווי ביי ר' זיינוועלען אין מח.

מיט אַמאָל אָבער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַרציטערט.

אַ שווערער וואָלקען האָט זיך פּלוצלונג פאַרצויגען אונטער'ן הימעל, מיט אַמאָל אויסגעלאָשען זענען געוואָרען די פינקעלדיגע שטערענדלעך. און אַ ברייטער שאָטען האָט זיך געלעגט און פאַר־פינסטערט דעם גלאַנצענדיגען שניי. און אויך פּלוצלונג, צוזאַמען מיט הימעל און ערד, איז טונקעל געוואָרען ביי ר' זיינוועלען אין מח און — ער בלאָנדזשעט, דערזעהט ער, אינ'ם שניי, ער בלאָנ־דזשעט שוין אויך אין דער סוגיא; ער ווייסט שוין נישט ווי אויס און ווי איין — — —

דערזעהט ער, ר' זיינוועלע, פון ווייטען, ווי אַביסעל צורונע־נער רויך שלענגעלט זיך אונטער'ן הימעל. פאַרשטעהט ער, אַז עס איז אַ סימן פון אַ שטיקעל לעבעדיגען ישוב. דערפרוירען, פאַרמאַ־טערט און טיף ביז'ן תוך פון דער נשמה אָפּגעפאַלען ביי זיך, געהט ער נאָך דעם רויך און קומט־צו צו אַן אָרעמער, אָפּגעריסענער קרעטשמע. קומט ער אַריין אין אַ פאַררויכערטע שטוב און שטעלט זיך אָפּ ביי דער טיר און קיינער באַמערקט איהם נישט; שטעהט ער אַזוי און זעהט, ווי ביי דעם שענק־טיש, איבער געטראַנק און פאַרבייסעכטס, דרעמעלט אַן אַלטע ערלית, און דורך די פענסטער מיט אויסגעשלאָגענע שויבען יאָגט איין און אויס אַ נאַסער, האַל־

טער ווינט. נאָר אַן אַ זייט שטעהט אַן אויווען און אין אויווען ברענען, און קנאַקען, און פלאַקערען טרוקענע דרענגלעך. מיד און געפרווירען, ווי ער איז געווען, וויל ער צוגעהן, זיך אָנוואַרעמען, דערזעהט ער אָבער, אַז אַלע ערטער אַרום אויווען זענען פאַרנומען. אַרום און אַרום זיצען האַלב־שכור׳ע פויערען, מיט בלעכלעך בראַנ־פען אין איין האַנט, און געזאַלצענע הערינג אָדער אוגערקעס אין דער צווייטער. און זיי טרינקען צו זיך, די פויערען, און די פנים׳ער זייערע פלאַמען, און די אויגען ביי זיי לייכטען פאַר ליעבשאַפט און נחת, און אַלע מאָל בויגט זיך צו איינער צום צווייטען, און מען קושט זיך, און מען וויינט פאַר גרוים ליעבשאַפט, און מען טרינקט ווייטער, און מען פאַרבייסט ווייטער...

און דאַמאַלט האָט ר׳ זיינוועלע, וואָס האָט געקאָנט בעסער לערנען פאַר׳ן רב, שענער זינגען פאַר׳ן חזן; וואָס איז געווען אַ בעסערער בעל־קריאה פאַר׳ן ליטווישען מלמד; וואָס האָט געהאַט דאָס שענסטע הויז, אַ אידענע אַן אשת־חיל, די גראַטענסטע קינדער, די שענסטע סוכה, דעם הדר׳סטען הדר; דער ר׳ זיינ־וועלע, וואָס פלעגט זיין דער בעסטער יועץ, דער עהרליכסטער כורר, און געבען בעין־יפה די שענסטע נדבה.—דאַמאַלט האָט דער ר׳ זיינוועלע זיך נישט איינגעהאַלטען, און שטעהענדיג אינמיטען קרעטשמע, אין טיזליק, וואָס האָט געשטאַרט אויף איהם ווי אַ בלעך, בשעת דער ווינט האָט זיך אַלע רגע אַרונטערגע׳גנב׳עט און איינגעפריהרט איהם דעם שוויים אויפ׳ן לייב, — דאַמאַלט האָט ר׳ זיינוועלע אין טיפען הארץ מקנא געווען יעדען פון די פויערען וואָס איז געזעסען ביים וואַרעמען אויווען, וואָס האָט געטרונקען י״ש פון בלעכעל, פאַרביסען מיט אַ שטיק געזאַלצענעם הערינג אָדער אַ זיסער אוגערקע און געערדט — נבול פה...

---

און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע שורה פון גלגולים.

# דער קונצען־מאַכער.

אין אַ וואָהלינער שטעדטעל אַריין איז אַמאָל געקומען אַ קונ־צען־מאַכער.

און כאָטש עס איז געווען אין דער פאַר'ראגה'טער פאַר־פּסח־צייט, ווען אַ איד האָט מעהר זאָרג, ווי האָר אויפ'ן קאָפּ, האָט דאָך זיין אַנקומען אַ גרויסען רושם געמאַכט: אַ רעטעניש פון אַ מענש! קרוע־בלוא, מיט אַ צילינדער, אפילו אַ צוקנייטשטען, אויפ'ן קאָפּ, אַ אידיש פּנים — דער צלם־אלקים פליהט איהם איבער דער נאָז, און — אַ געגאָלטער באָרד! און קיין פּאַספּאָרט האָט ער נישט גע־האַט, און עסען האָט'ן קיינער נישט געזעהן, נישט קיין כשר'ס, נישט קיין טרפה'ס. געה ווייס, וואָס ער איז! מען פרעגט'ן: פון וואַ־נען? זאָגט ער: „פון פאַריז"; וואוהין? — „קיין לאָנדאָן!" ווי קומט איהר אַהער? זאָגט ער: „פאַרבלאָנדזשעט!" אַ פּנים, צו־פוס געגאַנגען! און ווייזט זיך ביי קיין מנין נישט, אפילו שבת־הגדול נישט! און שטעהט מען צו איהם צו, מאַכט מען אַרום איהם אַ רעדעל, ווערט ער פלוצים נעלם, גלייך די ערד וואָלט'ן איינגע־שלונגען, און שווימט אַרויס אויף יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַליע און אָנגעהויבען צו מאַכען קונצען.

אָבער קונצען! בפני קהל ועדה האָט ער געשלונגען ברענענ־דיגע קוילען, ווי פערפעל; און פון מויל אַרויסגעצויגען האָט ער אַלערליי בענ־ער, רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָליר מען האָט נאָר געוואָלט, און לאַנגע — ווי'ס גלות. פון אַ כאָלעווע פון שטיוועל וואַרפט ער אַרויס זעכצעהן פּאָר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — ווי בערען, און לעבעדיגע, און זיי צולויפען זיך איבער דער סצענע; דערנאָך הויבט ער אויף אַ פוס און קראַצט אָפּ פון דער פּאָדעשווע גאָלדענע רענדלעך, אַ גאַנצע שיסעל גאָלדענע רענדלעך! פּאַטשט מען „בראַוואָ", גיט ער אַ פייף. לויפען זיך אין דער לופטען צוזאַ־

מען חלות און קוילישען, ווי די פייגעל, און הויבען אן טאנצען א ראד צו א ברונז־טאנץ אונטער דער סטעליע. און גיט ער דעם צווייטען פייף, ווערט דאס אלץ כהרף עין פארשוואונדען. כלא חיה! אוים קוילישען, אוים בענדער, אוים אינדיקעס — נאר־נישט!

מילא, ווייסט מען דאך, אז „יענער צד" קאן אויך עפעס באַ־ווייזען! די חרטומים פון מצרים האבען מן הסתם ג ר ע ס ע ר ע קונצען באוויזען! איז אבער די שאלה: פארוואס איז ער אליין אזא גרויסער קבצן? א מענש שארט רענדלעך פון פארעשווע, און האט נישט מיט וואס צו באצאהלען פאר דער אכסניא, מיט א פייף באקט ער אן מעהר קוילישען און חלות, ווי דער גרעסטער בעקער, אינדיקעס ציהט ער ארוים פון כאלעווע, און א פנים האט ער — אן אויסגעצויגענעם, אז שענערע לעגט מען איז דער ערד אריין. און דער הונגער ברענט איהם אין די אויגען ווי א פלאקער! ווער־טעלט מען זיך: די פינפטע קשיא צו „מה נשתנה!"...

נאר איידער עס קומט צו „מה נשתנה", ווילען מיר איבער־לאזען דעם קונצען־מאכער, און איבערגעהן צו חיים־יונה'ן און זיין ווייב רבקה־ביילע. חיים־יונה איז אמאל א וואלד־סוחר געווען, האט ער איינמאל געקויפט א וואלד אין „גלייכען געלט", האט מען דעם וואלד פארמאכט, איז ער ארוים „אין איין העמד". איז ער גע־ווארען „וואלד־שרייבער", האט ער די שטעל פארלוירען; זיצט ער שוין א ישעהנע פאר חדשים אהן פרנסה. א ווינטער האט מען איבערגעלעבט — אויף שונאי־ציון געזאגט; נאך ווינטער געהט אבער פסח! און פארזעצט איז שוין פון הענגעל־לייכטער ביז'ן לעצטען קישען. זאגט רבקה־ביילע: געה אריבער צו קהל און נעם מעות־חטים. זאגט חיים־יונה, אז ער האט בטחון, אז גאט וועט העלפען, און דאס פנים פארשווארצען וועט ער זיך נישט. געהט רבקה־ביילע און זוכט נאך אמאל אין אלע ווינקעלעך, און געפינט אן אלטען אפגעריבענעם זילבערנעם לעפעל — ממש א נס מן השמים, יאהרען זייט דער לעפעל איז פארלוירען געווארען! נעהמט חיים־יונה, נעמט דעם לעפעל, פארקויפט'ן, און טראגט אריין די פאר גראשען אויף מעות־חטים פאר ארעמע לייט. ארעמע לייט, זאגט ער, זענען בילכער. די צייט דערווייל רוקט זיך. שוין אינ־גאנצען נישט מעהר ווי א פאר וואכען צו פסח, — ער האט בטחון!

גאט, זאגט ער, פארלאזט נישט! מילא, רבקה־ביילע שווייגט; אז אשה מוז פאלגען א מאן. עס געהט אבער אוועק נאך א טאג, נאך א טאג, רבקה־ביילע ווייסט נישט פון קיין שלאף, גראבט דאס פנים אין שעניק אריין און וויינט שטילערהייט, חיים־יונה זאל נישט הער־רען, און אויף פסח איז קיין צייכען נישטא. און טעג האט זי ערגערע ווי נעכט.—ביינאכט וויינט זיך א מענש כאטש אפ דאס הארץ, ביי־טאג אבער מוז מען קנייפען די באקען, די פארב זאל שטעהן! שכנות קוקען איהר נאך און גאפען, און קוקען זיך די אויגען אויס, און שטעכען זי מיט רחמנות־בליקען, ווי מיט נאדלען... אנדערע פרעגען: ווען באקט איהר מצות? ווי האלט איהר מיט בוראקעס? די נעהנטערע זאגען:

— סטייטש, וואס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע?! פעהלט אייך, ווען מיר אייך בארגען, וכדומה...

חיים־יונה וויל אבער נישט קיין „מתנת בשר ודם", און רבקה־ביילע וועט געגען איהר מאן נישט געהן — זוכט זי זיך אויס תרוצים פון אונטער דער ערד, און דאס פנים פלאמט און פלאמט...

זעהען די שכנים, אז עס איז נישט, ווי עס דארף צו זיין, נע־מען זיי און לויפען צום רב — סטייטש? דער רב, נעבעך, הערט אויס, קרעכצט אפ און פארקלערט זיך, און סוף כל סוף ענטפערט ער, אז חיים־יונה איז א בן־תורה און א ירא־שמים, און אויב ער האט בטחון, האט ער!...

רבקה־ביילע איז אפילו אהן בענש־ליכט געבליבען...

און — שוין פסח!

חיים־יונה געהט פון בית־המדרש אהיים, זעהט ער, אז אלע פענסטער אין מארק שיינען ארויס מיט שמחת־יום־טוב, און נאר זיין דירה שטעהט, ווי אן אבל צווישען מחותנים, ווי א בלינדע צווישען זעהענדיגע. ער פאלט אבער ביי זיך נישט אפ: „אז גאט וועט וועלען, וועט נ א ך זיין פסח!" — טראכט ער. ער געהט אריין און זאגט פרעהליך: „גוט יום־טוב", און איז נאך אמאל מטעים: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!" און רבקה־ביילע'ס קול ענטפערט איהם, אנגעזאפט מיט טרערען, פון א פינסטערען ווינקעל ארויס: „גוט יום־טוב, גוט יאהר!" און איהרע אויגען ברענען ארויס פון פינסטערען ווינקעלע, ווי צוויי ברענענדיגע קוי־לען. געהט ער צו איהר צו און זאגט איהר: „רבקה־ביילע, —

זאָגט ער, — היינט איז יום־טוב, יציאת מצרים, פארשטעהסט? טרויערען טאָר מען נישט! און וואס איז דאָ צו טרויערען? אויב דער רבונו של עולם האָט נישט געוואָלט, מיר זאָלען האבען א ו נ ז ע ר פסח, מוז מען אננעמען פאר ליעב און זיין ביי א פרעמדען סדר. וועלען מיר געהן ערגעץ־אנדערש צום סדר! מען וועט אונז אריינ־לאָזען אומעטום... מיר און טויער שטעהען אפען... אידען זאָגען: „כל דכפין ייתי וייכול", דאָס איז טייטש: ווער עס איז הונגעריג, זאָל אריינקומען עסען. קום, נעם אויף דיר די שאל, וועלען מיר געהן צום ערשטען בעסטען איד"...

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיג דעם רצון פון איהר מאַן, האַלט־איין מיט אלע כחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך איהר צום האַלז, נעמט אויף זיך א צוריסענע שאַל און וויל שוין געהן.— אין דער זעלבער רגע עפענט זיך אבער די טיר, און עמיץ קומט אריין און זאָגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערען זיי: גוט יאָהר, נישט זעהענדיג, ווער עס איז צו זיי אריינגעקומען.

זאָגט דער, וואס איז אריינגעקומען: איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!

ענטפערט חיים־יונה: — מיר האבען אליין קיין סדר נישט...

ענטפערט יענער, אז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך!

— אין דער פינסטער? — האַלט זיך שוין רבקה־ביילע נישט איין און שלוכצט.

— חלילה! — ענטפערט דער אורח — עס וועט זיין ליכט. און ער גיט א מאַך: האָקוס־פּאָקוס! און עס באווייזען זיך צוויי פאר זילבערנע לייכטער מיט אנגעצונדענע סטעארין־ליכט, אין מי־טען שטוב, אין דער לופט! עס ווערט ליכטיג. חיים־יונה און רבקה־ביילע דערזעהען, אז דאָס איז דער קונצען־מאַכער, און זיי גאַפען און קאַנען פאר וואונדער און שרעק קיין איינציג וואָרט פון מויל נישט ארויסברענגען. זיי כאַפּען זיך איינס דאָס צווייטע אן ביי די הענט און שטעהען מיט אויפגעריסענע אויגען און אפע־נע מיילער. דער קונצען־מאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פארשעמט אין א ווינקעלע, און זאָגט צו

איחם : „נו, בחור׳ל, באדעק דיך און קום אהער !" און אזוי ווי ער זאגט דאס ארויס, פאלט פון סטעליע אויפ׳ן טיש אראפ א שניי־ווייס טישטוך און באדעקט איהם, און דער באדעקטער טיש הויבט זיך אן ריהרען, און געהט און קומט אינמיטען שטוב אריין, און פארהאלט זיך פונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאזען זיך נידעריגער אראפ און שטעלען זיך אנידער אויפ׳ן טיש. „אצינד — זאגט דער קונצען־מאכער — פעהלען נאר הס׳בעטען, — זאלען זיין הס׳בעטען !" געהען דריי בענקלעך, פון דריי עקען פון שטוב, און געהען צו צום טיש און שטעלען זיך אויף זיינע דריי זייטען. הייסט ער, דער קונצען־מאכער, זיי זאלען ברייטער ווערען, ציהען זיי זיך אויס אין דער ברייט, און עס ווערט פון זיי פאטער־שטולען. רופט ער אויס : „ווייכער !" — באדעקען זיי זיך מיט רויטען סאמעט, און תוך כדי דבור פאלען אויף זיי פון סטעליע אראפ ווייסע, שניי־ווייסע קישען, און לעגען זיך, אויפ׳ן קונצען־מאכערס געבאט, אויף די פאטער־שטולען און — עס ווער־רען הס׳בעטען ! אויף זיין געבאט באווייזט זיך אויך א קערה מיט מינים און שטעלט זיך אויפ׳ן טיש, עס באווייזען זיך אויך רויטע כוסות מיט פלעשער וויין, און מצות, און אלץ, וואס מען דארף צו א כשר׳ן און פרעהליכען סדר, אפילו „הגדות" מיט א גאלדענעם שניט.

— און וואסער צו וואשען האט איהר ? — פרעגט דער קונ־צען־מאכער — איך קאן ברענגען וואסער אויך !

דאמאלט האבען זיי זיך ערשט אויפגעכאפט פון גאפען. און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונה׳ן אויפ׳ן אויער : מעג מען ? וואס ? און חיים־יונה ווייסט איהר נישט, וואס צו ענטפערן. ראט זי איהם : געה, מיין מאן, און פרעג דעם רב. ענטפערט ער, אז ער קאן זי מיט׳ן קונצען־מאכער אליין נישט איבערלאזען. וויל ער, זי זאל געהן. זאגט זי, אז א נארישער אידענע וועט דער רב נישט גלויבען, ער וועט מיינען, אז זי איז פון זינען אראפ. געהען זיי ביידע צום רב און לאזען איבער דעם קונצען־מאכער מיט׳ן סדר.

האט דער רב געזאגט, אז דאס, וואס ווערט געמאכט מיט כשוף, האט קיין ממשות נישט, ווארים כשוף איז נאר א פארבלענ־דעניש פאר די אויגען. הייסט ער זיי אהיים געהן, און אויב די מצה וועט זיך לאזען צוברעכען, דער וויין — גיסען אין די כוסות

אריין, און די קישען פון הס'בעט — אנטאפען, וכדומה, איז גוט...
איז עס מין השמים, מעגען זיי געניסען.

אזוי האט דער רב גע'פסק'ענט. געהען זיי מיט הארץ־קלאַ־
פעניש אהיים. קומען זיי אריין, איז דער קונצען־מאכער שוין נישט
דאַ, און דער „סדר" שטעהט, ווי ער איז געשטאנען. די קישען לאַ־
זען זיך אנריהרען. דער וויין גיסט זיך, די מצות ברעכען זיך... האַ־
בען זיי ערשט פארשטאנען, אז דאס איז געווען אליהו הנביא, און
האבען געהאט א פרעהליכען יום־טוב!

# ס׳אי׳ גוט.

— איהר פרעגט, אין וואס פאר א זכות איך בין א איך גע־
בליבען ?

נאר אין מיין זכות, נישט אין זכות פון מיינע אבות. איך בין א זעקס־יעהריג לערנ־אינגעל געווען; מיין טאטע—א ישוב׳ניק אונטער ווילנא. אזוי — א בעל־הבת׳ישער מענש.

אז איך בין א איך געבליבען — האב איך עס דעם שפאלער זיידען צו פארדאנקען.

ווי איך קום צום שפאלער זיידען ? — פרעגט איהר.

דער שפאלער זיידע איז נאך דאמאלט קיין שפאלער זיידע נישט געווען. א יונגער מאן איז ער געווען, געליטען האט ער דאמאלט גלות. ארומגעגאנגען איז ער א צייט מיט די קבצנים פון קהלה צו קהלה, פון אורחים־הויז צו אורחים־הויז — א קבצן, ווי אלע קבצנים. קרוע־בלוא ווי אלע. וואס אינעווייניג, אין הארץ, האט געשטעקט — נעה ווייס !

און נאכ׳ן אפליידען גלות, איז נאך אויך די צייט נישט געקר־מען נתגלה צו ווערען. שטעלט ער זיך פאר׳ן בית־דין־צדק אין ווילנא, נעמט ארויס א היתר־שחיטה און ווערט שוחט אויפ׳ן דארף. ער געהט שוין נישט ארום איוף דער וועלט, און האלט זיך אין דער ווילנער סביבה. מתנגדים האבען אבער א חוש־הריח, האבען זיי עפעס דערפיהלט. הויבען זיי איהם אן צו רודפ׳ן, בלבולים צו מאכען. מסר׳ט מען איהם פאר׳ן בית־דין־צדק, ווייס איך ? — אז ער איז עובר אויף כל התורה כולה ! וואס מתנגדים קאנען !

ווי געזאגט, בין איך דאמאלט אלט געווען א יאהר זעקס. ער פלעגט צו אונז אריינקומען שעכטען א דקה, אדער אזוי איבער־נעכטיגען, און איך האב איהם זעהר ליעב געהאט. וועמען דען האב איך געזאלט, אחוץ טאטע־מאמע, ליעב האבען ? א מלמד האב איך געהאט א קפדן, ממש א הורג נפשות ; און דאס אבער איז געווען א גוטע, הארציגע נשמה, מיט׳ן קוק האט ער מחיה נפשות געווען ! די בלבולים האבען זייערס געטאן — מען האט׳ן מעביר

געוועזן פון שחיטות. מיין מלמד האט געמוזט דערינגען א חלק תאַ־
בען, ווארים ער האט באלד א ידיעה באקומען דערפון, און ווי דער
שוחט איז געקומען, האט ער א געשריי געטאן: „עוכר ישראל!
משומד!“ און אנגעכאפּט איהם ביים פּאדקאלנער און ארויסגעי־
ווארפען פון שטוב. עס האט מיר א שניט געטאן ביים הארץ,
ווי א מעסער. פאר'ן מלמד האב איך אבער געציטערט אימת־מות,
און ערשט שפּעטער, אז ער האט זיך פארקוקט, האב איך מיך
ארויסגעכאפּט פון שטוב און אנגעהויבען נאכלויפען דעם שוחט
איבער'ן טראקט, וואס האט זיך, נישט ווייט פון שטוב, אריינ־
געלאזט אין א וואלד, וואס האט זיך שוין געצויגען ביז ווילנא.
ו ו א ס איך האב געוואלט דערמיט פועל־יוצא זיין, ווייס איך
נישט, נאר עס האט מיך עפּעס געטריבען צום ארעמען שוחט'ל.
איך האב מיך געוואלט מיט איהם כאטש געזעגענען, כאטש נאר
איין מאל ארייננקוקען איהם אין די גוט־הארציגע אויגען אריין...

אבער איך לויף און לויף, און האק מיר אפּ די פיס אן די
שטיינער פון וועג, און זעה קיינעם נישט פאר די אויגען. נעם איך
מיך רעכטס, אראפּ אין וואלד אריין, און קלער, מיך אביסעל אפּ־
צורוהען אויף דער ווייכער וואלד־ערד. איך וויל מיך שוין זעצען,
הער איך א קול, דאכט זיך, זיין קול, פון מיטען וואלד ארויס, —
א האלב־זינגענדיג קול. געה איך שטילערהייט נאך דעם קול. דער־
זעה איך א י ה ם פון ווייטען, ווי ער שטעהט און שאקעלט זיך
אונטער א בוים. איך הער מיך צו — ער זאגט שיר־השירים! איך
קום מיך בעסער צו, זעה איך, אז דער בוים, אונטער וועלכען ער
זאגט שיר־השירים, איז אנדערש ווי אלע בוימער. אלע בוימער
שטעהען נאך נאקעט און בלויז, און ד ע ר גרינט זיך, און בליהט,
און שיינט ווי די זון, און שטעקט אוים די בליהענדיגע צווייגען אי־
בער'ן שוחט'ס קאפּ, ווי א סכך. און מחנות פייגעל טאנצען ארום
צווישען די צווייגען, און זינגען־מיט „שיר השירים“! איך ווער
נבהל ונשתומם, און שטעה מיט אויפגעריסענע מויל און אויגען,
און שטעה!

ענדיגט ער זיין שיר־השירים, ווערט אויסגעלאשען דער בוים,
ווערען נעלם די פייגעלעך, און ער דרעהט זיך אום צו מיר און
זאגט מיר מיט ליעבשאפט:

—הער, יודעלע („יודעל“ הייס איך), איך האב צו דיר א בקשה.
— אדרבה, — ענטפער איך מיט פרייד, און טראכט מיר, ער

וועט אודאי וועלען, איך זאָל איהם ארויסברענגען עסען, און בין שוין בדעה צו לויפען און ברילהדל שטעלען דער מאמעס שבת. ער זאָגט אָבער:

— הער, וואָס דו האָסט געזעהן, זאָל בלייבען ביי דיר!

די שמחה ווערט ביי מיר אויסגעלאָשען, און איך זאָג־צו ערנסט און געטריי, אז איך וועל שווייגען.

— הער נאָך עפּעס, יודעלע. דו וועסט געהן — זאָגט ער — אין א ווייטען, זעהר א ווייטען וועג און א לאַנגען וועג.

וואונדער איך מיך: ווי קום איך צו'ן א ווייטע, לאַנגען וועג? און ער זאָגט ווייטער:

— דיין רבי'נס תורה וועט מען דיר ארויסשלאָגען פון קאָפּ, וועסט טאטע־מאמע פארגעסען,—זעה אָבער, בלייב ביי דיין נאָמען! דו הייסט „יודעלע", בלייב א איד!

דערשרעק איך מיך, נאָר פון הארץ שרייט פון מיר ארויס:

— זיכער! כ'זאָל אזוי לעבען!

און מיר ליגט נאָך מיינס אין זינען!

— אָבער, — זאָג איך, — עסען ווילט איהר?

נאָר איידער איך האָב עס ארויסגעזאָגט, איז ער מיר נעלם געוואָרען...

און אויף דער צווייטער וואָך איז מען אונז באפאלען, און מען האָט מיך אוועקגעפיהרט, אלס קאנטאָניסט...

---

און עס איז אוועקגעגאַנגען א צייט, און איך האָב טאקע אלץ פארגעסען... מען האָט מיר אלץ פון קאָפּ ארויסגעשלאָגען.

אין טיף רוסלאנד האָב איך געדינט, צווישען שנייען און מורא'דיגע פרעסט, קיין איד פאר די אויגען נישט געזעהן... אפשר האָבען דאָרט באהאלטענע אידען געוואוינט, נאָר איך האָב פון זיי נישט געוואוסט. פון שבת און יום־טוב נישט געוואוסט, פון קיין תענית נישט. איך האָב אלץ פארגעסען...

נאָר דאָס רענדעל אויסגעטוישט האָב איך נ י ש ט!

וואָס מעהר איך האָב פארגעסען, מעהר יצר־הרע האָב איך געהאט פּטור צו ווערען פון די פיין, די יסורים — אן עק! אָבער ווען עס איז מיר געקומען דער שלעכטער געדאנק אויפ'ן קאָפּ, האָט ער זיך באוויזען באשיינפּערליך, און איך האָב באשיינפּערליך געהערט

זיין קול: „בלייב ביי דיין נאמען, זיי א איד!“

און אז עס איז קיין וויסטער חלום נישט געווען, האב איך געוואוסט אויף זיכער... איך האב'ן וואס אמאל ע ל ט ע ר און ע ל ט ע ר געזעהן... די בארד און פאות — וואס אמאל ווייסער, דאס פנים — בלאסער... נאר די אויגען זענען געבליבען די איי־גענע, די זעלבע גוטהארציגע אויגען, און דער קול דער איינענער, גלייך א פידעלע שפילט...

איינמאל האט מען מיך געשמיסען, איז ער געשטאנען נעבען מיר און האט מיר געווישט דעם קאלטען שווייס פון שטערן, און איבער'ן פנים געגלעט, און שטילערהייט געזאגט: „שריי נישט, כדאי צו ליידען, בלייב א איד!“ און איך האב אויסגעהאלטען אהן א געשריי, אהן א זיפץ, גלייך מען שלאגט נישט מ י ך...

---

איינמאל, שוין דאס לעצטע יאהר, האב איך גענדארפט ארויס־געהן אלס טשאסאוואי צום צעכהויז הינטער דער שטאדט. עס איז געווען פארנאכט, און עס האט זיך געטראגען א זאווערוכע פון שניי. דער ווינט האט אויפגעהויבען גאנצע ברילעס שניי און האט זיי צוריבען אויף נאדלען, צושטויבט אויף שטויב, און דער שנייאיגער שטויב מיט די שנייאיגע נאדלען האבען זיך ארומגעיאגט אין דער לופט, געפאטשט אין פנים אריין, געשטאכען... קיין אויג אפען צו האלטען! קיין אטעם צו כאפען! פלוצלונג דערהער איך, מענשען געהען נישט ווייט פארביי, און עמיץ זאגט אויף אידיש: היינט איז די ערשטע נאכט סדר! צי איז'ס א בת־קול געווען, צי זענען ווירק־ליך מענשען פארבייגענאנגען? — ווייס איך נישט עד היום... נאר די ווערטער פאלען מיר, ווי א בליי אויפ'ן הארץ, און קוים איך בין צוגעקומען צום צעכהויז און האב אנגעהויבען אויף און אפ צו געהן, באפאלט מיך א מין בענקעניש, א מין הארץ־וועהטאג, אז עס איז גאר נישט צו באשרייבען. עס ווילט זיך מיר דוקא „הגדה“ זאגען, און—איך זאל עס געדענקען א ווארט! איך פיהל, אז ערגעץ טיף, טיף ביי מיר אין הארץ ליגט זי, די הגדה; כ'האב זי אמאל אויסענווייניג געקאנט: איך פיהל, אז ווען איך זאל מיך נאר איין ווארט, איין־איינציג ווארט דערמאנען, וואלט שוין די רעשט זיך אויך באוויזען און ארויסגעצויגען פון מיר, ווי א שנור פארשלא־פענע פינגער פון אונטער'ן שניי. איך קאן מיך אבער דאס ערש־

טע ווארט בשום אופן נישט דערמאָנען! „רבונו־של־עולם! — האָב איך אויסגעשריען מיט הארץ — איין ווארט, כאָטש אײן ווארט!“ און אויסגעשריען, א פנים, האָב איך אין א גוטער שעה. איך האָב מיך דערמאָנט: „עבדים היינו“, — גלייך מען האָט עס מיר פון הימעל אראָפגעוואָרפען. ווער איך פול און פול מיט פרייד; איך פיהל, אז איך בין איבערגעפילט מיט פרייד, אז זי גיסט זיך פון מיר ארויס, די פרייד, אז זי שטראָלט מיר ארויס פון דער נשמה. און איך גיי אויף און אָפ מיט דער ביקס אויף דעם אקסעל, און זאָג, און זינג ארויס דער ווייס־פארשוי־יטער, פאר־חלום׳טער וועלט די הגדה... און זי האָט זיך פון מיר ארויסגעצויי־גען, די הגדה, געצויגען און געצויגען, ווי א גאָלדענע שנור, ווי א שנור פון פערעל — אך! דאָס קאָנט איהר גאָרנישט פארשטעהן, דאָס קאָנט איהר גאָר נישט משיג זיין... מען דאַרף אייך פריהער אהין שיקען!

און דער ווינט האָט זיך דערווייל געלעגט, די זאַווערוכע האָט אויפגעהערט, און עס באווייזט זיך א קלאָרער, פינקעלדיגער הימעל, א ווייסע מיט בריליאַנטען אויסגעשטראַלטע וועלט... שטיל איז ארום און ארום, און ווייס, אָהן א שיעור ווייט און אָהן א שיעור ווייס... א שטילע, רוהיגע, זיסע, ווייטע ווייסקייט...

און איבער דער שטילער, ווייטער ווייסקייט באווייזט זיך פלוצלונג נאָך עפּעס ווייסערס, נאָך עפּעס העלערס, שטראַלענדיי־גערס... און עס געהט, און עס קומט פון ווייטען... אין קיטעל און טלית געקליידט... דער טלית אויף די אקסעל, איבער׳ן טלית, פון פאָרענט, א ציטערדיגע, ווייסע, זילבערנע באָרד, העכער — צוויי שטראַלענדיגע אויגען, איבער זיי א ברענענדיגע קרוין — א קאָפּעל מיט זילבערנע און גאָלדענע שפּאַניעס, און עס קומט צו נעהנטער און נעהנטער... און עס געהט פאר מיר פארביי, און אז עס גלייכט זיך אויס מיט מיר, זאָגט עס:

— ס׳איז גוט!

ווי א פידעלע האָט עס אויסגעשפּיעלט, און עס ווערט פאר־שוואונדען...

נאָר די אייגענע אויגען, דער אייגענער קול...

צוריק־צו־וועגס, בין איך געגאַנגען איבער שפּעלע. גייע איך אריין צום „אלטען“...

איך האָב איהם דערקענט, ער האָט מיך דערקענט...

# דער אוצר.

צו שלאָפען תמוז־צייט אין א שטיבעל פון ד׳ על ד׳, צוזאַ־מען מיט א ווייב און אכט קינדערלעך, איז נישט קיין גרויסער תענוג, כאָטש פרייטאג צו־נאכטס. כאַפט זיך טאָקע שמערל האָלץ־העקער אויף נאָך האַלבער נאכט אין אָפּגעקאַכטער און אַהין אָטעם, גיסט זיך נעשוויינד אָפּ די נענעל, כאַפּט אויף זיך דאָס כאַלאַטעל און לויפט א באַרוועסער פון טרוקענעם גיהנום אַרויס. קומט ער אין גאַס אריין — שטיל, אַלע לאָדען פאַרמאַכט, און איבער׳ן שלאָ־פענדיגען שטעדטעל שטעהט א הויכער, שטילער, אויסגעשטערנטער הימעל. דאַכט זיך איהם, אַז אצינד איז ער איינער אַליין מיט גאָט, ברוך הוא; מאַכט ער, אַרויפקוקענדיג צום הימעל: „נו, רבונו של עולם, אצינד איז צייט, זאָלסט מיך אויסהערען און בענשען מיט אַן אוצר פון דיינע אוצרות״. ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, דערזעהט ער, אַז פאַר איהם לויפט עפּעס א פלעמעל פון שטעדטעל אַרויס. פאַרשטעהט ער, אַז דאָס איז עס. וויל ער נאָכלויפען, דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז שבת, אַז לויפען טאָר מען נישט, — געהט ער נאָך. און אַזוי ווי פּאַמעלעך ער געהט, אַזוי פּאַמעלעך הויבט אויך דאָס פלעמעל אָן צו געהן, און דער מהלך צווישען איהם און דעם פלעמעל ווערט נישט לענגער, נישט קירצער. געהט ער. טיילמאָל רופט זיך איהם עפּעס אָן אין האַרץ: שמעריל, זיי קיין נאַר נישט, נעם אַראָפּ דאָס כאַלאַטעל, טו א שפּרונג־אונטער, און וואַרף עס אַרויף אויף דעם פלעמעל! פאַרשטעהט ער אָבער, אַז דאָס רעדט אין איהם דער יצר־הרע. דאָס כאַלאַטעל נעמט ער פון זיך אַראָפּ, גרייט צו וואַרפען איז ער, נאַר, להכעיס דעם יצר־הרע, מאַכט ער נאָך קלענערע טריט, און דערפרעהט זיך, זעהענדיג, אַז זייט ער מאַכט קלענערע טריט, רוקט זיך דאָס פלעמעל אויך פּאַמעלעכער. געהט ער אַזוי פּאַמעלעך דעם פלעמעל נאָך און געהט, קומט ער פּאַמעלעך אַרויס פון שטעדטעל. דער וועג שלענגעלט און דרעהט

זיך איבער פעלדער און לאָנקעס, און דער מהלך צווישען איהם און דעם פלעמעל ווערט אלץ נישט לענגער, נישט קירצער, און אז ער זאָל וואַרפען דאָס כּאַלאַטעל, וואָלט ער צום פלעמעל נישט דער־גרייכט. דערווייל צורודערען זיך איהם אין קאָפּ די געדאַנקען: ווען ער זאָל כאַפּען דעם אוצר, וואָלט ער אויף דער עלטער קיין האָלץ־העקער נישט געווען; ער האָט שוין נישט דעם כח צו דער ארבייט, וואָס אַמאָל. דעם ווייב וואָלט ער געקויפט א שטאָדט אין דער ווייבערשער שול, זי זאָל נישט האָבען קיין פאַרשטערטע שבתים און ימים טובים דערפון, וואָס מען לאָזט זי אין ערגעץ נישט זיצען, ראש־השנה און יום־כּפּור פאַלט זי נעבעך גאָר פון די פיס — די קינדער האָבען איהר די כוחות צוגענומען! און ער וואָלט איהר א ניי קלייד געמאַכט, א פּאָר שנירלעך פּערעל גע־קויפט... די קינדער וואָלט ער אין בעסערע חדרים אָפּגעגעבען, פאַר דעם עלטסטען מיידעל וואָלט ער זיך שוין אומגעקוקט וועגען א שדוך... אזוי, נעבעך, טראָגט זי דער מוטער נאָך די קיישלעך מיט אויבס, און האָט קיינמאָל קיין צייט נישט אפילו זיך רעכט צו פאַרקעמען. און צעפּ האָט זי לאַנגע, לאַנגע, און אויגען, ווי א סאַרנע...

— עס וואָלט א מצוה געווען צו כאַפּען דעם אוצר...

— ווייטער דער יצר־הרע! — טראַכט ער — אז עס איז נישט באַשערט, איז נישט! אין דער וואָכען וואָלט ער שוין געוואוסט, וואָס ער האָט צו טון... וואָלט דאָ זיין יענקעל געווען, וואָלט ער שוין נישט געשוויגען... היינטיגע קינדער — ווער ווייסט, וואָס זיי טוען אלע שבת... דער אינגערער איז אויך נישט בעסער. אויס'ן מלמד מאַכט ער חוזק... וויל ער א קלאַפּ טון, רייסט מען איהם אויס די באָרד... און ווער האָט צייט אויף זיי אכטונג צו געבען?

— א גאַנצען טאָג האַק און זעק...

ער זיפצט אָפּ און געהט אלץ ווייטער און ווייטער, און וואַרפט פון צייט צו צייט אַן אויג אין הימעל אריין: „רבונו של עולם, ווען וועמען ווילסט דו דאָ אויספּרואָווען? שמעריל האָלץ־העקער? ווילסט נעבען, גיב!“ דאַכט זיך איהם, אז דער אוצר הויבט זיך אָן צו רוקען אביסעל פּאַמעלעכער, נאָר אין דער רגע דערהערט ער, א הונט בילט, דערקענט ער דאָס בילען: דאָס איז פון „וויסאָקע“ —

דאָס ערשטע דאָרף אונטער דער שטאָדט, און ער דערזעהט שוין, ווי עס וויגען זיך אין דער פרישער פאַרטאָג־לופט ווייסע פלעקען, דאָס זענען די ווייסאַקער פּויערישע הייזלעך. און באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז עס מוז שוין זיין אַ תחום־שבת, שטעלט ער זיך אָפּ.

— יאָ, עס איז אַ תחום־שבת, — טראַכט ער, און זאָגט, ווי אין דער וועלט אַריין: — ווערסט מיך נישט אַראָפּפיהרען פון וועג! עס איז נישט קיין גאָט־זאַך, גאָט מאַכט נישט קיין חוזק פון מענשען — מעשה לץ איז עס! און ער ווערט אַביסעל בייזליך אויפ׳ן בעל־דבר, און דרעהט זיך צוריק אויס צום שטעדטעל, און געהט האַסטיג צוריק. טראַכטען טראַכט ער: אין דערהיים אויס־זאָגען וועל איך נישט; ערשטענס, וועט מען מיר נישט גלויבען... און אַז יאָ, וועט מען לאַכען פון מיר! און צו וואָס זאָל איך מיך ריהמען?... דער בורא־עולם ווייסט — איז גענוג. און זי וואָלט זיך נאָך אפשר געבייזערט, וויים איך? די קינדער אודאי — נאַקעט און באָרוועס, געבעך! צו וואָס זאָלען זיי עובר זיין אויף „כבוד אב“...

ניין, ער וועט עס פאַר׳ן מויל נישט ברענגען... ער וועט אפילו דעם רבונו של עולם דערינען קיינמאָל נישט דערמאָנען. האָט ער דערמיט עפּעס גוטס געטאָן, וועט ער אַליין געדענקען...

און פּלוצלונג דערפיהלט ער אין זיך עפּעס אַ מאָדנע, ליכ־טיגע רוהיגקייט, אין אַלע אברים צוגיסט זיך איהם אַ שטילער נחת. „געלט איז פאַרט נישט מעהר ווי קיי און שפּיי! עשירות קאָן נאָך אַראָפּפיהרען פון רעכטען וועג“. און עס ווילט זיך איהם דאַנקען גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט איהם נישט געברענגט צו קיין נסיון. עס ווילט זיך איהם כאָטש אַ ליעד זינגען. „אבינו מלך“ דערמאָנט ער זיך פון די יונגע יאָהרען, נאָר ער פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין און האַקט אָפּ. ער וויל זיך דערמאָנען אַ חזנ׳ישע זאַך, אַ סיני׳דינעס, — פּלוצלונג אָבער דערזעהט ער, אַז דאָס אייגענע פלעמעל, וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך, איז איהם צוריק אַרויסגעקומען פון פאָרענט. און עס רוקט זיך פאַר איהם גאַנץ פּאַמעלעך צום שטעדטעל, צום שטעדטעל... און דער מהלך צווישען איהם און דעם פלעמעל ווערט ווייטער נישט לענגער, נישט קירצער, גלייך דאָס פלעמעל שפּאַצירט, און ער שפּאַצירט — אַזוי

אַביסעל, לכבוד שבת. פּרעהט ער זיך שטיל און קוקט נאָך. דער חי־
מעל ווערט בלאַסער, שטערענדלעך הויבען זיך אָן לעשען, דער מזרח
רויטעלט זיך אַביסעל, עס צוגיסט זיך ווי אַ שמאָל רויטליך טייכעל
אין דער לענג — און דאָס פלעמעל רוקט זיך אַלץ אין שטעדטעל
אַריין, געהט אין זיין גאַס. אָט איז זיין שטוב, די טיר פון זיין
שטוב, זעהט ער, שטעהט אָפען. ער האָט זי, אָפּנים, פאַרגעסען צו
פאַרמאַכען... און אָט: דאָס פלעמעל געהט אַריין, צו איהם אין
שטוב אַריין געהט עס! געהט ער נאָך, זעהט ער, ווי עס לאָזט זיך.
דאָס פלעמעל, אונטער'ן בעט אַרונטער. אַלע אַרום שלאָפען, —
געהט ער שטיל צו, בייגט זיך איין, זעהט ער, דאָס פלעמעל דרעהט
זיך אונטער'ן בעט, ווי אַ דרעהדעל, אויפ'ן אָרט. נעמט ער און
וואַרפט אַרונטער אונטער'ן בעט דאָס כאַלאַטעל און דעקט דאָס
פלעמעל צו, — קיינער הערט נישט, און דאָ גנב'עט זיך שוין אין
שטוב אַריין אַ גאָלדענער מאָרגען־שטראַל דורך דעם שפּאַלט פון
לאָדען.

זעצט ער זיך אויפ'ן בעט און טהוט אַ נדר, אַז איבער שבת
וועט ער קיינעם קיין וואָרט נישט זאָגען, קיין האַלב וואָרט נישט
— עס וועט קומען, חלילה, צו חלול שבת... זי וועט זיך נישט איינ־
האַלטען, זיי, די בנים, אודאי נישט, זיי וועלען באַלד וועלען איבער־
צעהלען, באַלד וויסען וויפיעל! און באַלד וועט דער סוד פון שטוב
אַרויס, און אין שול, אין בית־המדרש און אין אַלע גאַסען וועט
ווערען אַ גערעדעריי וועגען זיין עשירות... וועגען מזל... און קיינער
וועט נישט דאַווענען, נישט וואַשען זיך, נישט בענשען, ווי עס דאַרף
צו זיין — און ער וועט נאָך פאַרזינדיגען זיין הויזגעזינד און אַ
האַלבע שטאָדט, ניין —קיין פּיפּס נישט... און ער ציהט זיך אויס
אויף דעם בעט און מאַכט זיך שלאָפען...

און אין דעם זכות, אַז ער האָט נאָך הבדלה זיך אַראָפּגעבוי־
גען אונטער'ן בעט און אויפגעהויבען דאָס כאַלאַטעל, איז אונטען
טאַקע געלעגען אַ זאַק מיט אלף אלפי אלפים דינרין, כמעט אָהן
אַ שיעור — אַ גרויס בעט געוועזן! — און איז טאַקע געוואָרען
אַ גביר שבגבירים.

און ער האָט שוין אָפּגעלעבט אין נחת די יאָהרען.

נאָר דאָס ווייב פלעגט איהם אַלע מאָל אין נחת פאַרוואַר־

פֿען: רבונו של עולם, ווי האָט עס א מענש אַ האַרץ ווי אַ שטיין. אַ גאַנצען זומער־טאָג אַ וואָרט נישט צו זאָגען, פֿאַר'ן אייגענעם ווייב קיין איינציג וואָרט... און איך האָב — דערמאָנט זי זיך — דאַמאָלט ביי „גאָט פֿון אברהם" זיך אזוי אַנגעוויינט, אַ ז ו י אַנגעוויינט... עס איז קיין דרייער אין שטוב נישט געווען...

און ער טרייסט זי מיט אַ שמייכעל:

— ווער ווייסט, אפשר האָט זיך עס טאַקי אין זכות פֿון דיין „גאָט פֿון אברהם" אַזוי גוט אויסגעפֿיהרט.

# א גאַנץ יאָהר שכור — פורים ניכטער.

עס איז אַ אידיש ווערטעל, און מען דארף וויסען, פון וואַנען עס קומט.

אין ר' חיים וויטאַל'ס צייטען איז אין צפת געווען אַ יונגער־מאַן, וואָס איז, נישט פאַר אונז געדאַכט, נישט קיין גאַנץ יאָהר נאָך דער חתונה אַן אַלמן געוואָרען. גאָטס וועגען זענען נישט צום פאַרשטעהן, און אַזוינע זאַכען טרעפען זיך. דעם יונגענמאַן האָט זיך אָבער געדאַכט, אַז די וועלט איז איהם אונטערגעגאַנגען, אַז איין זון איז פאַראַן אין הימעל און איין אשה איז געווען זיין ווייב. געהט ער און פאַרקויפט די סחורה פון קלייטעל מיט'ן גאַנצען כלי־בית פון שטוב און גיט אַוועק דאָס גאַנצע געלט דעם צפת'ער ראש ישיבה, מיט אַ תנאי, מען זאָל איהם צורעכענען צו דער ישיבה אַריין און שפּייזען איהם גלייך מיט אַלע און אָפּגעבען איהם אַ באַזונדער חדר, וואו ער זאָל זיצען און לערנען ביחידות.

דער ראש ישיבה האָט צוגענומען די „אַפּותיקי" אויף די ישיבה, און דעם יונגען מאַן האָט מען מיט עטליכע ברעטער אָפּ־געצאַמט אַ באַזונדער חדר'ל אין אַ ווינקעל פון בית־המדרש־בוי־דעם. מען האָט איהם אַריינגעטראָגען אַ זאַק מיט שטרוי, כלים צום וואַשען, און דער יונגערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט לערנען. אויי־סער שבת ויום־טוב, ווען ער פלעגט פאַרבעטען ווערען צו בעלי־בתים, האָט ער פאַר זיך קיין לעבעדיגע בריאה נישט געזעהן; עסען אַ גאַנצע וואָך און אַ העמד לכבוד שבת ויום־טוב פלעגט מען איהם אַרויפטראָגען פון שמש. און אַז ער האָט דערהערט טריט אויף די טרעפּ, פלעגט ער זיך איבערדרעהען צו דער וואַנט, און אַזוי שטעהן מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, ביז מען איז נישט אַרויסגעגאַנגען און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

מיט איין וואָרט: ער איז געוואָרען אַ פּרוש.

אין אָנהויב האָט מען געטראַכט, ער וועט נישט לאַנג אויס־

האַלטען, ווייל פריהער איז ער בטבע א לעבעדיג מענשעל געווען; עס איז אַבער אריבערגעגאַנגען א וואָך נאָך א וואָך. דער פרוש זיצט און לערענט, האַלבע נאַכט הערט מען זיין ווייגענדיג־לערנען־קול אי־בער די גאס. אדער מען זעהט איהם שטעהן ביים בוידעם־פענסטערל און ארויסקוקען מיט'ן בלייכען פנים אין הימעל אריין. — האָט מען אָנגעהויבען צו האַלטען דערפון, אַז צו האָפען, אז פון פרוש וועט אמאל ארויסוואַקסען א גדול בישראל און אפשר א מקובל, א בעל מופת. מען האָט עס דערצעהלט ר' חיים וויטאַל. האָט ער אויסגעהערט, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און געזאָגט: הלואי ער זאָל אויסהאַלטען...

דערווייל איז געשעהען א קליין מופת'ל: דעם שמש'ס קליין מיידעלע, וואָס פלעגט איהם, דעם פרוש, ארויפטראָגען עסען, איז איינמאַל איינגעפאַלען, אז זי מוז דעם פרוש כאָטש איינמאַל זעהן באַשיינפערליך. וואָס טוט זי? טוט זי אויס שיך און זאָקען און טראָגט איהם ארויף די גריץ באָרוועס, און אַזוי שטיל, אז זי הערט איהר איינען הארץ־קלאַפּען. האָט זי זיך אַבער פאַר איהר איינען הארץ־קלאַפען דערשראָקען, איז אראָפּגעפאַלען פון די האַלבע טרעפּ און איז אָפּגעלעגען א פּאָר חדשים. אין דער היים האָט זי די גאַנצע מעשה דערצעהלט, האָט דער עולם אָנגעהויבען נאָך שטאַרקער צו גלויבען אינ'ם פרוש, און נאָך אומגעדולדיגער צו וואַרטען, ער זאָל נתגלה ווערען.

מען האָט עס ווייטער דערצעהלט ר' חיים וויטאַל. ער האָט ווייטער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און דערצו נאָך אָפּגעקרעכצט און געזאָגט: הלואי ער זאָל גובר זיין! און אז מען האָט איהם מפציר געווען, ער זאָל פאַרטייטשען די ווערטער, האָט ער געזאָגט: אז ווייל די ערשטע כונה פון איהם איז נישט געווען לשם שמים, דע־ריבער וועט ער האָבען גרויסע מניעות פון יענעם צד, און הלואי ער זאָל נישט שטרויכלען...

---

און ר' חיים וויטאַל זאָגט נישט פון דער העלער הויט!

איינמאַל זיצט ער, דער פרוש, פאַרטראַכט איבער א ספר, דער־הערט ער פלוצים, ווי עפּעס פּיקט אין דער טיר, פאַלט אויף איהם אַן אַן אימה. עס פּיקט אַבער ווייטער און ווייטער, הויבט ער זיך

אויף, פארגעסט דערווייל צו פארמאכען דעם ספר און געהט עפענען די טיר. עפענט ער די טיר, קומט אריין אן אינדיק. לאזט ער אריין דעם אינדיק. קומט איהם אויף דער מחשבה, אז עס איז גלייך צו האבען א לעבעדיג באשעפעניש אין שטוב. זיין אשה פלעגט האלטען זינגענדיגע פייגעלעך אין שטוב... געהט דער אינדיק פאר איהם פארביי און זעצט זיך שטילערהייט טיף אין א ווינקעלע. און דער פרוש קלערט, וואס דאס קאן באדייטען, און זעצט זיך צוריק צום ספר. אזוי זיצענדיג, פאלט איהם איין: עס איז נישט ווייט פון פורים, האט מען איהם אין זכות פון זיין תורה אן אינדיק געשיקט. וואס וועט ער טון מיט'ן אינדיק? עס וועט איהם — טראכט ער — עמיץ פארבעטען אויף פורים צו דער סעודה, און אפשר וועט עס נאך זיין אן ארעמאן, וועט ער ערב־פורים אהינשיקען דעם אינדיק, וועט ער אויך טועם זיין דערפון. זייט זיין אשה איז נפטר געווארען, האט ער נאך קיין בשר־עוף נישט פארזוכט. אזוי קלערענדיג, הויבט ער אן מיט'ן מויל צו „סמאקיווען". און ער באקומט א פול מויל מיט וואסער. ווארפט ער א בליק אויפ'ן אינדיק, זעהט ער, אז דער אינדיק קוקט אויף איהם פריינדליך. גלייך ער וואלט געוואוסט זיין מיין, און הנאה געהאט דערפון, אז ער וועט דעם זכות האבען געגעסען צו ווערען פון פרוש. קאן ער זיך שוין נישט איינהאלטען, און רייסט אלע ווייליע אפ די אויגען פון ספר, און קוקט צום אינדיק, און עס הויבט זיך איהם אן דאכטען, אז דער אינדיק שמייכעלט צו איהם. אביסעל דערשרעקט ער זיך דערפאר, דאך האט ער הנאה דערפון, וואס עס שמייכעלט צו איהם א לעבעדיג באשעפעניש...

דאס איינענע איז געווען ביי מנחה־ומעריב. אינמיטען שמונה־עשרה קאן ער זיך בשום אופן נישט איינהאלטען, און רייסט אלע מאל אויף די אויגען און קוקט צום אינדיק, און דער שמייכעלט אליץ און שמייכעלט. פלוצים הויבט זיך איהם אן דאכטען, אז דעם שמייכעל קען ער שוין פון לאנג... אז דאס האט דער רבונו של עולם, וואס האט איהם צוגענומען זיין אשה, צוריקגעשיקט איהם איהר ליעבליכען שמייכעל, ער זאל איהם טרייסטען אין זיין איינזאמקייט, און ער הויבט־אן ליעב צו קריגען דעם אינדיק, און ער טראכט, אז עס וואלט א יושר געווען, עס זאל איהם פארבעטען אויף פורים צו דער סעודה אן עושר, כדי דער אינדיק זאל לעבען...

און ארויסגעזאגט האט ער עס אין א גוטער רגע, ווי מיר ווע־לען ווייטער זעהן. דערווייל אבער ברענגט מען איהם, ווי דער שטיינער איז, א שיסעלע גריץ מיט א שטיקעל ברויט. וואשט ער זיך און מאכט זיך גרייט צום עסען.

נאר אזוי ווי ער נעמט דאס ברויט אין האנט אריין און וויל אפבייסען פון איהם — רוקט זיך דער אינדיק ארוים פון ווינקעל און הויבט זיך אן צו פיקען פיק פיק, בלשון בקשה, ווי דאס וואלט הייסען: ער איז אויך הונגעריג, און שטעלט זיך פאר איהם ביים טישעל. טראכט זיך דער פרוש: זאל ער בעסער עסען, וועל איך אן איהם קיין היזק נישט האבען... נעמט ער דאס שיסעלע גריץ מיט'ן שטיקעל ברויט און שטעלט אראפ אויף די פארלאגע, און דער אינדיק זופט און עסט.

אויף מארגען געהט דער פרוש אריבער צום ראש ישיבה, און זאגט איהם, באשר בכן ער האט באקומען א מיט־עסער; ער פלעגט שטענדיג איבערלאזען פון דער גריץ, און היינט — גלייך ער וואלט פון איהר נישט טועם געווען... זעהט דער ראש ישיבה פאר זיך א הונגעריג פנים, זאגט ער, אז ער וועט דערפון מודיע זיין ר' חיים וויטאל, ער זאל מתפלל זיין, דער שד זאל זיך פון איהם אפטין. און דערווייל וועט ער אנזאגען, מען זאל איהם שיקען צוויי שטיק־לעך ברויט און צוויי שיסעלעך גריץ, עס זאל זיין פארביידען גענוג. ר' חיים וויטאל אבער, וועלכען מען האט דערצעהלט אין ראש ישיבה'ס נאמען וועגען דעם מיט־עסער, האט נאר געשאקעלט מיט'ן קאפ און אפגעקרעכצט, אז עס הויבט זיך ערשט אן!

דערווייל באקומט דער פרוש טאפעלטע פארציעס, און ער איז זאט, און דער אינדיק איז זאט. דער אינדיק ווערט אפילו פעט. און אין א משך פון א פאר וואכען ווערט ער, דער פרוש, אזוי צוגעבונדען צום אינדיק, אז יעדען טאג בעט ער גאט, ער זאל אויף פורים פארבעטען ווערען צו אן עושר, כדי ער זאל נישט קומען צו קיין נסיון.

און ווי געזאגט, איז ער אין דעם פאל צו קיין נסיון נישט געקומען. איינער פון די גרעסטע בעלי־בתים האט איהם פארבעטען אויף פורים. און עס איז געווען, נישט נאר אינדיק־פלייש, נאר אלערליי מאכלים טובים און משקה כיד המלך. און אויך זענען פיינע פורים־שפילער געקומען משמח צו זיין דעם גביר מיט זיין

משפחה מיט אַלע געסט, וואָס זענען צו איהם געקומען נאָך זייער סעודה אין דער היים. און אונזער פרוש האָט זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ, ער האָט געגעסען און געטרונקען, אפשר מעהר געטרונקען ווי געגעסען, ווייל דער וויין איז געווען אַ זיסער און אַ שמעקעדיגער און די וואַרימקייט פון איהם איז זיך צוגאַנגען אין אַלע אברים.

פלוצלונג אָבער איז אין איהם אַלץ פאַרענדערט געוואָרען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס אחשורוש־ואסתר־שפּיל... ושתי וויל נישט טון דעם מלכ׳ס רצון און אַריינקומען ווי גאָט האָט זי באַשאַפען... אסתר האָט באַלד דערנאָך נושא חן געווען... מען גיט זי איבער הגי דעם שומר הנשים. און זעקס חדשים בשמן המור, און אַנדערע זעקס חדשים מיט אַנדערע בשמים. אין אונזער פרוש איז פלוצלונג היים געוואָרען אין אַלע גלידער, און פינסטער פאַר די אויגען, און ענג אין האַרץ, און אין דער פינסטערניש זענען פאַר איהם געפלויגען רויטע בענדער, פייערדיגע צונגען. און עס איז איהם באַפאַלען אַ וואונדערליך שרעקליך בענקעניש אַהיים און אַהיים. צום בוידעם אויפ׳ן בית־המדרש, צו זיין חדר, צום שטילען ווינקעלע... צום אינדיק... און ער האָט עס נישט אויסגעהאַלטען און איז פאַר׳ן בענשען אויפגעשפרונגען און אַהיים געלאָפען.

ער קומט אַריין, קוקט אויפ׳ן ווינקעלע, וואו דער אינדיק שטעהט, און ווערט נבהל ונשתומם: דער אינדיק איז מגולגל געוואָרען אין אַן אשה, אין אַן אשה אַ יפת תאר, וואָס די וועלט זעהט עס נישט, און ער הויבט אָן צו ציטערען אויפ׳ן גאַנצען לייב. און די אשה געהט צו איהם צו, און נעמט איהם אַרום מיט ווייסע, וואַרעמע און נאַקעטע הענט דעם האַלז, און דער פרוש ציטערט נאָך מעהר, און הויבט זיך אָן בעטען: נאָר נישט דאָ, נאָר נישט דאָ, עס איז אַ מקום קדוש, הייליגע ספרים ליגען. רוימט זי איהם אַריין אין אויער, אַז זי איז די מלכה שבא, אַז זי האָט דאָ נישט ווייט פון בית המדרש, ביים טייכעל, צווישען די הויכע סטראָסטינעס, איהר קריסטאַלענעם פּאַלאַץ, וואָס שלמה המלך האָט איהר נאָך געשענקט... און זי ציהט איהם, ער זאָל מיט איהר געהן, אַהין צום קריסטאַלענעם פּאַלאַץ...

און ער וואַקעלט זיך און געהט, און געהט...

אויף מאָרגען — דער פרוש איז נישטאָ! מען גיעהט צו:

ר׳ חיים וויטאַל, הייסט ער איהם זוכען ביים ברעג פון טייך. גע־
פינט מען איהם אין א זומפּ צווישען די סטראַסטינעס, נישט טויט,
נישט לעבעדיג...

מען האָט איהם דערראַטעוועט, נאָר פון דאַמאָלט אָן האָט ער
אנגעהויבען טרינקען...

און ר׳ חיים וויטאַל האָט געזאָגט, אז דאָס קומט פון גרויס
בענקעניש צו דער מלכה שבא, אז ער טרינקט, זעהט ער זי, און
מען זאָל איהם לאָזען טרינקען, א גאַנץ יאָהר, נאָר נישט פּורים,
ווייל פּורים וועט זי האָבען אויף איהם א גרויסע שליטה.

און פון דעם טאָקע וואַקסט דאָס ווערטעל: „א גאַנץ יאָהר
שכור, פּורים ניכטער"...

# דער הינטישער סדר.

צום בעל־שם פלעגט פאחרען אן אויפגעקומענער עושר, איז'ן טאקע נישט געווען אויסצוהאלטען. איך וועל'ן אנרופען ביים נאמען, און זאל ער מיך קומען ווערגען! יאקיל קאנסקיוזאליער האט ער גע־הייסען. דער בעל־שם אליין איז דאך געווען בטבע א דימענט, פלעגט ער אויך, ביי זיין אריינקומען, איינקנייטשען דעם שטערן. דער עולם איז פון דער הויט געשפרונגען. ראשית, איז עס נישט געווען קיין ערנסטע זאך. אן אויפגעקומענער עושר, מיט א קופה של שרצים, מן הסתם, אויף די פלייצעס. האט ער זיך אמאל צוקריגט מיט קהל־און־רב ביים א קלפי וועגען כבוד, איז ער, זיי להכעים, געלאפען צום בעל־שם. א פראסטער בשר־ודם וואלט אין אזא מתנגד'יש שטעטעל נישט אונטערגעשטאנען אזוינס צו טון, מען וואלט'ן גע'דורס'ט, עוקר מן השורש געווען! האט ער דאך אבער די קלינגערס, איז ער א גבר־ אלים, טוט ער להכעים. שנית, איז עס געווען א גראבע זאך, א גשמיות, שאין לשער, און דערצו — א בעל־העזה מיט א באריהמער צוזאמען, ווי אלע אויפגעקומענע עשירים. שטעלט מען זיך דאוונען, רייסט ער זיך צום עמוד; עברי קאן ער! וויל מען בענשען, כאפט ער אויס די ברכה. אינמיטען, מען רעדט וועגען אן עני, פאלט ער אריין: „האב איך, רבותים, געקויפט א פערדעל!" און ניט א סמאטשקע מיט די ליפען, אז עס הילכט. איינמאל האט ער מבלבל געווען דעם גאנצען טיש וועגען א בייטש מיט א גאלדענער סקופקע, וואס ער האט באקומען פון כראביע פאטאצקי'ס א לא־קיי!... צו די אלע מעלות טובות איז ער נאך געווען א קמצן שבקמצנים! אויף באריהמעניש נעמט ער אלע וויילע ארויס א גאל־דען טאביק־שקעטעלע, „ויאכלו" — און מאכט שמעקען! צו דער נאז נעמט ער נישט; חלילה, א שאד דער טאביק! און שטעקט

עמיץ פון א זייט אריין א פינגער, פארמאכט ער דאס שקעטעלע מיט א שטיק פרעמדען פינגער. עס איז גאר נישט אויסצודער־צעהלען פון זיין קמצנות...

איינמאל קומט ער חול־המועד־פסח; בלייבט אויף שבת־חול־המועד, און זיצט ביים טיש. דער בעל־שם לאזט איהם נישט מבייש זיין — זיצט ער. רעדט דער בעל־שם וועגען א הויך עניז. ווי אזוי די תפלות קומען ארויף צום כסא־הכבוד, און זאגט, אז נישט אלע תפלות קומען ארויף אין איין צייט, אז אמאל איז א בר־נש מתפלל שפעטער, און זיין תפלה קומט אן פריהער! עס ווענדט זיך דערינען, ווי ר י י ן די תפלה איז! די תפלה, האט ער פארטייטשט, איז א גוף מיט א נשמה. די ווערטער זענען דער גוף, די כונה — די נשמה. וואס מעהר כונה, מעהר רוחניות, אלץ געשווינדער קומט די תפלה ארויף, אלץ מעהר איז זי מתמר ועולה, ווי דער רויך פון מזבח... איז אבער די תפלה מיט ווייניג כונה, קאן זי נישט גלייך ארויף, שלעפט זי זיך אין דער לענג און אין דער ברייט אין רחבות, כאפט זי אויף א ווינט אויפ'ן וועג, צי א כמארע, פארטראגט זי אן א זייט, און ווארפט זי אין כף־הקלע... טיילמאל גיסט זיך א תפלה, וואס האט זיך פארטשעפעט אין א וואלקען, מיט'ן רעגען אראפ... אויף ימים ומדבריות... קומען קומט זי דאך אמאל ארויף: די אותיות־הקודש אליין הויבען זיך אין דער־הויך. יעדע זאך ציהט זיך צו איהר שורש... און סוף כל סוף קומט אמאל די צייט, דער אויר ווערט ריין, עס הערען אויף די מניעות פון וואלקען און ווינטען, הויבען זיך אויף די אותיות פון דער תפלה ארויף, און פאלען אותיות־ווייז פאר'ן כסא־הכבוד... פריהער צי שפעטער — אבי זי קומט! און שטענדיג קומען דעריבער תפלות! און דאס איז דער סוד פון „כי הנה לא ינום ולא יישן"— שטענדיג פאלען תפלות פאר'ן כסא־הכבוד! מתנגדים האבען אפ־געדאווענט, דאווענען חסידים... דערנאך קומען פארשפעטיגטע... און טאג און נאכט געהען זיי, און מדת־הרחמים קאן קיין אויג נישט צומאכען... זי שטעהט אויף דער וואך!

עס טרעפט זיך אבער, — זאגט ער ווייטער, — א איד שטעהט שמונה־עשרה, אין האט אין זינען קארן און ווייץ! די תפלה, רחמנא לצלן, ווערט שוין באשווערט מיט גשמיות, מיט זעקער תבואה, מיט גראבע עסקים... און אזא תפלה קאן שוין, רחמנא לצלן, קומען

שפעט: איבער הונדערט און צוואנציג יאהר! א נפש קומט ארויף אויף יענער וועלט, שטעלט זיך פאר'ן בית־דין־של־מעלה, דער קטיגור לעגט ארויף אויף דער לינקער וואגשאל עברות און עברות, — גאנצע פודען עברות. און דער מליץ־יושר שטעהט מיט לעדיגע הענט און האט נישט וואס ארויפצולעגען. שרייט דער איד: „רבונו־של־עולם, על כל פנים געדאווענט האב איך דאך!" איז אבער נאך זיין תפלה נישט אנגעקומען! און כדי ער זאל זעהן, אז דאס בית־דין איז א בית־דין־צדק, עפענט זיך איהם א פענסטערל פון הי־מעל, און מען הייסט איהם אראפקוקען... קוקט ער און זעהט, ווי זיינע תפלות וואלגערן זיך, רחמנא לצלן, ארום ערגעץ אין א מושב...

און אז א איד האט גאר, רחמנא לצלן, הרהורי עברה ביים דאווענען! און יעדע זאך ציהט צו איהר שורש... נעמען די הרהורי עברה און שלעפען אראפ די תפלות אין שאול־תחתית אריין...

באפאלט אונז אלעמען א מרה שחורה. וויל ער אונז משמח זיין, זאגט ער:

— איך קאן אייך אנזאגען א בשורה טובה! איך האב א ידיעה, אז אונזער סדר האט זיך אין ערגעץ נישט פארהאלטען, ער איז גלייך ארויף, און מען האט'ן דארט אנגענומען מיט אן אמת'ן סבר פנים יפות! דער חד־גדיא מיט'ן נייעם נגון איז גאר שטארק געפעלען געווארען!

פאלט ער אריין, דער מגושם, און גיט א פרעג:

— און מיין סדר, רבי?

פארקנייטשט ער, דער בעל־שם, דעם שטערן און ענטפערט:

— דיין סדר איז נאך נישט אנגעקומען! ער טראגט זיך נאך ארום מיין שטוב, ער וויל אריין צו מיר אויף תיקון.

פרעגט ער, דער שוטה: ווען וועט איהר איהם אריינלאזען? — ער גלויבט דאך נישט.

ענטפערט ער איהם געלאסען:

— נאך הבדלה!

---

פון דער אייגענער מתנגדישער שטאדט איז געקומען אויף פסח א מלמד'ל. געזאגט האט ער דארטען: ער פאהרט אהיים צו דער

פלונית'טע. אז דער קאנסקיוואלער עושר איז געקומען, האט ער זיך פאר איהם באהאלטען און צום טיש נישט געקומען. א מגושם'ער מענש, וועט ער אהיים קומען און דערצעהלען—וועט מען איהם דעם חדר צונעמען און בארד און פאות אויסרייסען. קומט ער, דאס מלמד'ל, נישט צום טיש, און זיצט אויף דער סטאנציע, ביז דער קאנסקיוואלער וועט אפפאהרען. האבען מיר אויף איהם רחמנות, נעמט מען פאר איהם שיריים, און מען טראגט איהם אויף דער סטאנציע שיריים מיט א פלעשעל י"ש... פרעגען מיר דאס מלמד'ל, ווי אזוי דער אויפגעקומענער עושר איז זיך נוהג ביים סדר. איז ער דאך אויף איהם בייז, זאגט ער: דער שווארץ־יאהר ווייסט'ן! א מענש — דערצעהלט ער — וואוינט אונטער דער שטאדט, עס זאל איהם נאהנט זיין צו די פריצים, ער זאל פריהער ארויס־קומען פאר אלע סוחרים — די וועלט וויל ער איינשלינגען! איז ער מגדל־כלבים, מען זאל'ן נישט בא'גנב'ענען, קומט צו איהם קיין איד נישט אריין! א טבע האט ער, אז שבת און יום־טוב נאך מעריב זאגט ער אן דעם שמש, ער זאל איהם אהיים שיקען צוויי־דריי אורחים. ווארטען אויף זיי קאן ער נישט, דער קאלדאן טראגט'ן! אנטלויפט ער אינמיטען „עלינו". אין דער התחלה האט מען איהם געשיקט. זענען די אורחים צוריק געקומען מיט צוריסענע מלבושים און צוביסענע; אזוינע כלבים האט ער. און שריי „חי וקים" — אז טיר און לאדען זענען פארמאכט! האט מען איהם טאקע אויפ־געהערט צו שיקען. און ער טוט זיך זיינס: שיקט, זאגט ער, ווי־פיעל איהר ווילט!

פאר פסח זאגט ער נאך: „כל דכפין ייתי ויכול"! עברי קאן ער!

הערען מיר אויס, וואס דאס מלמד'ל דערצעהלט, און ווארטען, וואס דא וועט זיין נאך הבדלה, ווייל דער בעל־שם האט אונז געהייסען קומען הערען די „הגדה" פון קאנסקיוואלער עושר.

און מיר האבען זיך דערווארט. עס איז נאך הבדלה, דער עולם איז דא, דער אויפגעקומענער עושר זיצט. ער ווארט. עס פאר־דריסט'ן אביסעל, וואס זיין „הגדה" מוז זיך טליקען ארום פרעמדע שטיבער; אביסעל אבער גלויבט ער אין דער גאנצער מעשה נישט. זיצט ער און שפילט זיך מיט'ן גאלדענעם שקעטעלע, און פויקט אריין דערינען, און ווארטשעט: וועל'מיר זעהן, וועל'מיר זעהן...

מען האט שוין אפגעזונגען זמירות. שטעהט אויף דער בעל־שם און הייסט פארמאכען די לאדען און פארשליסען די טיר. ווערט דעם בעל־דבר אביסעל נישט היימליך! הויבט ער זיך אויף און האט חשק צו מאכען פים. לאזט מען איהם נישט! נעהמט איהם עמיץ אן פון הינטען און זעצט'ן צוריק אראפ אויף דער באנק. פאלט ער אראפ אויף דער באנק, ווי א סנאפ תבואה. זיצט ער. הייסט נאך דער בעל־שם אויסלעשען די ליכט. לעשט מען אויס די ליכט, און עס ווערט פינסטער. זיצט מען אזוי א רגע אין דער פינסטער. זיץ איך נעבען דעם קאנסקיוואלער עושר, פיהל איך, ווי ער ציטערט מיט'ן גאנצען לייב. רופט־אויס דער גבאי (א פנים, דער בעל־שם האט איהם געהייסען):

— יאקיל קאנסקיוואלער'ס „הגדה“, קום אריין און לאז דיך הערען!

און — זי לאזט זיך הערען! מען דערקענט באלד יאקיל קאנסקיוואלער'ס קול, נאר עס איז אויסגעמישט מיט נאך קולות! מיט קולות פון כלבים!

„עבדים היינו — האאו, האאו! לפרעה במצרים — האאו, האאו! — און אזוי ווייטער... כל דכפין — האאו, האאו! ייתי ויכול — האאו, האאו!“

---

ווי מען האט צוריק אנגעצונדען די ליכט, איז שוין יאקיל קאנסקיוואלער אין שטוב נישט געווען. און מעהר האט ער זיך נישט געוויזען.

# דער בעל שם טוב פיהרט אוים א שידוך.

**געווידמעט אנסקי, דעם זאמלער.**

האט אין א שטעדטעל ביים ברעג פון בוג געלעבט א פאר־פאלק, וואס זיין ליעבער נאמען האט מיט קינדער נישט געבענשט. און דאס פאר־פאלק — שמואל וזוגתו טריינע מירל — האבען אפליו קיין קלער נישט געטאן וועגען א גט, און אלץ ווייטער און ווייטער געלעבט ווי אונטער דער זון.

און די שטאדט האט נישט געמורמעלט און דער בית־דין־צדק — נישט געוועהרט. מען האט געוואוסט, אז נפשו קשורה בנפשה און אזוי פארקעהרט, און זיי זענען איינס מיט אנאנדער אזוי פארבונדען און פארקניפט, אז רעדען פון א גט וואלט געהייסען צוגעהן מיט א חלף. —

פאר דאס איז דער שמואל — א דאנציגער סוחר — א גרויסער מוצלח געווען אין זיינע עסקים. און מען ווייסט אפילו, פון ווען אן די הצלחה האט זיך אנגעהויבען, פון וואנען זי שטאמט און אן וואס זי האלט זיך.

איינמאל, שמואל איז נאך אין די פעדערען נישט געווען, טריינע מירל איז נאך אין עזרת נשים ביי דער קראטע נישט געשטאנען, קיין בריליאנטענע הענגעל־אויערינג נישט געטראגען, — געהאנדעלט מיט א קליין ביסעל געהילץ, צונעבונדען צוויי דריי טראטוועס צו א גרעסערען סוחר׳ס טראנספארט און א קליין הייזעל געהאט, אויף הילצערנע פיסלער, אונטער א שטרויען דעכעל, — טרעפט זיך א מעשה, ערב שבת, דער בעל שם פאהרט איבער׳ן שטעדטעל אהיים, און פונקט — ווי עמיצען איז באשערט! — פונקט פאר שמואל׳ס טיר צוברעכט זיך אן אקס. שמואל און

טריינע מירל זענען ארוים פאר דער טיר, אריינגענומען דעם בעל־שם — נישט ווייסענדיג אפילו, ווער ער איז, נאר גלאט א איד! — צו זיך, געשיקט נאך א סטעלמאך, צו פאררייכטען די אקס; אייי־דער וואס, איידער ווען — נאך צוועלף, דער בעל־שם בלייבט שוין אויף שבת. און א מכנים אורח איז שמואל פון אייביג אויף, און טריינע מירל האט אויך א גוט אויג און אן אפען הארץ פאר'ן אורח, — האט זיי טאקע פון דאמאלט אן אנגעהויבען צו שיינען דער מזל. און אזוי ווי עס איז שוין געווארען א מנהג, אז ווען דער בעל־שם פאהרט דורכ'ן שטעדטעל, שטעלט ער זיך אפ ביים פאר־פאלק, האט טאקע דער מזל געשיינט, וואס אמאל שענער... וואקסט די צאהל טראטווער, וואס שמואל שיקט קיין דאנציג, פון יאהר צו יאהר, און אזוי די צאהל פערעל פון טריינע מירל'ס האלז, און עס וואקסט דאס הויז, צוגעבויט א שטוב נאך א שטוב, און צוויי שטיבער פאר'ן גרויסען אורח — פאר'ן בעל־שם אפגעשטעלט, און דאס שטרוי פון דאך אויף שינדלען פארביטען, און א הויז געווארען — א פולער בעכער. און עס ווימעלט דאס הויז פון סוחרים. און געהט אפ דער שניי, קומען זיך צוזאמען פון די שטעדטלעך א מנין שיפערס, און פון די דערפער כהנה וכהנה, להבדיל, פליסאקעס, און פול די קאמערען צידה לדרך, און פון הויף שלעפט מען און מען שלעפט באלקען און שוועלער צום ברעג... און דער מייסטער ביי שמואל איז בוזעם־טאש וואקסט אין דער דיק; אז אויף זיין געהילץ האט דאס וואסער ביי דער גרעסטער פארפלייצונג קיין שליטה נישט, דער גרעסטער ווינט צורייסט די טראטווער נישט; און שיקט מען שפעט ארוים, און עס האט זיך א פריהער ווינטער געשטעלט, קירעוועט זיך עס עפעס אליין דורך צווישען אייז און עס קומט אן בשלום... און אונזער שמואל קויפט אלץ גרעסערע וועלדער, און האט שוין געלט ביי לייט, ביי דער מזרח־וואנט — א שטאדט, טריינע מירל אין עזרת־נשים — ביי דער קראטע... און קומט דער בעל־שם, זיצט ער אפ מיט דעם שמואל גאנצע שעה'ען אין חדר און מען שמועסט פה אל פה...

הויבט שוין אן צו נעמען א וואונדער?

— פון וואס רעדט דער שמואל מיט'ן בעל־שם? מן הסתם פון זיינע עסקים... קיין גרויסער למדן און קיין מקובל איז ער נישט... ווי בעט עס נישט א איד וועגען בנים?...

און זיכער איז מען, אז ווען ער ברענגט נאר די פארע פון מויל ארויס, וואלט איהם דער בעל־שם נישט אפגעזאגט. א גרויסע זאך ביי איהם א ברכה צו געבען... אלא וואס? — טראכט מען — דער איד איז אזוי פארטון אין זיינע עסקים, אז ער פארגעסט גאר. וואו ער האלט... הויבט אן צו פארדריסען. וואס איז? ער איז דאך שוין קיין יונגער מאן נישט, און ווען מען גיט א רוף, קאן קיינער נישט וויסען. גיט מען איהם אנצוהערענישען. אין בית המדרש, צווישען מנחה ומעריב, כאפט איהם אמאל אן א גוטער פריינד אין מארק ביים עק לאין: היתכן? און אז שמואל פארשוויינט און דרעהט זיך אויס מיט עפעס א מאדנע אומעטיג שמייכעלע אדער פארדרעהט מיט עפעס אנדערש, קומט מען אהיים און מען דער־מאנט דערפון אין שטוב: מנע, וואס א איד קאן... הערען די וויי־בער „טאקע נישט גלייך", נעמען זיך די ווייבער צו טריינע מירלען. מען טרעפט זיך אין דער ווייבערשער שול ביים דאווגען, אויף א רומפלען, בשעת גוט־יום־טוב ביטען, — שוין א ווייבערישער „היתכן"... מילא, א מאנספארשוין איז א מאנספארשוין, פארנו־מען און פארגעסט, וואו ער איז אויף דער וועלט, אבער זי, טריינע! און מען גיט איהר צו פארשטעהן, אז אייביג לעבט מען נישט, און נישט אייביג איז אן אשה יונג. און חן ביי א מאן איז אויך נישט קיין אייביגע זאך. און וואס שפעטער ער וועט צום אמת'ען שכל קומען, איז אלץ פאר איהר ערגער. האט טריינע מירל איהר גאנס טבע: שמייכעלט און שווייגט, אדער פארדרעדט מיט עפעס אנדערש...

און נישט אומזיסט שווייגט זי און שמייכעלט. זי ווייס, וואס זי איז פאר איהר מאן שמואל — „א טעפעל מיט א שטערצעל"... אין הארץ דאך, פארט אן אשה, הויבט אן צו פיקען: א קינד, א אינגעלע, א קדיש'ל... און עס פיקט זיך אויס א בענקעניש און א שטיל הארץ־וועהטאג נאך א קינד, און ס'הויבט זיך אן אלץ מעהר און מעהר גלייך מיט אלע צו וואונדערען, ווי איז עס איהר שמואל אזא עולם־הזה'ניק געווארען און רעדט אלץ מיט'ן בעל־שם וועגען עסקים און וועגען „קיי־און־שפיי" און קלערט נישט וועגען א תכלית?

זי, פון איהר זייט, וואלט איהם אודאי מוחל געווען די פארע מיט די אויערינגלעד מיט'ן שטערן־טיכעל און ברוסט־טיכעל...

דאָס גאַנצע צירונג, וואָס ער קויפט איהר, וואָס אַ יאָהר מעהר און טייערער... זי האָט טאַקע ליעב איהר מאַן שמואל, ער איז איהר בעסער, ווי צעהן זיהן, אָבער אַוועקגעהן פון דער וועלט, ווי אַן אָפּגעגאַנגענער שאָטען, ווילט זיך פאָרט נישט, אַ מאַמע זיין גלוסט זיך...

זי וועט שוין אַמאָל מיט איהם אַ שמועס טון, מיט גוטען, ווי זי קאָן... האָט זיך אָבער קיין געלעגענהייט נישט געמאַכט. זי וועט דאָך נישט אַרויס דערמיט פון דער העלער הויט.

טרעפט זיך אַמאָל, שמואל דאַרף קומען פון בית־המדרש, פון שחרית, זי גרייט צו טיש אויף אָנבייסען, וואַרפט פאַרבייגעהענ־דיג אַ בליק אין שפּיגעל אַריין און דערזעהט זיך עפּעס נישט ווי נעכטען און אייערנעכטען. זי געהט צו נעהנטער, קוקט זיך בעסער צו: יאָהרען שטעהען נישט; דאָס פּנים׳ל שוין נישט אַזוי פריש, די אויגעלעך נישט אַזוי גלאַנצענדיג, און אונטער די אויגען קנייטש זיך עפּעס... זיפצט זי אָפּ, געהט אַוועק פון שפּיגעל פאַר׳מרה־שחורה׳ט און זעצט זיך ביים טיש און פאַרטראַכט זיך.

שמואל קומט מיט׳ן טלית־ותפלין־זאַק; ווי זיין שטייגער איז:

— גוט מאָרגען!

טריינע מירל שטעהט איהם נישט אויף אַקעגען, ענטפערט שלאָבעריג „גוט־מאָרגען—גוט־יאָהר“, גיט אפילו נישט אַ שמייכעל.

— וואָש דיך! — און עפּעס נישט איהר קול.

פרעגט ער עפּעס אומרוהיג:

— ס׳איז דיר עפּעס, טריינע מירל?

זי ענטפערט נישט און לאָזט די אויגען אַראָפּ.

טראַכט ער: מאַלע וואָס! וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש; טריינע מירל נעמט כמעט נישט אין מויל אַריין...

— טריינע מירל?

זי קוקט נישט אויפ׳ן. די ברעמען אַראָפּגעלאָזט, פון אונטער די ברעמען קייקלען זיך טרערען איבער די באַקען... איז דאָך עס נישט פּראָסט. שטעהט ער אויף, געהט צו צו איהר שטול, הויבט אויף די האַנט און וויל זי גלעטען איבער דער האָר־באַנד; מיין טריינע מירל גליטשט זיך אַרויס פון אונטער דער האַנט:

— לאָז מיך געמאַכט...

און הויבט זיך אויף און לויפט צו דער קאַנאַפּע, און גיט זיך א וואַרף אויף דער קאַנאַפּע און — מיט'ן פּנים צו דער וואַנט.

בלייבט שמואל שטעהן צומישט אינמיטען שטוב; צוגעהן האָט ער מורא. ער איז גאַרנישט געוואוינט צו אַזא אויפפיהרען און ווייסט נישט, וואס דאָס באַטייט:

— טריינע מירל, דו ביסט נישט בקו הבריאות? שיקען נאָכ'ן רופא? זאָג... דיר פעהלט דאָך עפּעס...

דרעהט זיך טריינע מירל איבער כמעט מיט א כעס:

— און דו ווייסט נישט, וואָס מיר פעהלט? און דיר פעהלט נישט, וואָס מיר פעהלט?

און צוּוויינט זיך:

— ווי איז עס א איד אַזוי פאַרפלאָנטט אין עסקים, ווי האָט מען עס אַזא תאוה צו געלט!

שטוינט שמואל:

— איך?

— ווער דען, איך?

און קעהרט זיך ווידער איבער אָפּ און טענה'ט שוין מכלומר'שט צו דער וואַנט:

— א איד זאָל האָבען אַזא תאוה צו געלט. אויף א איד זאָל דער יצר הרע צו געלט אַזא שליט האָבען...

— עס קומט א בעל שם... אַז מען האָט שוין די זכיה... און מען זיצט מיט א בעל שם שעה'ן לאַנג אין חדר פאַרשלאָסען... און ער לאָזט זיך בעטען, אודאי לאָזט ער זיך... רעדט א איד נישט א וואָרט וועגען תכלית... יאָהרען שטעהען דאָך נישט... א לעדיגע, א שטומע שטוב... קיין זכר פון א קינד... און ער וואָס בעט? נאָר געלט און געלט, רעדט נאָר פון זיינע עסקים... פון זיין געהילץ, פון זיינע טראַטוועס...

ניט זיך שמואל א רייב ביים שטערן, קוים פאַרשטאַנען.

נעהט ער נעהנטער צו, זעצט זיך נעבען טריינע מירלען, נעמט איהר האַנט אין זיינע און זאָגט:

— זיי וויסען, זוגתי טריינע מירל, אַז איך האָב נאָך מיט'ן בעל שם הקדוש וועגען מיינע עסקים קיין וואָרט נישט גערעדט!

זעצט זיך טריינע מירל אויף מיט אַן אָפּען מויל.

— גלויבסט מיר, טריינע מירל? בהן שלי זאָג איך דיר!

איהר מאן גלויבט זי... מויערן צו שטעלען אויף שמואל׳ס ווארט...

— פון וואס רעדסטו ?

— איך מוז דאך דיר שוין זאגען — ענטפערט שמואל — פון פרעמדע עסקים... איך בעט טאקע, אבער נישט פאר מיר, פאר אנדערע ! ווייסט דאך, אז ארעמע שטארט אהן פרנסה, איז עס פעהלען נישט קיין אונטערגעננ, קיין חולאת׳ן, רחמנא לצלן... און דער איד האט א מיידעל חתונה צו מאכען, און יענער דאס און נאך איינער יענעס....

לייכטען אויף טריינע מירל׳ס אויגען מיט שטאלץ אויף איהר שמואל׳ן...

„אזוינער, שטאמעלט זי, ביסטו נאר !"... און שפארט אן דעם קאפ אויף זיין הארץ. און רוקט זיך באלד צוריק אפ :

— אבער א קינד, זאגט זי, וויל איך !

— א גאט זאך, טריינע מירל...

— איז דערויף דא א בעל שם...

— איך וויל איהם נישט דולען דעם קאפ מיט אזוינע זאכען...

— דו מוזט !

— איך מוז ?

— ווייל איך וויל... דיין טריינע מירל וויל...

און אזוי ווייטער און ווייטער... און דאס פאר־פאלק איז אזוי פארנומען און פארטיפט מיט זיך, און מיט׳ן עניז, פון וואס מען רעדט, אז עס הערט נישט, ווי מען פארפאהרט פאר דער טיר, ווי עמיץ געהט אין פאדער־שטיבעל... און אומגעריכט גיט זיך אן עפען די טיר, דער בעל שם בכבודו ובעצמו באווייזט זיך... מוז מען דאך איהם שוין זאגען, וועגען וואס עס איז דא געגאנגען...

ווענדט זיך דער בעל שם מיט זיין זיס־אומעטיג קול צו טריינע מירלען :

— ווילסט דוקא, אשה ?

קוקט אויף איהר שמואל צוטראגען, און זי :

— איך וויל, רבי, איך וויל !

— און ער אויך ! — טייטעלט זי אויף שמואל׳ן, וואס שטעהט שוין צומישט.

— אזוי ? דו, שמואל, אויך ? — צושמייכעלט זיך דער בעל־

שם, — נו, קום זשע מיט מיר אין חדר אריין... גיהען זיי, שמואל געהט נאך דעם בעל שם און פארמאכט הינטער זיך די טיר. טריינע מירל, מיט הארץ־קלאפעניש פאר שרעק און פרייד, שטעלט זיך שטיל אויף די נעגעל צו צו דער טיר, און קאן זיך נישט איינהאלטען און עפענט שטיל און אויף א שמאלער שפארע די טיר. זי קאן זיך בשום אופן נישט איינהאלטען! און לעגט צו אן אויער און הערט אונטער. הערט זי, ווי דער בעל שם, אז ער האט זיך געזעצט אין געהייסען שמואל'ן זיצען, זאגט צו איהר מאן מיט די ווערטער:

— זיי וויסען, שמואל — זאגט דער בעל שם — אז פון הימעל פאר דיר האב איך נאר איין ברכה באקומען. מיט'ן כח פון דער ברכה האב איך דיר געגעבען עשירות... ווילסטו גאר בנים... און אייב בנים אין אויס עשירות...

— איך האב, רבי, קיינמאל גארנישט געוואלט קיין עשירות... זייט מיר מוחל, רבי...

„מיין טייערער שמואל", קלאפט מיט פרייד אין טריינע מירל'ס הארץ...

מאכט דער בעל שם:

— אויב נישט עשירות, איז ארעמקייט...

— איז ארעמקייט! — באשטעהט שמואל, און טריינע מירל'ס הארץ הינטער דער טיר וואקסט...

— ארעמקייט איז דלות...

— איז וואס, רבי?

— קאנסט ווערען, לא עליכם, א מחוסר לחם... אויסשטעלען די האנט...

— כ'נעם אן פאר ליעב...

מיט שוין טריינע מירל א צופ ביים הארץ: איהר שמואל יועט חלילה אויסשטעלען א האנט נאך א מתנת בשר ודם...

— עס קאן, לא עליכם, פעהלען ברויט אין מויל אריין... דיר, דיין ווייב...

שמואל כאפט א ציטער... „זיין טריינע מירל!"

— ווילסט?

פארגעסט זיך טריינע מירל און פאלט אריין:

— ער וויל, רבי, ער וויל!

— יא? — ווענדט זיך דער בעל שם צו שמואל'ן — אפילו ווערען נע ונד, לאזען זיך אין דער וועלט אריין?...

— ווי טריינע מירל באשטעהט!

— איך באשטעה, איך באשטעה!

— וועט אזוי זיין! — שטעהט אויף דער בעל שם, און טרייסט זיי באלד: ביז גאט וועט זיך מרחם זיין...

— — — — — — — — — — —

און אזוי איז געווען.

נישט אויסגעגאנגען א יאהר — א קינד אין וויג, א אינגעלע. און שיינען שיינט עס, זאגט טריינע מירל און אלע זאגען, ווי די זון... מען זאל נאר דערהיטען, רבונו של עולם, פאר עין הרע...

און עס האדעוועט זיך דאס קינד און וואקסט... עס האט אפ־געפאקט און אפגעמאזעלט און וואקסט ווידער... פון וויג צום דרדקי־מלמד, פון דרדקי־ צום גמרא־מלמד, פון חדר אין בית המדרש אריין... און אן עלוי וואקסט, א צירונג און א שיינדעל פאר טאטע־מאמע, פאר דער קהלה און פאר דער וועלט... אבער מיט דוד'לס וואקסען — אזא נאמען האט מען דעם קינד געגעבען. — אי שמואל'ס אי טריינע מירל'ס פאטער האבען געהייסען דוד! — צוזאמען מיט דוד'לס וואקסען פאלט דער מסחר... אינ־גאנצען דאס רעדעל זיך איבערגעדרעהט!

אנגעהויבען האט זיך עס באלד ביים ברית...

דאס געהילץ שוין אויף דער ווייקסעל, אין שטוב — נכבדים, א שמחה, א גדולה. מזל־טוב, מזל־טוב! דער קוואטער ניט שוין צוריק איבער דאס קינד, אריינצוטראגען צו דער יולדת. קלאפט מען אן אין פענסטער. קומט מען אריין אין טיר —

א בשורה רעה פון וואסער:

— א ווינט די טראטוועס צוריסען, דאס וואסער דאס גע־הילץ צויאגט... קיין שריד ופליט געבליבען.

הויבט אויף שמואל די אויגען צום הימעל:

— גאט האט געגעבען, גאט האט גענומען!

— געלויבט זאל זיין זיין ליעבער נאמען! — ענטפערט אפ די יולדת, פין איהר שטוב.

און צו וועקען דעם פארשטיינערטען עולם מאכט שמואל:

— נאך דא אביסעל געהילץ אין וואלד, נאך אביסעל געלט ביי לייטען... מאכט בו'כה, אידען...

די לייט זענען במשך פון א קורצער צייט אויך יורדים גע־ווארען; א גראשען נישט אפגענומען; געבליבען נאר דאס ביסעל געהילץ...

קומט די צייט, וויקעלט שמואל איין זיין דוד'לען אין טלית און טראגט איהם דאס ערשטע מאל אין חדר אריין צום דרדקי־מלמד. טריינע מירל שטעהט אין פענסטער און קוקט נאך, מיט א נחת־שטראלענדיג פנים צו דער שויב צוגעקלעפט. שוין נישט די גאנצע טריינע מירל, אבער די אויגען לייכטען!

באגעגענט שמואל, דוד'לען איבער'ן מארק טראגענדיג, א איד פון וואלד, א באקאנטען איד, א שרייבער אין וואלד, גיט ער איהם אין פארבייגעהן „שלום"; פארהאלט איהם אבער דער איד...

— אוי, שלעכט, שמואל, שלעכט... גאר ביטער...

— וואס אין? שמואל מיינט, דעם איד אליין איז עפעס.

— גערעגענט — זאגט דער איד — און גערעגענט; וועגען— גריבער און לעבער; וואו א שטיקעל שאסיי — איבערגעקעהרט... אויף די שלאכען צוואווארפען געהילץ, צובראכענע רעדער און אק־סען... אין וואלד פוילט... דיין געהילץ אויך, שמואל...

שמואל קומט אהיים נישט פרעהליך. טריינע מירל פאלט ביי זיך נישט אראפ:

— ווייסט דו וואס, שמואל? נעם און פארקויף מיין צירונג און דאס ביסעל זילבער פון שטוב ארויס, מאך צו געלט און האנדעל...

— און ווייסט דו וואס, שמואל? פרואוו תבואה...

פאלגט ער. האנדעלט מיט אביסעל ווייץ, מיט אביסעל קארן, לאנגזאם, באהיטזאם, ער זעהט, דער מזל האט זיך אפגעטאן.... שפילען מיט'ן וואסער וועט ער זיך אודאי נישט אונטערשטעהן... הויבט אן דערוויי̇ל דוד'ל חומש...

פארגעסט מען אליץ. א שמחה, א גדולה! א סעודת־מצוה... א קניפ אין באק, און עס שטעהט די פארב: טריינע דעקט א טיש מיט כל טוב — איבער'ן שטאנד... ארום טיש — דער פער פון דער קהלה. שטעהט שוין דוד און זיין חבר — דער אויספרעגער אין דער מיט אויפ'ן טיש... לעגט איהם שוין דער חבר דער אויספרעגער

דאס הענטעל איבער'ן קעפעלע:

— וואס לערענסטו, דוד?

און ווי דוד'ל וויל ענטפערען, ווערט פלוצלונג טונקעל אין שטוב, חושך—אין דרויסען. א שווארצע כמארע אנגעפלויגען, און א ווינט האט זיך ווי פון א קייט אפגעריסען... און א האגעל שלאגט, שלאגט די שויבען אוים...

פון שמואל'ס ביסעל תבואה, וואס ער האט ביי פריצים אויפ'ן פעלד, אויף אייגענע אחריות געקויפט, איז — קיין שריד ופליט געבליבען... קוים דאס ביסעל שטרוי פאר'ן פריץ.

נאך אלץ אבער קיין סכנת נפשות נישט. פאראן נאך א הויז, און דער שכן דער אינו־ישראל האט אן אויג דערויף. פארקויפט מען איהם דאס הויז, מען דינגט ביי איהם צוריק א דירה מיט א געוועלב און מען פארלעגט א שניט־קראם. מאטערט מען זיך נאך עטליכע יאהר... קומט ווייטער א שמחה — דוד'ל הויבט אן תפלין צו לעגען... ער וועט א דרשה זאגען... אט שטעהט ער אין בית המדרש אויפ'ן בעלעמער. די עדה אידען קאן פון איהם קיין אויג נישט אפרייסען. טריינע מירל, הינטער'ן פארהענגעל אין עזרת נשים, ציטערט פאר עין הרע... אבער דוד'לס קול פאר־שכור'ט זי מיט פרייד... ווי עס קלינגט זיין קול'כעל...

פאלט אריין א איד:

— עס ברענט! רב שמואל, אייער געוועלב ברענט...

באלד קלינגט דער גלאק פון קלויסטער, גוים מיט עמערס און העק לויפען ראטעווען דאס הויז. — שמואל פון דירה און געוועלב איז ארוים מיט גארנישט...

נעמט מען אלץ אן פאר ליעב. א דירה קריגט מען. שמואל נעמט זיך צו לופט־שנאפען אין גאס, שטופט זיך אמאל צו צו א מעקלעריי, געהט אפילו אמאל אין שליחות... טריינע מירל לאזט זיך אויך אראפ און כאפט א כשר'ע מציאה אין מארק... אייער, א הון א פעטע און פארקויפט שכנות... לאזט זיך נאך טיפער אראפ— קויפט איין אויף באשטעלונג פאר בעל־הבית'טעס און צוטראגט אין די הייזער... ארעם, קרוע, בלויע, פארשווארצט דאס פנים, נע־בעך. אבער נחת איז די אויגען שטראלט... אזוי ביי איהר, אזוי ביים אפגעמאטערטען שמואל:

דוד'ל קיין עין הרע, וואקסט, שוין איבערגעגאנגען אין בית

המדרש אריין. און ער שמ'ט — א מתמיד, אן עלוי שבעלויים.... אין א זיידען קינד, א פרום קינד... מאמעס בענשען זיך מיט איהם... שדכנים ווייזען זיך, שדכנים האקען שוין אפ די שוועל... א לאנד־שדכן געקומען, מיט'ן בערדיטשעווער פרנס א שידוך גערעדט. דער בערדיטשעווער פרנס, א איד א למדן, א מיוחס און א גביר, שיקט אראפ א דיין פון שטאדט, דעם חתן צו פארהערען. און אט — גע־קומען דער דיין, א איד מיט ברילען גרויסע, א ווייסער באָרד א לאנגער, א חשוב'ער איד, אביסעל א צוטראגענער... און עס איז ערב ראש חודש, וועט עסען סעודת ראש חודש. טריינע מירל קאש־פערט ערגעץ אוים א הערינג און קוילעט... די מענער — דער אורח, דער מאן שמואל און דוד'ל — געוואשען זיך, זעצען זיך צום טיש... טריינע מירל שטעקט ביים אויווען און ווארט אויף נחת... זי זעצט זיך שוין נישט צום טיש מיט אזא איד... און אט ווישט זיך אפ דער דיין דאם מויל, שמואל דערלאנגט א גמרא, דער דיין עפענט, רוקט צו צו דוד'לען:

— דאס קאנסטו ?

— כ'קאן — קלינגט דוד'ס קול...

— קוק נאך אמאל דורך.

— כ'דארף נישט...

שמואל ווארפט א בליק צו טריינע מירל, טריינע מירל רוי־טעלט זיך און ענטפערט מיט א פארבארגענעם שמייכעל. נעמט דער דיין צוריק די גמרא צו זיך און פרעגט א קשיא. אפנים זעהר א הארבע קשיא... טריינע מירל האט בטחון אין איהר קדיש'ל... און אט פיהרט ער מיט'ן ענגטעלע איבער'ן גלאטען שטערנדעל, דאס פנימ'ל רויטעלט זיך, אין די אויגעלעך צינדען זיך ליכטלעך אן, ארום די ליפלעך שפילט א זים שמייכעלע. און אט עפענט ער דאס כשר'ע מיילעכעל אויף, באלד וועט א זילבערען תאוה־גלעקעלע קלינגען...

אבער פון דוד'לס מיילעכעל איז נאך א פארע ארוים!
דוד'ל האט פלוצלונג דאס לשון פארלוירען!

— — — — — — — — — — —

כילא דלית — אויסגערעדט; די צרה איז אין די תנאים נישט געשטאנען. דער בעל שם קומט נישט, נעמט שמואל טריינע מירלען זיין ווייב און דוד'ען זיין קינד און לאזט זיך צום בעל שם; ער

וועט זיך מיט איהם אויס'טענה'ן. וואס איז עס פאר א פינסטערער־צולאג?

שמייכעלט ער, דעם בעל שם.

— אזוי — זאגט ער — דארף זיין... ביז עס וועט — אונ־טערקומען די צייט.

און הייסען הייסט ער אזוי טון:

טריינע מירל, ביי וועלכער ער איז שוין אזוי פיעל מאל גע־ווען א גאסט, זאל בלייבען ביי איהם אין שטאדט — זיין טאכטערס גאסט; עס וועט איהר, ברוך השם, גארנישט פעהלען. דוד'ל זאל אויך בלייבען און זעצען זיך ביי איהם אין בית המדרש לערנען.

— זאל ער דערווייל לערנען אהן לשון...

הערט מען: „דערווייל", אטעמט מען שוין אפ.

— און דו, — ווענדט זיך דער בעל־שם צו שמואל'ן — מוזט זיין א צייט נע ונד. האסט פארלוירען דיין מזל אויפ'ן וואסער. מוזט דו דיר עס צוריקברענגען פון וואסער. מיט'ן ברעג פון וואַ־סער, נאכ'ן שטראם, זאלסטו געהן. פון קהלה צו קהלה... און הער. שמואל, — קומסטו אין א קהלה אריין און דו זעהסט, מען קען מיך, מען האט מיין נאמען געהערט, אז דו זאגסט „בעל שם", ווייסט מען, וואס טייטש, געה ווייטער... ועסטו אבער קומען צו אן ארט, וואו מען וועט עפענען מויל און אויערען, נישט אנהויבענדיג צו וויסען, ווער און וואס איך בין, — דארט, שמואל, וועסט דו אויפגעריכט ווערען...

און ער איילט איהם צו:

— שטעה נישט, שמואל! איך האב דאך דיר געזאגט: „ועסט אויסשטעלען א האנט". געה דיר אויף א טארבע, נעם א שטעקען און געה!

— מיט'ן בוג געה, דערנאך מיט דער ווייקסעל... — גיט ער נאך, אפגעהענדיג אין זיין חדר אריין.

— — — — — — — — — —

אז דער בעל שם הייסט, פאלגט מען; געזעגענט מען זיך.

בלייבט טריינע מירל ביים בעל־שם אין הויז; זיין טאכטערס גאסט. זעצט זיך דוד'ל לערנען אין בעל־שם'ס בית המדרש, „דער־ווייל" אהן לשון. און שמואל נעהט זיך און הענגט זיך א טארבע איבער די אקסעל און לאזט זיך ביים ברעג, מיט'ן וואסער...

נעהט ער. וואו ער קומט אין א קהלה אריין — עס קלינגט מיט׳ן בעל שם. חולאים אויסגעהיילט, מיט קינדער געבענשט, גע־פאלענע אויף די פיס אויפגעשטעלט... עס רעדען דערפון אלע מייל־לער, עס ליבען און ווערען נישט מיד לויבענדיג אלע צונגען...

איבערגעקומען דעם ברעג פון בוג, געהט ער מיט׳ן ברעג פון דער וויקסעל... ווידער דאסזעלבע... נישט לייכט צו געפינען אן ארט, וואו מען וויים נישט דעם בעל שם; אין פארוואָרפענסטע העק! געהט ער און געהט, ביז ער קומט צו א גרענעץ. קיין פאס האט ער נישט; דער בעל־שם האט געהייסען געהן, — פעקעלט ער זיך דורך און קומט בשלום אריבער... געהט ער שוין, און די ביינער ברעכען, און פאלט ממש פון די געשוואלענע פיס, אויף יענער זייט גרענעץ. עס שרעקט איהם נישט אפ. ער מוז צוריק ברענגען זיין מזל און דור׳לען זיין לשון. קומט ער אמאל, פרייטאג, שוין אויפ׳ן טאג, אין א דייטשער שטאדט אריין. עפעס אין א שמאל געסעל ארייננעפאלען; די פיס טראגען נישט ווייטער. שטעלט ער זיך צו צו א מויער, שפארט זיך אן מיט׳ן אקסעל, און הויבט די אויגען צום הימעל ארויף: רבונו של עולם, וואו דא א מרחץ? וואו א מקום קדוש? און וואו וועט ער האלטען שבת?

עפענט זיך אין דער זעלבער רגע פון א הויז קעגענאיבער א פענסטער, שטעקט א דייטש ארויס דעם קאפ, אן אלטער דייטש, אפילו נישט קיין גלוח, אפילו מיט א יארמולקע איבער׳ן קאפ, אבער א פנים פון אן אמת׳ן דייטש, דאס בערדעל פיין פארקעמט, און די יארמולקע איז גארנישט יארמולקע, וואס שמואל קאן, נישט שפיציג, עפעס קאנטיג... א דייטשע יארמולקע...

כאפט שמואל א ציטער, ער וועט אודאי אנשרייען, וואס ער שטעהט דא, וואס ער שפארט זיך אן אין מויער. דער דייטש אבער בייזערט זיך נישט און רופט צו איהם אריבער עפעס נאר אידישליך, דייטשמעריש, אבער מיט א אידיש הארץ:

— זי זינט י ו ד ע?

שמואל שאקעלט מיט׳ן קאפ אויף יא; „א שאלה דאס איז?“ טראכט ער.

— דאן קאמען זי גיטיגסט נעהער...

געהט שמואל קווער אריבער דער גאס, עפענט זיך א הויז־טיר, קומט ארויס א דינער, זאגט, דער הער בעט ארויף... פיהרט

ער איהם איבער געוועקסטע און מיט דיוואנס באלעגטע טרעפ. שמואל געהט אויף די שפּיץ קנעפּעל, וואָס וועניגער צייכען איבער־צולאָזען. קומט מען אויפ'ן שטאָק ארויף, שטעהט שוין דער דייטש, און הינטער איהם אַ דייטשקע, אין דער אָפענער טיר. שטרעקט איהם דער דייטש אויס די האנט:

— שלום עליכם!

אויך אַביסעל דייטשמעריש. די דייטשקע זאָגט:

— איין גאַסט אים הויזע — גאָט אים הויז...

די שטימען זענען עפּעס נישט קיין פרעהליכע, אָבער עס שמעקט מיט אמת'ער הכנסת־אורחים. מען פיהרט איהם אין שטוּב אריין. מען גיט איהם עפּעס לייכטעס טועם צו זיין. דער דינער, וואָס איז אוועקגעגאַנגען, קומט באַלד צוריק און מעלדט:

— פערטיג!

ווייזט זיך אויס, אַז פאַרטיג איז פאַר שמואל'ן אַ וואַנע. געהט ער אריין, וואַשט זיך אָפּ לכבוד שבת, געהט ארויס, ווישט זיך אָפּ מיט האַנטיכער, וויל אָנטון די מלבושים, — קוקט זיך אום, דער משרת, אַפּנים ארויסגעהענדיג, האָט איהם זיינע מלבושים צוגענו־מען... פאַר דאָס ליגען אויף אַ שטול — אַ פּריש העמד מיט אַ טלית־קטן מיט אַלע אַנדערע זאַכען... כאַפּט ער אויף זיך דאָס העמד מיט'ן טלית קטן. וואָס אַנבאַלאַנגט דער רעשט, בלייבט ער שטעהן: אפשר שעטנז?

קלאַפּט אָבער אָן דער בעל־הבית:

— מיין הער, איילען זי גיטיגסט צו... צייט צו געהן צו קבלת שבת... און ווייטער עפּעס גאַרנישט קיין פרייע שטימע.

אָבער „קבלת שבת" — אויס פּחד פאַר שעטנז... ער טוט זיך אָן. מען געהט דאַווענען, אַ דייטשע שול, אָבער אָהן אַן ארגעל, אַ כאָר, אָבער אָהן נשים... און מען דאַווענט, עפּעס דייטשמעריש, אָבער פון סידור ארויס... מען קומט צוריק אַהיים: שלום עליכם, קידוש... און אַ געדעקטער טיש, אויף אַלע אידען געזאָגט. עס בליצט פון די זילבערנע לייכטער און כלים און אַלערליי קריסטאַל און גלאָז־וואַרג... ביים עסען זינגט מען זמירות... ביים בענשען— די דייטשקע נעמט אַ סדור און בענשט אויך; דאָס טעכטערל, ער באַמערקט זי ערשט, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר פופצעהן — בענשט אויך... נאָכ'ן עסען — מען פיהרט איהם אין אַ באַזונדער חדר

אריין, שלאָפען. זינט ער לעבט, האָט ער נאָך אַזאַ בעט נישט געהאַט...

אבער אין שלאָף טראַכט זיך איהם: וואָס קאָן עס זיין? אַזאַ עשירות — און קיין שמייכעל אויפ'ן פנים. שבת, און אז מען פאַרגעסט זיך אַ ווײַלע — זיפצט מען; אַזוי ער, אַזוי זי, אַזוי דאָס טעכטערל... דער שלאָף אבער איז גובר. אין דערפריה — אין שול אריין, דערנאָך עסען און ווידער אָפּרוהען אין באַזונדערען חדר.

— פיליכט וואָלען זי איין ספר?

— אדרבא!

דערלאַנגט איהם דער בעל־הבית אַ מדרש.

ער עפענט און פאַרגעסט זיך און טראַכט, ווידער, וועגען דעם, וואָס עס קאָן פעהלען דעם דייטש, און דרימעלט איין. דאָס זעלבע ביים שלוש סעודות... שפּעטער ביי דער הבדלה... נאָך הבדלה ווערען די פּנימ'ער עפּעס גאָר חושך... מען שווייגט, און אַז מען רעדט אַרויס אַ וואָרט, איז עס, ווי פון אַ קבר אַרויס...

מילא, פרעגען וועט ער דאָך נישט. אַן אורח מישט זיך נישט. און דערביי האָט ער דאָך זיינס אין זין. גיט ער אַ טאַפּ דעם דייטש נאָך ויתן לך, — דאָס ווייב מיט דער טאָכטער זענען אַרויס.

— קענט איהר נישט, בעל־בית לעבּ, דעם בעל שם?

— ווי?

זאָגט ער שוין דייטליכער:

— בעל שם!

— וואָס איזט זיין געשעפט?...

גיט שמואל'ן אַ פרעהליכען קלאַפּ אין הארץ.

און דער דייטש זאָגט:

— איין אונבעקאַנטע פירמאַ!

און גיט צו:

— ניעמאַלס געהערט!

שפּרינגט שוין שמואל אויף דערפרעהט:

— דער מאַן איז קיין פירמאַ, זאָגט ער, ער פיהרט קיין געשעפטען נישט... הם ושלום!

זעהט ער אבער, אַז דער דייטש הערט איהם שוין נישט, זיצט

טיף אריינגערוקט אין פאטעל, פארטראכט, די אויגן אין אויער אריין...

— גענבער, עפּעס א שרוי בצער! — טראכט שמואל און שאַרט זיך אַרויס צו זיך אין חדר אריין אויף די נעגעל, און וואַרפט זיך אין בעט אריין. שלאָפען אָבער קאָן ער נישט. ליגט ער אזוי און ליגט, ביז עס ווערט גאר שפעט. די גאס ווערט שטי־לער און שטילער און גאר שטיל. מען לעשט אין גאס די לאמ־פען אויס. אין דער פינסטערער שטילקייט הערט ער, ווי די דייטש־קע קומט צו דייטש און רופט איהם זעהר שטיל שלאָפען. באלד קומט די טאכטער:

דער דייטש ריהרט זיך, אפנים, נישט... שטעהען זיי אדער זעצען זיך נעבען איהם. עפּעס הויבט מען אן זעהר שטיל צו רע־דען, מעהר שטיל צו זיפצען...

דערנאך צוואוויינט זיך דאס מיידעל אויף א קול און נעהט ארויס; צואויינט זיך די מוטער און גערט איהר נאך. און דער דייטש — דער פאטער קרעכצט! — שטעלט זיך אויף:

— אך, גאט, גאט! אך, דו ליעבער גאט! — און געהט נאך.

אין דערפריה, טראכט שמואל, וועט ער זיך ביים געזעגענען דורכרעדען מיט'ן דייטש... דאגה בלב איש ישיחנה... און שלאפט ווייטער איין...

אין דערפריה, ער וויל זיך געזעגענען, מען בעט איהם בלייבען אויף פריהשטיק, די דייטשקע מיט דער טאכטער געהען ארויס, וויל שמואל רעדען. וועט ער דאך נישט צוטרעטען מיט אמאל צו דער זאך, הויבט ער אן פון א זייט:

— האט איהר, ווירקליך, דייטש־לעב, נישט געהערט פון בעל־שם...

ענטפערט דער דייטש נאך אמאל:

— ניע פאן דער פירמא געהערט: גאנץ היער אונבעקאנט...

— אזוי! — מאכט שמואל מיט נאך א לייכטערען הארץ.

— עס איז אבער, זאגט ער ווייטער, דייטש־לעב, בעל־הבית־לעב, קיין פירמא נישט... עס איז א איד...

— א יודע? — פרעגט איבער דער דייטש שוין מעהר פאר־אינטערעסירט, און הויבט, אפשר דאס ערשטע מאל, די ברעמען אויף.

— אַ יורע! — זאָגט שמואל נאָך.

— און אַ איד — זאָגט ער — מיט תורה ועבודה, מיט מצוות און מעשים טובים, און אַ הימעל־מאַן —

— וואָס?

— אַ געטליכער מאַן!

— זאָ? — ענטפערט דער דייטש עפּעס נישט זעהר גלויביג און וויל ווייטער פאַרזינקען אין זיינע מחשבות...

— איך וויל אוועקגעהן, רב דייטש...

— זאָ, זי איילען?

— איך וויל מיך געזעגענען...

— זאָ... און שטרעקט איהם אויס אַ האַנט; ער וויל נאָך רופען די פרוי און די טאָכטער.

— אבער — זאָגט שמואל — יאָגט אייך נישט אַזוי, רב דייטש; עס זאָל אייך נישט פאַרדריסען, איך וויל אייך עפּעס בעטען...

— אָך, זאָ... זעהר גערן... פערצייהען זי, דאס איך עס פער־געסען האָב... איך בין, לײדער, זאָ...

און שטרעקט שוין די האַנט אין טאַש אריין...

— ניין, ניין, דייטש... נישט דאס האָב איך אצינד געמיינט... עפּעס אנדערש וועל איך אייך בעטען... איהר זייט דאָך אַ איד!

— מיט לייב און זעל!

— איך אויך... זאָגט מיר, וואָס אייך פעהלט?

בלייבט דער דייטש דערשטוינט... באַנוצט זיך דערמיט שמואל:

— עפּעס דריקט דאָך אייך אויף דער נשמה, אייך, אייער ווייב, אייער טאָכטער... זאָגט, וואָס... עפּענט דאָס האַרץ פאַר אַ איד: אַ איד, אַ איד העלפט אַמאָל... קוקט נישט אויף מיין אָרעמ־קייט...

— דאָס ניכט — ענטפערט דער דייטש — אבער אונז קאַן ניעמאַנד העלפען...

און ער פאַרצעהלט איהם: ביי די גרעסטע דאָקטוירים גע־ווען... ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרען —

— אַ חולאת, לא עליכם?

— וואָס?

— א קרענק?

— א קראנקהייט... יא, א געהיימע... איין אומגליק...

— איז דא — פאלט איהם אריין שמואל אין די רייד — איינער וואס העלפט...

— יא, דער הער גאט!

— גיכער אין זיין נאמען דער בעל שם...

און דער דייטש לאזט עפעס צו זיך רעדען, און שמואל פאר־צעהלט איהם פון בעל שם, פון זיינע נסים ונפלאות. און דאס הארץביים דייטש הויבט זיך און הויבט זיך, און דאס פנים לייטערט זיך צוביסלעך, און די אויגען קלערען זיך ביסלעכווייז. און ער זאפט איין שמואל'ס רייד, אלע מאל איבערפרענענדיג, אז ער פאר־שטעהט נישט, ווי א שוואם; זאפט זיי, ווי א נחת, ווי א בשורה א גוטע...

— פאלגט מיך — ענדיגט שמואל — איך וויל נישט און דארף נישט וויסען, וואס, וועמען ביי אייך אין הויז עס פעהלט, נאר פאלגט מיך, הייסט איינשפאנען א בויד און לאזט אייך פיה־רען צום בעל שם...

וואקעלט זיך דער דייטש... און נאך א ווייל:

— יא... איך מוז אבער מיט מיינער פרוי אונד טאכטער שפרעכען...

שרייט אויס שמואל מיט פרייד:

— געהט מיט'ן רעכטען פוס און שפרעכט, און גאט וועט העלפען...

האבען אבער אלע ווייבער, זעהט אויס, איין טבע: די דייטש־קע איז אונטער דער טיר געשטאנען, צו דער רעכטער מינוט אריינ־געקומען, דאס טעכטערל הינטער איהר... זי זאגט, אז פרואווען דארף מען... אין א פאר שעה ארום — די בויד געשפאנט, מען זעצט זיך איין, מען פאהרט גאלאפ. מען פארהאלט זיך נאר ביי דער גרענעץ... דא וועט שוין געדויערען; שמואל האט דאך קיין פאס נישט...

— — — — — — — — — — —

איידער זיי וועלען אריבער די גרענעץ, וועל'מיר זעהען, וואס דערווייל ביים בעל־שם טוט זיך.

זיצט ער איינמאָל, דער בעל־שם, און צושמייכעלט זיך און זאָגט צום שמש:

— געה, רוף מיר יונה דעם שניידער.

געהט ער און ברענגט איהם.

— זאָג נאָר, יונה, קאָנסט נעמען אַ מאָס מיט'ן אויג, איז יענער זאָל גאָרנישט וויסען, ווי דו נעמסט פון איהם אַ מאָס?

— אַזוי טו איך דאָך מיט אייך, רבי... אייער טאָכטער, זאָל לעבען, הייסט נעהען, קוק איך און וואַרף אַן אויג...

— און פאַר נשים אויך אַזוי?

— אַלץ איינס, רבי!

— און ווילסט עפּעס טון פון מיינעטוועגען?

— עד חצי המלכות, רבי!

— איז גוט. דרעהט זיך דאָ ביי מיר אין שטוב אַרום אַ פרעמדע אידענע...

— אהאַ, טריינע מירל, מיינט דער רבי.

— יאָ. און איהר זוהן דוד'ל לערענט ביי מיר אין בית המדרש. געה און נעם פון ביידע אַראָפּ מיט'ן אויג אַ מאָס...

— אויף וואָס פאַר אַ מלבושים, רבי?

— שטעל דיר פאָר, יונה, ווי עס וועט זיין מיט דוד'לען תנאים. דאַרף ער מלבושים און די מוטער מלבושים... און — בעל הבת'ישע...

— און סחורה, רבי?

— נעם די בעסטע, אויף מיין חשבון, יונה...

— גוט, רבי!

— נאָר עס זאָל זיין פונקט פון היינט אין אַ חודש אַרום.

— נישט אַ שעה לענגער, רבי...

פאַרנאַכט, אין אַ חודש אַרום, ברענגט דער שניידער די מלבושים. זיצט דערביי דעם בעל שם'ס טאָכטער, זאָגט ער צו איהר:

— נעם די מלבושים און געה אַריין צו דיין גאַסט טריינע, און זאָל זי זיי אָנטון. איך האָב געהייסען. און זי זאָל נישט אַרויס פון שטוב און וואַרטען דאָ אין דיין צימער, ביז מען וועט זי רופען...

פרעגט זי נישט איבער קיין ווארט, נעמט די מלבושים און געהט.

— און דו, — זאגט דער בעל שם צום שמש, — נעם דוד'לס מלבושים און טראג אין בית המדרש אריין. זאג, איך האב געהייסען, ער זאל זיך אפוואשען און אנטאן, און אריינגעהן און זיצען מיט זיין מאמען ביז איך וועל זיי רופען.

וויל שוין דער שמש געהן.

— און דערנאך — זאגט נאך דער בעל שם — זאלסט דו מיר תיכף ומיד אהער רופען אונזער שכן דעם דין און דעם סופר אין רוף מיר אריין א מנין אידען, נאר באלד...

קומען באלד אלע גערופענע, בעט זיי דער בעל שם זיצען, און דעם צוריקגעקומענעם שמש הייסט ער אריינגעהן צו דער טאכטער און הייסען אנגרייטען כיבוד.

— וואס פאר א כיבוד, רבי?

— ווי אויף תנאים... ווי אויף א געהויבענע תנאים.

געהט דער שמש, זאמט זיך א ווייל און קומט צוריק:

— גרייט!

— אצינד ברענג אריין ליכט, מעהר ליכט.

טוט ער אזוי, דער שמש. און ווי ער ברענגט אריין לייכטער מיט ליכט און צושטעלט אויפ'ן טיש, פארפאהרט פאר דער טיר א בויד, קריכט אראפ פון דער בויד שמואל און דער דייטש, און די דייטשקע, און דאס טעכטערל, און קומען אין שטוב.

שטעלט זיך אויף דער בעל שם:

— שלום עליכם, אברהם!

און דערלאנגט דעם דייטש די האנט.

— ס'קאצעל־קומט, נשים! זעצט אייך.

ווערען זיי נבהל ונשתומם און זעצען זיך; די דייטשקע מיט דער טאכטער, פארשטעהט זיך, ביי א באזונדער טיש.

— און אצינד, דייטש־לעב, — שמייכעלט דער בעל־שם — אמונה, זעה איך אין אייערע אויגען, איז מיר האט איהר שוין... פארצעהלט זשע אונז פריהער פאר אלעם — ווי אזוי איהר זייט רייך געווארען. און דו, שמואל, עפען אביסעל די טיר, — שמייכעלט צו איהם דער בעל שם, — מאך א שפארע, דארט זיצט זוגתך טריינע מירל, און זי דאמ ליעב צו הערען דורך א שפארע.

שמואל פאלגט גאנץ גערן, און דער דייטש אברהם פאר־צעהלט, דייטשמעריש, אבער מען פארשטעהט איהם.

מיט יאהרען צוריק איז ער געוועזן א גאנץ ארעמער דייטש... געהאט עטליכע טאלער און פ׳רכט געהאט געשעפטען צו מאכען. איינמאל ביינאכט, ער קאן נישט שלאפען פאר זארג, קלאפט עמיץ אן אין פענסטער... זומער־צייט, שטעהט ער שטיל אויף פון בעט. ער זאל דאס ווייב נישט וועקען, און עפענט דאס פענסטער. א באַ־קאנטער געוועזן פון הינטער דער שטאדט, ביי דער אויסגוס פון ים... זאגט איהם יענער אזוי: א פארפלייצונג האט אנגעבראכט געהילץ... פויערים האבען עס ארויסגעצויגען מיט אייזענס, און מען קאן עס קויפען כמעט אומזיסט...

— הערסט, שמואל? — מאכט דער בעל שם צו שמואל'ן, וואס האט שוין נישט אפגעטראטען פון דער טיר מיט דער שפארע — דיין געהילץ!

— איך הער, רבי, איך הער! — ענטפערט שמואל און ווענדט זיך פארט פון שפארע נישט אפ.

און דער דייטש מיינט, ער דארף זיך פארענטפערען, און נים צו פארשטעהן, אז על פי דין איז אזא געהילץ הפקר... און פאר־צעהלט, ווי ביליג ער האט דאס האלץ געקויפט... און וויפיעל ער האט פארדינט דערינען... א שפאר ביסעל געלט.

— און געלט—שלאגט איהם איבער דער בעל שם—נעהט שוין צו געלט... און באלד איז דיר די בת יחידה געבוירען געווארען... קיין עין הרע א בתולה נאה... א מיידעל, ווי מען זאגט ביי אייך, ווי א גאלד... שוין א כלה?

— דאס איז דאך, געטליכער מאן, — פארברעכט דער דייטש די הענט — מיין אומגליק... זי קאן ניכט פערלאבט ווערען!

— פארוואס?

פארצעהלט דער דייטש, אז מען האט זיין טאכטער גערעדט די שענסטע און די בעסטע שידוכים, איז זי אבער א קראנקהייט באפאלען. אזוי ווי מען ווייזט איהר א חתן, ווערט איהר איבעל, נישט גוט, און אז מען פיהרט זי נישט שנעל ארויס, פאלט זי אין אהנמאכט.

— אזוי ווי איהר זעהט, געטליכער מאן, געזונט און פריש... און קוים דערזעהט זי א חתן — חלש'ט זי...

ער איז שוין געווען מיט איהר און גערופען צו איהר די בעסטע דאקטוירים, די גרעסטע פראפעסארען...

— אזוי ? — שלאגט איהם דער בעל שם איבער מיט א שמייכעל, — דאס איז איינגאנצען דיין צער און דיין צרה ? און איך, זעהסט דו, אברהם־דייטש, וועל איהר ווייזען א חתן, און נישט נאר זי וועט נישט חלש'ן, עס וועט איהר נישט איבעל ווערען, זי וועט איהם אקעגען לויפען מיט פארשפרייטע הענט !

— שמואל, לאז אריין דיין ווייב און דיין זוהן.

לאזט אויף זיך טריינע מירל נישט ווארטען און בלייבט שטעהן, ווי צוגעשמידט צום ארט נעבען מאן, קומט נאך איהר אריין — דוד'ל... און דאס אינגעל מיט'ן מיידעל דערזעהען זיך, און דערשרעקען זיך, איינס אויף אנדערען קוקענדיג, און ווערען בלאס, און ווערען באלד רויט... און נישט ווילענדיג מאכען דאס אינגעל מיט'ן מיידעל עטליכע שריט זיך אקעגען, און בלייבען שטעהן צומישט, פארשעמט, און רייסען קוים אפ איינס פון אנדערען די אויגען מיט געוואלד און לאזען די קעפ אראפ, צומישט.

— נו, מיידעל, — פרעגט דער בעל שם, — נישט איבעל ? דעם חתן ווילסטו ?

ציטערט זי און שאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא...

— און דו, דוד'ל, ווילסט די כלה ?...

און געביט איהם :

— ענטפער, דוד'ל !

ענטפערט דוד'ל בפירוש :

— יא, רבי !

— און דו וועסט נאך, — זאגט דער בעל שם, — א דרשה זאגען. סופר, שרייב תנאים...

— — — — — — — — — — —

אין די תנאים האט דער בעל שם געהייסען איינשרייבען, אז אברהם'ל דייטש גיט זיין גאנץ פארמעגען אפ נדן דער טאכטער... און הן אבות החתן ווי אבות הכלה וועלען עסען א י ב י ג ע ק ע ס ט ב י י ד י ק י נ ד ע ר.

# דרשה געשאַנק.

דאָס, וואָס איך וויל אייך פאַרצעהלען, איז אין שבחי בעל־שם־טוב נישטאָ, אין קיין אַנדער ספר פון סופרי־מעשיות נישט געדרוקט. און דאָך נכרים דברי אמת, ווי איהר וועט אַליין זעהן...

אָנגעהויבען האָט זיך די מעשה גאָר, גאָר פריהער, בשעת דער שוואַרצער מגפה. אַ פּופּצעהן מייל אונטער מעזשיבעזש איז פאַראַן אַ דאָרף, אָנהויבען הויבט זיך אַן דאָס דאָרף מיט אַ קרעטשמע. האָבען די קרעטשמע צוויי שותפים געהאַלטען. אַלטע אידען האָבען געדענקט, אַז די קרעטשמע ביים כראַביע האָבען געהאַלטען צוויי שותפים. מען האָט נאָך דאַמאָלט געוואוסט די נעמען זייערע: איינער האָט געהייסען דער קרומער אליה — אַ קרומען אַקסעל געהאַט, דעם צווייטען האָט מען גערופען: דער ברייטער מיכל, אַ איד — אַ פאַרנעם, קוים אַריין אין טיר. די אידען האָבען געלעבט, געהאַנדעלט בשותפות, קינדער געהאַט...

איז אַרויס אויף דער וועלט די שוואַרצע מגפה, אַריינגעכאַפּט זיך אין קרעטשמע, צוגענומעןביידע שותפים מיט די ווייבער און קינדער אַ סך. געבליבען איז נאָר נאָכ'ן קרומען אליה אַ אייניקעלע און נאָכ'ן ברייטען מיכל אַ מיידעלע, אין די זעלבע יאָהרען, צוויי קליינע קינדער. דער ברייטער מיכל מיט'ן ווייב — דאַכט זיך, שיינדעל האָט זי געהייסען — זענען שפּעטער געשטאָרבען און פאַר'ן טויט האָבען זיי די ביידע קינדער פאַר'קנס'ט... די דערמאָנטע שיינדעל האָט דאַמאָלט פון אונטער'ן קישען אַפּיר גענומען אַ פינגערל אַ זילבערען — איהר טבעת קרושין געווען — און איבערגעגעבען דעם אינגעל, זאָגענדיג צו איהם כמעט ביי יציאת נשמה:

— אָט מיט דעם פינגערל זאָלסטו דערלעבען מקדש צו זיין דיין כלה...

אויסער די צוויי קינדער—חתן־כלה, איז געבליבען א משרת. האט דער משרת אפגעטאן אזא מעשה רע. ער האט מעלים געווען פאר'ן פריץ די קינדער, איבערגענומען די קרעטשמע. געצאהלט ארענדע דער פריצה. דאס האט איהר דער פריץ איבערגעגעבען, ווי עס הייסט ביי זיי — אויף שפילקעס. די קינדער געפייניגט, און ווי זיי זענען אויפגעוואקסען, האט ער איהם געמאכט ביי זיך פאר א משרת, דאס מיידעל פאר א קעכין. אין מעזשיבעזש האבען דאמאלט גערעדט דערפון פיעל: נאר פופצעהן מייל ווייט. דער ארענדאר איז געוואהרען א נבר אלים, א חשוב ביים פריץ און ביי דער פריצה, און דער פריץ איז געווען א כראביע, פון די שרי המלכות, קיין איד כמעט נישט צוגעלאזט. — זאל ער קומען אויף אנדערע הענט! האט מען גערעדט און גערעדט און פארגעסען. די קרעטשמע האט מען גלאט געמיטען: אן ארעמאן אורח פלעגט ער, דער געוועזענער משרת, נישט לאזען איבער דער שוועל, פון רייכערע — די הויט געריסען...

ארויסגעשוואומען איז די מעשה נאך אמאל ערשט אין פער־צעהן, פופצעהן יאהר ארום. עפעס עמיץ איז דורכגעפאהרען מע־זשיבעזש. געווען ביים בעל־שם, גלאט אזוי, אריינגעקומען און פאר־צעהלט, באשר בכן, דער ארענדאר פון יענער קרעטשמע, דער גע־וועזענער משרת, שרכנ'ט זיך צו דער יתומה. אניט, זאגט ער, וועט ערביידע ארויסטרייבען...

עס נעמט אן ביי דער לעבער, נאר אז דער בעל־שם הערט און שווייגט, שווייגט מען. זיפצט מען אפ, מען דערמאנט אמאל, און מען זיפצט ווייטער און מען פארגעסט ווידער...

דער בעל שם, אפנים, האט ניט פארגעסען, ווי איהר וועט זעהן...

---

איינמאל, ווינטער־צייט, איז א גרויסע זאווערוכע געווען. שניי און שניי. שבת פארנאכט איז פלוצלינג שטיל געווארען. מען קוקט ארויס פאר הבדלה: אן אויסגעשטערנטער הימעל. גוט. דער בעל שם מאכט הבדלה. הארעל, כמנהגה, האלט די הבדלה. די רבי'צין שטעהט אין טיר. אין שטוב—איבער דער וואך, צוליעב די שנייען, קיינער נישט געקומען — קוים א מנין.

נאך הבדלה, מען ווארט, דער בעל שם זאל אנהויבען ויתן לך. דער בעל שם פארטראכט זיך. דערנאך צושמייכעלט ער זיך און גיט א זאג:

— ווייסט איהר וואס, רבותים? מיר וועל׳ מיר פאהרען שפאַ־צירען, די רבי׳צין מיט האדלען פאהרען מיט. „ויתן לך“ וועלען מיר זאגען אויפ׳ן וועג. די אליהו׳ס וועל׳ מיר, אם ירצה השם, זינ־גען אין וואלד און „מלוה־מלכה“ וועל׳ מיר פראוועז אין א קרעטש־מע. א שמחה וועט זיין! זאל וואסיל איינשפאנען דעם גרויסען שליטען.

לויפט מען ארויס אנזאגען וואסילין. און ער הייסט די רבי׳צין מיט האדלען איינפאקען א מלוה מלכה כיד המלך, נישט פארגע־סען מיטצונעמען אביסעל לעקעך און בראנפען, דאס ביסעל וויין, וואס איז פון קידוש והבדלה געבליבען, אויך מיטנעמען...

ווי געזאגט, א שמחה וועט זיין, זאגט ער. ווערט שוין פרעה־ליך אויפ׳ן הארץ.

דערביי איז געוועזען דער סופר פון שטאָדט.

— האסט נישט ביי דיר א גרייטע כתובה, נאר ארייצו־שרייבען נעמען?

מען ווערט נתפעל פון דער שאלה. דער סופר דערמאנט זיך: ער האט אין דער היים. הייסט ער איהם לויפען, ברענגען און מיט־נעמען. ווערט מען נאך מעהר נתפעל, נאר איבערפרעגען פרעגט מען נישט.

עס געהט נישט אוועק א האלבע שעה, וואסיל מיט׳ן ברייטען שליטען פארפאהרט; אויפ׳ן ערשטען געזעס זיצט שוין די רבי׳צין און האדעל, די מלוה־מלכה אין א טישטוך געפאקט אין דערמיט. אויפ׳ן צווייטען געזעס — דער בעל שם צווישען צוויי עלטערע מקורבים. די רעשט כאפט זיך אויף, וואו עס איז, מיט די פיס פון שליטען ארויס. א יונגערמאן האט זיך ארויפגעכאפט, זיצענדיג, ווי זיין שטיינער איז געוועזען, מיט די פיס אויפ׳ן דישעל און מיט׳ן פנים צום עולם, פרעגט:

— וואו אהין?

דער בעל שם ענטפערט: פאהר!

פרעגט שוין וואסיל נישט איבער, גיט א שטעק אריין אין היי אין ווינקעל די בייטש, בינדט צו די לייצען צום ראנד פון וואַ־

סאנג, און — אַ הוק אויף די פערדלעך! הויבען אַן די פערדלעך, איבער דער זאווערוכע־צייט אויסגערוהט, די פיסלעך מיט חשק, יאָגען אויף אַ שנייענעם שטויב פון אונטער זיך, און מען טראָגט זיך, ווי אין אַ ליכטיגען נעבעל, פון געסעל ארויס, פון מארק, פון שטאָדט, אין ווייטען, ברייטען שנייענעם רחבות אריין, און מען זאָגט „ויתן לך“...

אָפּגעזאָגט „ויתן לך“ — הויבט זיך אָן דער וואַלד. דאמאָלט אודאי פּופּצעהן מייל וואַלד געוועזן... אַ שליאַך אַ ברייטער, גלאַטיג ווי איבער'ן טיש. און מען זינגט די אליהו'ס... דער נגון שטאַרקט זיך, דער אויסגעשטערנטער הימעל, זעהט מען בחוש, איז מקבל תענוג, ממש די שטערענדלעך טאַנצען אונטער. די אַלטע נאָדעל־בוימער — רעכטס און לינקס ציטערען אויף ממש, ווי פון שלאָף, און באַשיטען אונז מיט שנייעלעך, ממש ווי מען באַשיט חתנים מיט האָפּינקע. אמאָל שפּרינגט אויף אַ דערוועקטער שוואַרצער פויגעל און גיט אַ שאָס ערגעץ אוועק מיט אַ געשריי אין אויער אריין און ווערט נעלם... אמאָל וועקען זיך גאַנצע שאַרען קליינע פייגע־לעך און פּיפּצ, פּיפּצ, פּיפּצ — זיי האַלטען אונטער, זינגען מיט... און אַזוי ווי עס ענדיגען זיך די אליהו'ס, ענדיגט זיך אויך דער וואַלד, ווייטער אַ רחבות, זעהט זיך פון ווייטען אַ דאָרף. פאַר'ן דאָרף אַ גרויס הויז — די קרעטשמע. דערקענט מען די קרעטשמע מיט'ן דאָרף, ווייסט מען — פּופּצעהן מייל פון שטאָדט. פון דעם אָבער רעדט מען נישט. מיט קפיצת הדרך, אַז מען פאָהרט שפּאַ־צירען, איז מען געוואוינט.

— שטעה! — הייסט דער בעל שם. בלייבט מען שטעהן.

— דאַ, — זאָגט ער, — וועל' מיר וואַרטען אביסעל.

וואַרטען איז וואַרטען. שפּרינגען טייל אַראָפּ פון שליטען אויסגלייכען די פיס.

דערוויייל דערהערט מען, עפּעס קאָפּיט זיך אַליין נעהנטער אין שניי. מען קוקט זיך צו — אַ פערד מיט אַ שליטעל. נעהנטער — זעהט מען — צוויי פאַרשוין פאָהרען. אַ שפּאַדיקעל מיט אַ שאַל. זיי ווילען פאַרביי, שטעלט זיי דער בעל שם אָפּ.

— הער נאָר דו, בחור איינער! — נאָר אהן כעס, טאַקע מיט אַ שמייכעלע — ווי פאָהרט עס אַ בחור מיט אַ בתולה אַליין ביי דער נאַכט?

דער בחור קוקט זיך צו, וועד פרעגט עס איהם. זעהט ער, אפנים, וועד. אין אפשר אַן קול דערקענט, אז עס איז נישט קיין פּראָסטער בשר ודם.

— מיר זענען חתן־כלה, רבי!

— דאָס ווייס איך... אָבער פאַר חופּה וקדושין...

— דער בעל־הבית, רבי, האָט אונז אַרויסגעטריבען. ווי מיר שטעהען אין געהען. אַ מערכה, אַ פּויער אַ שכן האָט אויף אונז רחמנות באַקומען, אַ פערד און שליטעל געבאָרגט און פעלצען, און געראַטען, איך זאָל אריינפאָהרען קיין מעזשיבעזש צום ראַבין, צום בעל־שם... ער וועט מיר העלפען...

— איז דיר — ענטפערט מען איהם אַלץ מיט אַ שמייכעלע-- דער בעל שם אַקעגען געקומען...

ער גלויבט קוים זיינע אויערען און אויגען.

— און פאָהר צוריק! — זאָגט דער בעל שם.

— ער וועט אונז דער'הרג'ענען... ער האָט געזאָגט...

— פאָהר, אַז מען הייסט!

דרעהט ער אוים און פאָהרט צוריק. דער גרויסער שליטען— נאָך... ווער ס'איז אַראָפּ, כאַפּט זיך צוריק אויף אַדער געהט שוין דאָס שטיקעל צופוס...

און אַז דאָס קליינע שליטעל פאַרפאָהרט פאַר דער קרעטשמע, לויפט אַרוים דער אַרענדאַר מיט אַ דראַנג...

גיט מען אויף איהם אַ געשריי פון גרויסען שליטען. דערזעהט ער אַן עולם, הופּט ער מיט כעס:

— שלעפּערס געקומען! פאָהרט ווייטער! נישטאָ. וואָס צו עסען, נישטאָ וואָס צו טרינקען, נישטאָ וואו צו נעכטיגען, היידאָ!

און לויפט צוריק און וויל פאַרשפּאַרען די טירען.

טאַקע אַ גבר דער איד דער גזלן, פּלייצעס, הענט און אַ דראַנג אין דער האַנט. איז דאָך אָבער דאָ וואַסיל, און דער עולם קומט צו־הילף... אין אַ מינוט אַרום זענען אַלע אין שטוב.

— דאָ נעכטיגען! — זאָגט צו איהם דער בעל־שם — וועל'ן מיר נישט, עסען און טרינקען האָבען מיר, ברוך השם, מיטגע־בראַכט. דו זוך אוים, געפין און צינד אָן מעהר ליכט....

וואַרטשעט עפּעס דער גזלן אונטער דער נאָז, נאָר פאָלגען פאָלגט ער. עס ברענען שוין עטליכע ליכט אין מעשענע לייכטער.

— דערלאַנג נאָך אַ טישטוך!

— זאָל ער דערלאַנגען! — ברומט ער, דער גזלן, מיט אַ בייזען בליק צום אַרויסגעטריבענעם בחור.

— דו ביסט זיין משרת! — שרייט איהם אָן דער בעל־שם. כמעט דאָס ערשטע מאָל האָט מען איהם געהערט אַנשרייען. און עס האָט אַ פּעולה געהאַט. דער אַרענדאַר איז מיט אַמאָל איינגע־צויגען, קליין געוואָרען, ממש איינגעשרומפּען, צוריק משרת גע־וואָרען. און ער געהט און ברענגט אַריין פון צווייטען שטוב אַ טישטוך.

— דרעננלעך האָסט דו? — פרעגט דער בעל־שם.

ער ענטפערט שוין, ווי אַ משרת:

— איינהייצען אין אויוועז, אָדער אויפ׳ן קוימען?

— ניט צום הייצען. ברענג פיער גלייכע דרעננלעך...

ברענגט ער.

זאָגט דער בעל שם צום סופר: נעם אַרוים די כתובה און שרייב איין די נעמען פון חתן כלה...

און דערנאָך:

— זאָל עמיץ פון טישטוך מיט די דרעננלעך מאַכען אַ חופּה.

דער סופר שרייבט. די חופּה ווערט געמאַכט. חתן־כלה שטעהען שוין אונטער דער חופּה. דער בעל־שם איז שוין מסדר קדושין... מזל־טוב, מזל־טוב! און מען זעצט זיך צו מלוה־מלכה, וואָס די רבי׳צין מיט האָדלען האָבען דערווייל אויסגעפּאַקט און צום טיש געגרייט...

מען עסט, מען טרינקט, מען זינגט אונטער... — רופט זיך אָן דער בעל־שם:

— אַצינד דרשה־געשאַנק! די נאַכט שטעהט נישט פאַר בייז־רע, חתן׳ס צד און כלה׳ס צד מיט אַמאָל. און ער צושמייכעלט זיך און רופט אויס:

— איך פון מיין צד גיב דעם פּאָר־פאָלק די אַרענדע פון דער קרעטשמע!

— די קרעטשמע איז מיין! — צינדט זיך אָן דער געוועזע־נער משרת.

— נאַרישער רשע! אַצינד בין איך פריץ, און די קרעטשמע איז מיין, און איך גיב זי איבער דעם פּאָר־פּאָלק.

— און ווענדט זיך צו דער רבי'צין:

— און דו, רבי'צין, וואס גיסט?

גלייך מיט אַלע נעמט עס די רבי'צין אַן פאר א שפאס, דעם גזלן להכעיס, און רופט זיך אָן:

— אז דער מאַן איז א פריץ, איז דאס ווייב א פריצה, און אזוי ווי דעם אפצאהל פון קרעטשמע (א דבר ידוע געוועזן) נעמט די פריצה אויף שפּילקעס, שענק איך זיי דרשה־געשאַנק — דעם אפצאהל אויף אייביגע יאהרען!

— אויב אזוי — מאַכט האדעל — אז דער טאַטע איז א פריץ און די מאמע א פריצה, בין איך דאָך דעם פריצ'ס איינ־ציגע טאָכטער, האָב איך אויך א שטיקעל דעה.

— אודאי, אודאי!

— גיב איך פון מיין צד פון גארעלנע דעם פאר־פאָלק 300 וויאדער בראנפען.

— רבותי, מיר וועלען בענשען!

בענשט מען נאָכ'ן שפּאס, ווי מען האָט נעמיינט...

נאָכ'ן בענשען מאַכט דער בעל־שם צום פאר־פאָלק:

— אצינד מעגט איהר שוין פאָהרען צוזאמען. וואו אהין ווילסט דו פאָהרען?

— איך האָב דאָ א פעטער נישט וויים, אינ'ם וואַלד... א סמאָלע־מאַכער...

שמייכעלט דער בעל־שם און זאָגט:

— א מענש פאָהרט, און גאָט פיהרט... פאָהרט געזונטערהייט. נאָר די שיריים, זאָגט ער, מיט'ן טישטוך צוזאמען נעמט אייך מיט. דער עיקר, פארגעסט נישט דאס איבערגעבליבענע ביסעל וויין. עס וועט אייך צוניץ קומען...

געשיהט אזוי. פאָהרט דער קליינער שליטען אָפּ אין איין זייט. מיר אויפ'ן גרויסען צוריק קיין מעזשיבעזש... מן הסתם וועט זיין קפיצת הדרך. שוין זיצענדיג אויפ'ן שליטען, ווענדט זיך דער בעל־שם צום ארענדאר:

— און דו, גזלן, זאָלסט תשובה טון! פון קרעטשמע וועסט דו ארויס, זיין נע ונד, פּראוועון גלות. דערנאָך וועט דיר גאָט העל־פען, און וועסט אנקומען צו מיר נאָך תשובה... פאָהר, וואסיל...

דער שליטען ריהרט, דער ארענדאר בלייבט ווי פארשטיי־

נערט... נאךביים וואלד אריינפאהרענדיג, האט מען זיך אומגע־קוקט און געזעהן, ווי ער שטעהט נאך אלץ און רייבט די אויגען. גלייך ווי ער וויל זיך אויפכאפען פון א בייזען חלום...

---

און וואס דער בעל־שם האט געזאגט, איז, פארשטעהט זיך, מקוים געווארען...

אין עטליכע יאהר ארום איז דער ארענדאר געקומען און מקבל תשובה געווען... עס איז איהם שוין ניט געווען צו דערקענען. דאס איז שוין אן אנדער מעשה. הערט בעסער, וואס עס איז געשעהען מיט'ן דרשה־געשאנק. מען האט דאך געמיינט: א שפאס...

---

פאהרט דער יונגערמאן מיט'ן ווייבעל אין וואלד אריין, דאס טישטוך מיט די שיריים פון מלוה־מלכה, מיט'ן ביסעל וויין אין פלעשעל איינגעפאקט. דארפען זיי פאהרען צום סמאלע מאכער לערך א האלבע שעה. פאהרען זיי שוין א שעה און אנדערהאלבען. און דעם פלאץ מיט'ן שווארצען הייזעל זעהט מען נישט. קיין וואונדער נישט, אנגעפאלען אזא שניי, געה דערקען א וועג! אבער אומרוהיג ווערט מען, און אביסעל שרעקט מען זיך אויך. דערווייל שטעלט זיך דאס פערדעל, זאל עס אפכאפען, ס'האט שוין לאנג אין מויל נישט געהאט. זאגט דאס ווייבעל:

— א צער־בעלי־חיים, אפשר געבען איהם א שטיקעל חלה פון די שיריים...

— מהיכא תיתי...

נעהט דאס ווייבעל אראפ פון שליטעל, פאקט אויף, דער־לאנגט צו א שטיק חלה און גיט דעם פערד צום מויל; קייט עס.

שפרינגט דער יונגערמאן אויך אראפ פון שליטעל; די פיס אויסגלייכען. אגב, מעג מען געהן אביסעל צו פוס.

דאס פערד האט אפגעקייט, אפגעטשוכעט זיך. מען וויל ריה־רען פון ארט, דערהערען זיי פון הינטער די בוימער א טיפען קרעכץ. און נאך א קרעכץ...

— אזא חיה? — פרעגט דאס ווייבעל.

— ניין, דאכט זיך, א מענש.

— נעווים אַז אומגליק געשעהען...

— לאָמיר זוכען!

געהען זיי נישט לאַנג נאָכ'ן קרעכץ און טרעפען אַ ליגענדיגען מענש, אַ פאַר'חלש'טען. אַ יונגער מענש, קענטיג, אַ פּריץ אַ יונגער. נעבען איהם די ביקס. נישט ווייט אַ געשאָסענער האַז.

— אַ פאַרבלאָנדזשעטער, פאַר'חלש'טער יעגער, טרעפט דאָס ווייבעל.

— אודאי אַזוי, ברענג דאָס ביסעל וויין...

דערמאָנען זיי זיך, דער בעל־שם האָט געזאָגט: עס וועט צו־ניץ קומען...

ברענגט דאָס ווייבעל דעם וויין, אַ שטיקעל לעקעך. דער יונגערמאַן האָט זיך דערוויייל אנידערגעזעצט און דעם פאַר'חלש'־טענס קאָפּ צו זיך אויף די קניהען גענומען. דאָס ווייבעל באַשמירט איהם די ליפּען מיט וויין. ער עפענט קוים די אויגען אויף:

— וואו בין איך?

גיסט זי איהם אריין עטליכע טראָפּען אין מויל אריין, שלינגט ער. דערלאַנגט איהם צום מויל אַ שטיקעל לעקעך — בייסט ער איין. קומט צו זיך.

ווער איז עס געווען, מיינט איהר?

טאַקע דער יונגער כראַביע אליין. שוין דריי טאָג איז ער ארויס מיט יונגע פּריצים אויפ'ן געיעג. אַז אַ זייט זיך גענומען. וואָס? ער קען נישט דעם וואַלד? און פאַרבלאָנדזשעט. פריהער האָט ער נאָך געהערט שיסען, דערנאָך האָט אויפגעהערט. זיי האָבען אודאי באַמערקט, אַז ער פעהלט. און געלאָפען איהם זוכען, און זענען זיך נאָך מעהר צוגאַנגען... הונגעריג און דורשטיג, האָט ער זיך, נאָך אַ לאַנג אומזיסטיג ארומבלאָנדזשען, אנידערגעזעצט אונטער'ן בוים... אוועקגעשליידערט פון זיך דעם געשאָסענעם האַז, כדאי געווען צו־ליעב איהם צו פאַרבלאָנזשען... אַזוי פיעל נאָכצולויפען!... דער־נאָך האָט ער שוין שוואַך געהערט טרומייטערען ערגעץ ווייט אין רופען און הוקען אין וואַלד. געהן האָט ער שוין נישט געקאָנט, און זיין שוואַך געשריי האָט מען נישט געהערט... דערנאָך איז שטיל געוואָרען... ער איז, דאַכט זיך, איינגעשלאָפען, אפנים, מיט אָפענע אויגען... ווייל אין אַ צייט ארום האָט ער געזעהן, ווי מענ־שען—פויערים און יעגער מיט ברענענדיגע שטורקאַצען אין די

הענט לויפען ארום איבער'ן וואלד, טרומייטערען, רופען, הוקען...
ער הערט, זעהט, וויל און קאן זיך נישט אויפכאפען...

א מערכה, זיי האבען איהם נעפונען, ער וואלט שוין מעהר נישט אויפגעשטאנען.

נעמען זיי דעם יונגען כראביע, וואס איז שוין צו זיך געקומען, מאכען איהם אין שליטען א באזונדער געזעס, זעצען איהם און זיך אויף, צום פאהרען.

— מערקווירדיג, מאכט ער, דער יונגער כראביע, אצינד זעה איך באשיימפערליך, וואו איך בין. אט דארט, — ווייזט ער מיט'ן פינגער — איז דער פאלאץ. פאהרט אהין גלייך צווישען די בוי־מער...

— עפעס א פארבלענדעניש געווען! — מורמעלט ער און בלייבט שטיל, נאכטראכטענדיג, וואס אין דער היים ביי פאטער און מוטער טוט זיך... און זיי פאהרען, ווי ער האט זיי געוויזען, גלייך צום פאלאץ צו...

נישט ליכטיג איז אין פאלאץ, אין איין פענסטער אינגאנצען שיינט דורך דער פארהאנג. אין דער רעשט חושך.

מען פאהרט אריין אין טויער. לויפען מענשען אקעגען: ווער קאן עס פאהרען ביי דער נאכט?... א געבילעריי ווערט פו־הינט. איינער שפרינגט צו, דערקענט, ווער עס איז אין שליטעל, און לאזט ארויס גאר אן אנדער ביל, א ביל פון פרייד, פון א גוטער בשורה. לויפט נעהנטער צו א דינער:

— דער פריץ, דער יונגער פריץ!...

לויפט מען צום פאלאץ, טוט מען צו וויסען. לויפען ארויס פאטער און מוטער און געסט...

— מיין זוהן, מיין זוהן, מיין ברודער!

— סטאש, סטאש, ער לעבט! — שרייען די יונגע פריצים, וואס האבען נאך די יעגערישע קליידער נישט אראפגעווארפען. מען כאפט דעם פאן סטאניסלאוו אויף די הענט, מען טראגט איהם אין פאלאץ. מיט אמאל ווערט ליכטיג אין אלע פענסטער, דער גאנצער הויף — באלויכטען.

דער פאן סטאניסלאוו פארצעהלט. אלע רינגלען איהם ארום און הערען מיט א פארכאפטען אטעם... דערווייל איז שוין גערעקט דער טיש: ויין, פארבייסעכטס. מען זיצט שוין, מען עסט, מען

טרינקט, מען פרעהט זיך, און דאמאָלט גיט עמיץ א פרעג:

— און ווער האָט דיך אויפגעהויבען, ווער האָט דיך געבראַכט, מייערער סטאַש?

זענען אַלע פארשעמט געוואָרען. מען האָט גאָר אין די, וואָס האָבען דעם בן־יחיד׳ס לעבען מציל געווען, פארגעסען!

— אזא אומרעכט! פארברעכט דער פריץ די הענט.

— וועה מיר! — קרעכצט די פריצה: — גאָט וועט עס מיר נים מוחל זיין...

— אויף א שליטעל געווען, געמוזט אוועקפאָהרען. גאָרנישט אין מויל אריין גענומען, דאָס האַרץ נישט אונטערגעלעגט, נישט אנגעוואָרעמט זיך, קיין דאנק נישט געהערט — זאָגט מיט שמערצליכע טרערען די טאָכטער.

דאמאָלט קומט צו דער קאַמערדינער און ראַפּאָרטירט:

— ער האָט אַלץ געטאָן, וואָס מען דאַרף. דאָס פערדעל אויסגעשפּאַנט און אין שטאַל אריין גענומען, פרישען האָבער געשיט. זיי—א אינגעל, דאכט זיך, און א מיידעל, אפשר שוועסטער און ברודער, אפשר חתן־כלה... זיי האָט ער זיך אין קיך באַשערט, זיי זאָלען זיך אנוואָרעמען, עסען האָבען זיי זייער אייגענס מיט זיך געהאַט. זיי זענען אידישע קינדער, זיי ווילען אונזער נישט פארזוכען...

— אהער ברענג זיין אריין, אהער! — רופט אויס דער פריץ.

— אליין וועל' מיר זיי ברענגען, אליין! — רופט אויס דעם יונגען כראַביעס מוטער און שוועסטער... און זענען ארויס און דאָס יונגע פּאַר־פאָלק געברענגט אין זאַל אריין...

— א דאנק, א דאנק... א דאנק...

די אַלטע פריצה פרעגט: וואָס זייט איהר: שוועסטער און ברודער, חתן־כלה?... ביי אייך פאָהרט מען דאָך נישט אזוי...

— ניין, — זאָגען זיי, — מאַן און ווייב ערשט נאָך דער חופּה! צו א פעטער אין וואלד זענען מיר געפאָהרען... צום סמאָלעמאַכער...

— אויב אזוי, — רופט מען פון אַלע זייטען: — מזל־טוב אייך, מזל־טוב! זאָל זיין מיט גליק, הייסט עס אויף זייער לשון...

— קומט דאָך אייך, — רופט זיך אָפּ דער יונגער כראַביע,— מתנות... דרשה־געשאַנק, אויף זייער לשון, חתונה־געשאַנק.

רופט זיך באלד אפ דער אלטער פריץ:

— איך גיב זיי אוועק די בעסטע קרעטשמע אין מיינע גיטער.

און די פריצה זאגט:

— און איך שענק זיי די ארענדע אויף אייביגע יאהרען!

און די טאכטער רופט זיך אן:

— איין איינציגע טאכטער בין איך, אייסער מיין ברודער. האב איך אויך א שטיקעל דעה!

— האסט, גיב — זאגען פאטער און מוטער — וואס דו ווילסט!

— גיב איך 300 וויאדער אקעוויט פון גארעלנע.

וכך הוה... דער יונגער פריץ האט נאך עפעס אריינגעשטופט אין די הענט אריין...

איך האב נישט געצעהלט...

דערווייל איז אריין מוזיק, מען האט אנגעהויבען טאנצען...

אונזער פאר־פאלק האט זיך שטילערהייט ארויסגע'גנב'עט און געפאהרען צוריק—צו זיך אין קרעטשמע אריין...

דער ארענדאר איז שוין דארט נישט געווען... שוין געגאנגען ליידען גלות.

# מסירת נפש.

מיט דורות צוריק האט גע׳שם׳ט אין צפת א איד — א גביר און א גרויסער בעל־מזל, וואס האט געהאנדעלט מיט צירונג און אלערליי אבנים טובות ומרגליות. און געווען איז דער איד אן עושר אן אמת׳ער, נישט קיין אויפגעבלאזענער, ווי היינטיגע צייטען.

און געהאט האט ער זיין אייגענס א פאלאץ, וואס האט ארויסגעקוקט מיט ליכטיגע פענסטער־אויגען אויפ׳ן ים־כנרת; און ארומגערינגעלט האט דעם פאלאץ א גארטען א גרויסער, מיט אלערליי גלוסטיגע בוימער, מיט כל המינים פרות און זינגענדיגע פייגעל, און מיט אלערליי שמעקעדיגע קרייטעכצער און אנדערע געוויקסען, הן לנוי והן לרפואה. —

און געהאט האט דער גארטען וועגען ברייטע, אויסגעשיטע מיט גאלדענעם זאמד, און די בוימער איבער די וועגען האבען זיך אין דער הויך צוזאמענגעטראפען מיט די קרוינען, און צוזאמענגעפלאכטען און פארשאטענט די וועגען.

און סוכות זענען צוזייט און צושפרייט געווען אויף אלע עקען פון גארטען צום אפרוהען, און וואסערלעך, איבער וועלכע די טייערסטע ווייסע גענז — בר־אוזות — זענען ארומגעשוואומען, האבען געגלאנצט ווי די שפיגלען, — ממש א גן־עדן התחתון.

און געהאט האט דער איד זיינע אייגענע אייזלען און קעמלען, צו פאהרען איבער דעם מדבר; און אן אייגען שיף, מיט איינענע שיפסלייט און א שיפס־קאפיטאן — צו פאהרען אויפ׳ן ים...

מיט אייןווארט: אויף כל ישראל געזאגט...

און דער איד האט נישט געקארגט די מטבע, און האט זיך משדך געווען מיט רבנים, ראשי־ישיבות און אזוי גאונים פון בבל און ארץ־ישראל, און האט אוועקגעשיקט די קינדער למקום תורה; און וואס א זוהן ער האט אוועקגעשיקט, האט ער איהם באלד אפגעטיילט בכסף מזומן זיין חלק ירושה, אויסער נדן, כיד הנביר.

און מיט דער צייט איז ביי איהם געבליבען נאר די איינגסטע טאכ־טער מיט'ן נאמען שרה, דאס געליעבטע מיזיניקעל, וואס ער האט געהיט, ווי דעם שווארץ־אפּעל פון אויג.

די שרה איז געווען א גרויסע יפה־פיה, און א לב טוב, און א מזג טוב — אין לשער.

און פאר דער בת יחידה, אז עס איז געקומען די צייט, האט ער זיך אראפּגעבראכט פון נשיא פון בבל'ס ישיבה א טייערע כלי, מיט'ן נאמען חייא.

און געשריבען האט דער ראש ישיבה אויפ'ן בחור צום צפת'ער רב נישט מעהר און נישט ווענינער, ווי עטרת ראשי ועטרת הישיבה; דאס הייסט: די קרוין פון ראש ישיבה'ס קאפּ, און די קרוין פון דער גאנצער ישיבה. און דאצו נאך — ו„שלשלת היוחסין".

ד. ה.: גאר דאס אויבערשטע פון שטייסעל — יחוס שביחוס.

און א קלאנג איז געגאנגען איבער דער וועלט, אז אותו הבחור חייא קומט ארויס „מזרע המלוכה"; נייערט בשעת חירום אין בבל, ווען מען האט דעם חייא'ן גע'הרג'עט פאטער און מוטער און אומגעבראכט שוועסטער און ברודער, און ער אליין איז נצול גע־ווארען, ממש על פי נס, — איז דער יחוס־בריעף פארלוירען גע־ווארען... האט אבער ר' חייא, דער גרויסער עניו, דערפון קיינמאל נישט גערעדט, ווייסט מען נישט. — זיכער איז אבער, אז מענ־שען, וואס האבען דעם בחור חייא אין גאס געזעהן, האבען זיך אפּגעשטעלט קוקען אויף איהם, ווי אין א שיינדעל אריין, און נישט איינער האט א ברכה געמאכט איבער זיין שעהנקייט. ווארים א פּנים האט דער חייא געהאט פון אן אמת'ן בן־מלך; די שכינה האט אויף איהם גערוהט...

באזעצט זיך דער חייא ביים שווער אין צפת — על התורה ועל העבודה...

נישט לאנג אבער האט זיין מנוחה געדויערט; דער שווער, דער אלמן, איז א צייט נאך חייא'ס חתונה נפטר געווארען. דער יונגערמאן האט געמוזט איבערנעמען די גרויסע עסקים און מאכען נסיעות איבער ווייטע מדינות. מיט אייןווארט, ער איז געווארען א גרויסער סוחר פון די גרעסטע אויף דער וועלט.

דאס האט אבער איהם, חלילה, צו בטול־תורה נישט געבראכט. דער קעמעל, אויף וועלכען ער איז געריטען איבער דער

מדבר, האָט עמיץ פון דער קאַראַוואַנע ביים ציימעל געפיהרט. און ר׳ חייא האָט נישט אַרויסגעלאָזט דעם ספר, וואָס ער האָט גע־האַלטען, פון האַנט, און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון ספר.

און אין שיף האָט ער געהאַט אַ חדר מיוחד (קאַיוטע בלע״ז), וואו ער איז געזעסען ביחידות און עוסק געווען בתורה, הן בנגלה, הן בנסתר.

און ער האָט נאָך אפילו געפונען צייט, צו לערנען זיך שבע חכמות ביי די אַלטע שייכען, מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפען אויפ׳ן וועג, ווי חכמת הרפואה, שיחת חיות ועופות און אפילו אַביסעל אַצטגנינות, וכדומה...

און אַ בעל־צדקה איז ער געווען, אין לשער ואין לספר. ובכל מקום בואו — וואו ר׳ חייא האָט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט אין אַ קהלה, — פזר נתן לאביונים — האָט ער קודם כל מפריש געווען מעשר־עני פון ריוח אויפ׳ן וועג, אַחוץ פדיון שבוים לפי הצורך.

און אַזוי פלעגט ער אויך טון גרויסע טובות דעם כלל ישראל.

וואָרים דער מסחר מיט אבנים טובות ומרגליות האָט איהם מקרב געווען צום מלכות מיט איהרע שרים. און מיט דער שעהנקייט און עהרליכקייט, און אפשר מעהר נאָך מיט זיין חכמה, האָט ער שטאַרק נושא־חן געווען אין זייערע אויגען. און זיי פלעגען אין איהם אמונה האָבען, גלויבען לכל היוצא מפיו, און אַלץ צוליעב טון...

פלעגט ער זיין אַ שתדלן און אַ מליץ יושר על כל צרה שלא תבא... און ברוח פיו האָט ער מבטל געווען בלבולים נוראים: אַרויסגענומען פון תפיסות, באַפרייט פון מלקות און קייטען; און נישט איינמאָל און אין דער לעצטער מינוט, — פון תלינ׳ס הענט; אַחוץ כמה וכמה יונגע נפשות, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון מעטשעטען, וואָס מען האָט זיי געוואָלט אָפּ׳שמד׳ען איבערגע־וואָלט...

און איבער דער צייט, וואָס ר׳ חייא איז געווען אַ מהלך בדרך, פלעגט שרה די צדקת ממלא מקומו זיין אין דער היים אין צפת לכל דבר שבצדקה, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמת׳ער אשת־חיל. ובטח בה לב בעלה, — האָט זיך ר׳ חייא אויף איהר פאַרלאָזט און ״״ז זיכער געווען, אַז דער הונגעריגער, וואָס וועט אַריינקומען אין

זיין הויז, וועט ארויסגעהן א זאטער; און דער דורשטיגער — א׳ אנגעטרונקענער. ווי אויך, אז זי וועט זייער בת יחידה, מרים, מגדל זיין לצדקה ולמעשים טובים און מדריך זיין אין כשר׳ן וועג.

וכך הוה: דער פאלאץ איז שטענדיג פול געווען מיט אורחים און ארעמע לייט. און תלמידי חכמים, רבנים און ראשי ישיבה, וואס פלעגען ארויסגעהן לחוץ לארץ וועגען צרכי הצבור און צו־ריקפאהרען, האבען זיך, אהין־צו־וועגס, ווי צוריק־צו־וועגס, אפ־געשטעלט — אזוי פלעגט מען שוין זאגען — ביי ר׳ חייא׳ס ווייב, און זי פלעגט זיי מקבל זיין בסבר פנים יפות, און שפייזען מיט אל־דאס גוטס, און פלעגט נאר פארלאנגען, זיי זאלען ארויפלעגען זיי־ערע הענט אויף דער בת יחידה׳ס קעפעלע און בענשען זי מיט מזל...

און די ברכות האבען אנגעהויבען מקוים צו ווערען: די איינ־ציגע טאכטער מרים איז געווען אן אויסטערליש געראטען קינד, א ברכה פון זיין ליעבען נאמען. און גאנץ צפת פלעגט זיך בענשען מיט איהר, מען זאגט: „חייא׳ס טאכטער לייכט ווי די זון“, „איז קלאר ווי דער טאג“; „עס ליגט אויף איהר אסתר המלכה׳ס חן וחסד“; און זי איז ווירקליך געווען א יפה־פיה — די מוטער אויס׳ן אויג.

זענען דאך אבער גאטס דרכים נישט צום פארשטעהן; און צוריק געשמועסט, האט דאך שוין שלמה המלך, עליו השלום, גע־זאגט: „את אשר יאהב... יוכיח“ — ווענען זיין ליעבער נאמען ליעבט, דעם שטראפט ער; טיילמאל ברענגט דער רבונו של עולם גאר אויפ׳ן צדיק א נסיון; ער פרואווט מיט יסורים דעם צדיק, צו זעהן, ווי ווייט, ווי טיף, און ווי שטארק דעם צדיק׳ס בטחון איז,— סיי ווי סיי, שרה די צדקת פאלט פלוצלונג אוועק. ר׳ חייא בא־קומט די בשורה־רעה אויף א ווייטען וועג. און לב יודע מרת נפשו— פיהלט ער, אז עס איז שלעכט, ווארפט ער אוועק אלע עסקים און לויפט אהיים. איבער טאל און איבער בערג, מדבריות און ימים. באגעגענען איהם אלערליי מניעות. פאלען אונטער איהם אין מדבר אייזלען און קעמלען פאר דורשט; שטורעם־ווינטען ווילען איהם צושלאגען דאס שיף אויפ׳ן ים, — איז איהם אבער דער זכות התורה והעבודה בייגעשטאנען. האט ער גובר געווען אלע מניעות און איז אהיים געקומען בשלום... האט ער אבער שוין געטראפען די צדקת שרה כמעט ביי יציאת נשמה... נאר ווי די צדקת האט

איהם רערזעהן, האָט זי זיך געשטאַרקט און אויפגעזעצט אויפ׳ן בעט, און נאָך אָפּגעגעבען אַ שבח והודיה צום בורא עולם, וואָס האָט אויסגעהערט איהרע תפלות, זי זאָל זעהן איהר כשר׳ן צדיק פאַר דער פּטירה; און דרעהט זיך איבער צו ר׳ חייא׳ן, און טרייסט איהם און איז איהם מבטיח, אַז זי איז מקבל די יסורי־מות באהבה... און רעדט מיט איהם נאָך אַ וואָרט וועגען דער בת יחידה מרים, וואָס מען האָט אַרויסגעפיהרט אַ פאַר׳חלש׳טע... און ר׳ חייא זאָגט איהר צו, אַז ער וועט זיין פאַר איהר אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע; אַז קיין פרעמדע הענט וועלען דאָס יונגע ביימעלע נישט בויגען, נישט קרימען, נישט, חס ושלום, ברעכען... וכנגד זה, זאָגט זי איהם צו, אַז זי וועט אויפ׳ן עולם־האמת קיין רגע אָז זיי נישט פאַרגעסען. אַז זי וועט זיך שטענדיג מיהען פאַר דער בת יחידה וועגען אַ זווג, עס זאָל זיין לפי כבודה ומעלתה... און אויב עס וועט זיך מאַכען, חס ושלום, אַ סכסוך, אַ ספק, צי אַ מניעה, וועט זי אַלץ אָנווענדען און באַקומען רשות, צו באַווייזען זיך ר׳ חייא׳ן אין חלום, און זאָגען וואָס מען דאַרף... אַזוי האָט זי זיך מיט ר׳ חייא׳ן געזעגענט, געזאָגט נאָך אַמאָל שמע ישראל (עס איז שוין געווען נאָך ודוי) און נאָך אַמאָל געעפענט די אויגען און אַ קוק געטאָן אויף ר׳ חייא׳ן באהבה רבה און מיט חן וחסד, און געהייסען גריסען די טאָכטער, און געבענטען איהם, ער זאָל מקבל זיין דעם גזר־דין פון זיין ליעבען נאָמען באהבה, און האָט זיך אַראָפּגערוקט פון קישען, איינגעצויגען די פיס און איבערגעדרעהט זיך צו דער וואַנט — ויצאה נשמתה בטהרה...

---

און באַלד נאָך שלשים האָט ר׳ חייא, אַהן אַ רגע ישוב הדעת, מיט אַמאָל אָפּגעשניטען פון אַלע מסחרים, פאַרקויפט די פערעל און בריליאַנטען און אַלערליי אַנדערע צירונג כמעט בחצי חנם, און האָט זיך באַזעצט במנוחה על התורה והעבודה אין צפת... און אין פּאַלאַץ זיינעם האָט ער זיך געעפענט אַ ישיבה, און האָט אויס־געזוכט און פאַרזאַמעלט אין איהר פון צפת און פון דער סביבה אַלע בחורים — וואויל־לערנער, און האָט געזאָגט פאַר זיי, וואָס גאָט גיט אַ טאָג, דעם שעור. און זיי האָבען דורשטיג געטרונקען זיינע רעד. און די אָרעמע בחורים פון צווישען זיי האָט ער נאָך

אײנגאַנצען אױף זיך גענומען. און זײ אײפּגעהאַלטען בײ זיך אין פּאַלאַץ, צו צװײ און צו דרײ בחורים אין אַ חדר מפואר. און האָט זײ מפרנס געװען בעין יפה, און האָט זײ מלביש ומנעיל געװען בבני הגבירים. וכל מחסורם עליו — פאַרזאָרגט אפילו מיט קלײן־געלט. אַ בחור זאָל זיך קאָנען אַמאָל אָנטון אַ נחת און נישט פאַרשעמט װערען פאַר זײנע בעל־הבתי׳שע חברים...

וכשהגיע התור, אז אַן אָרעם־בחור איז געקומען צו שמונה־עשר־לחופה, פלעגט ר׳ חייא שיקען נאָך שדכנים און אױסקלײבען איהם אַ שדוך מיט קעסט און אָנהאַלטעניש, לפי כבודו ומעלתו. און פלעגט געבען נדן, הלבשה ומתנות און נעמען אױף זיך כּמעט האַלב הוצאות החתונה מיט רח״ש, און פלעגט אַלײן פיהרען צו דער חופה, נאָך דער חופה משמח זײן חתן־כלה כדת וכדין. און װאָס אַנבאַלאַנגט זײן טאָכטער מרים, האָט ער געהאַפט, אז עס װעט זיך איהם טרעפען גאָר אַ כלי יקר — טאַקע, װי מען זאָגט, פאַר גאָט און פאַר לײט.

װעגען דעם ענין האָט ער אַמאָל געשריבען בדרך משל צו זײן מחותן דעם נשיא פון בבל, מיט װעלכען ער פלעגט זיך דורכשרײבען, הן אין דברי תורה, הן אין עניני משפחה, אױף לשון קודש, װאָס מיר זעצען דאָ איבער אױף עברי־טײטש, כּמעט אין עברי־טײטש פאַרלירט עס אַסך פון מתיקות.

און אַזױ שרײבט ער:

„מיט׳ן הילף פון זײן ליעבען נאָמען האָב איך מיר געפלאַנצט זעהר אַ שעהנעם גאָרטען (דאָס מײנט ער די ישיבה), מיט כל המינים בױמער, װאָס טראָגען כל המינים פרות (דאָס מײנט ער — די תלמידים) און אז אַ פרי װערט צײטיג און זאַפטיג, (דאָס מײנט מען: ראוי לחופה) זוך איך איהם אױס אַן אדם הגון (אַ שעהנעם מחותן) און הײס איהם אַ ברכה מאַכען (ברכת נשואין), און אַז גאָט װעט מיר העלפען, — שרײבט ער — און עס װעט זיך באַװײזען אַן אתרוג׳ל אַ הדר, גאָר אָהן אַ פגימה, װעט שװין אין דעם הדר׳ל זוכה זײן בתי היחידה מרת מרים, תחי׳“.

און אַז דער נשיא פון בבל האָט איהם צוריק געשריבען מיט זײן לשון בקצור נמרץ:

— היכא דמי, עס זאָלען אין דײן ישיבה נישט זײן קײן לומדים מופלגים?

ניט איהם ר׳ חייא אַנצוהערען, אַז „לא המדרש עיקר“.

— אין תורה — שרייבט ער איהם בדרך המליצה — אלא מים; תורה איז גענליכען צו וואסער. אבער נישט אלע וואסערען פליסען ארוים פון „גן־עדן. (נישט יעדערער, הייסט עס, לערענט לשם שמים)... איינער לערענט לשם תאוות הנצחון: ער וויל איי־בעריאַגען און מנצח זיין זיינע חברים; א צווייטער מיינט נאר צו באַנוצען זיך מיט׳ן כבוד פון דער תורה—נישט ער זאל מכבד זיין די תורה, נאר די תורה זאל איהם מכבד זיין; א דריטער האט צום לערנען גאר אן אנדער מין יצר הרע — ער האט ליעב שכל־דיגם! ער פרעהט זיך נישט מיט גאטס תורה, נאר מיט ז י י ן! א י י נ ע נ ע ר! מ י ט ז י י נ ע ח ד ו ש י ־ ת ו ר ה, מיט זיינע המצאה׳לעך; ער קוועלט פון זיינע אייגענע אויפטועכצער. פון זיינע קונצען, וואס ער באַווייזט אין דער תורה! און, צוליעב א קונץ, איז ער אפילו גרייט מגלה פנים צו זיין בתורה שלא כהלכה. טייל זענען מעהר מגושם, מאכען זיי זיך פון דער תורה א האַק, צו גראָבען אין מיסט, און צו געפינען א שווער — אַז אַנהאַלטעניש, קעסט — ריין קישקע מיט שמאַלץ, און, איבער הונדערט און צוואנציג יאהר, — א ירושה!... און ווען אפילו מתוך שלא לשמה קומט אמאל לשמה, — בלייבט אלץ אויף דער נשמה א פלעק, אן אַפּיאַץ, א טעם לפגם! הכלל אתרוגים כשר׳ע זענען פאראן פיעל, וויל אבער ר׳ חייא א הדר: עס זאל זיין תוכו כברו, און דעם תוך פון א מענש — איז נישט אזוי לייכט צו דער־קענען... כבדהו וחשדהו; און ער וויל גלאַט כשר!

איז איהם דער ראש־ישיבה מודה, און ענטפערט איהם, כדרכו, בתכלית הקצור:

— „ינעתי ומצאתי תאמין“.

---

**ווי אזוי אבער זוכט מען?**

הוא היה אומר, א מענש — פלעגט ר׳ חייא זאגען — וואלט לייכט געווען צו דערקענען אין די אויגען... די נשמה אין גוף זיצט, ווי אין תפיסה; האט דער בורא עולם, מיט זיין גרויס רחמנות, געעפענט דער נשמה אין דער תפיסה צוויי פענסטערלעך. דאס זענען די אויגען פון א מענש. זי זאל דורך זיי ארויסקוקען,

זעהן די וועלט, און לאזען זיך דערקענען דער וועלט! וואלט מען אין די אויגען יעדען דערקענט, האט אבער א מענש פארהענגלעך צו די פענסטערלעך — ברעמען, מיט וועלכע ער קאן זיי פארשטע־לען... און, א מענש, וואס האט א נשמה מיט א פנם, באהאלט ער זי, ווי מען באהאלט קודם א חופה א כלה מיט א מום, און ווען די נשמה וויל זיך באווייזען, לאזט ער די פארהענגלעך אראפ; מכלומר'שט פאר עניוות...

לייכטער — זאגט ר' חייא — וואלט שוין געווען צו דערקענען א מענש זזינ'ם קול. אין דעם האט ער געהאט זיין אייגענע שטה:

„משול — פלעגט ער זאגען — כחרס הנשבר" — א פראס־טער מענש איז נישט מעהר ווי אן ערדענער שארבען. און דער גאנצער מענש, דער אדם השלם — צו אן ערדענער כלי, וואס קאן אין זיך מקבל זיין די תורה און פארלירט נישט קיין טראפען. הני מילי? ווען דער טאפ איז גאנץ... ווי אזוי דערקענט מען אבער, צי דער טאפ האט נישט קיין שפעלטעל, כאטש עס איז נישט מיט'ן אויג צו דערזעהן? מוז מען אנקלאפען אן דעם טאפ און הערען זיין קלאנג — האט דער טאפ א ריינעם, פולען קלאנג, מה טוב! אניט, איז טאקע משול כחרס הנשבר... און אזוי אויך דער מענש.

א מענש, וואס איז נישט גאנץ, קאן האבען אן אויבער־קול, אן אונטער־קול, א ביי־קול, א צושפאלטען קול, א ציטערדיג קול, אבער נישט קיין ריינעם, קלארען קלאנג; קיין רעכט קול האט ער נישט! איז אבער א מענש קיין טאפ נישט; אז מען קלאפט אן, און ער האט נישט זיין אייגען קול, מאכט ער נאך א פרעמד קול... טוט ער ווי א פאפוגיי! דו הערסט אמאל פון ווייטענס א קול, מיינסט, דער און דער פויגעל, און אז דו קומסט צו — א נאכגע־מאכט קול, א פאפוגיי.

וכה יעשה כל הימים — לויט דער שיטה פלעגט ר' חייא זיך נוהג זיין אזוי:

דעם שעור פלעגט ער זאגען פאר ווארמעס; און א פאר שעה פאר מנחה פלעגט ער ארויסלאזען די תלמידים אין גארטען אריין; זאלען זיי מטייל זיין אין שאטען פון די בוימער, טועם זיין פון זייערע פרות און א ברכה מאכען, און אויך נהנה זיין פון די ריחות פון אלערליי קרייטעכצער, און שפאצירענדיג, איבער־חזר'ען דעם שיעור בעל־פה, אדער גלאט רעדען פון תורה; אפילו

שיחת רעים איז אויך קיין סכנה נישט... און ער פלעגט זיך דאָ־מאָלט מתבודד זיין אין זיין חדר, און לערנען סתרי תורה... און זיין חדר האָט געהאַט אַ פענסטער אין גאַרטען אַריין, מיט אַ שווער זיידענע פאָרהאַנג פאַר דער זון. און פון צייט צו צייט פלעגט ר׳ חייא אַראָפּנעמען די ברילען, לעגען אויפ׳ן ספר און נאָך צודע־קען מיט׳ן פולאַרענעם טיכעל און אַרויפלעגען דאָס טאַבאַק־שקע־טעלע, — און צוגעהן צום פענסטער, און שטעלען זיך אַ ווײַלע הינטער דעם פאָרהאַנג, און אײַנהערען זיך צו די קולות פון זיינע תלמידים, וואָס געהען אַרום אויף די שפּאַציר־וועגען, פאַרען־ אדער קופּקעלער־ווייז, און רעדען צווישען זיך ווי חברים, און האָבען קיין סבה נישט צו היטען זיך און בייטען די קולות...

וואָס זיי האָבען געשמועסט, האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקאָנט הערען: אַרויף ביז צו זיין חדר איז צוגעקו־מען פון די בחורים נאָר דער קלאַנג אַליין, אָהן אַ התוך הדבור... און אַז עס איז אָוועקגעגאַנגען אַ צייט, און ר׳ חייא האָט קיין אמת רעכט קול נישט געהערט, איז ער אַריינגעפאַלען אין עצבות.

איינמאָל האָט ער זיך אפילו געקלאָגט פאַר זיין ליעבען נאָ־מען:

— רבונו של עולם! — זיפצט ער — די פיינעלעך אין גאָר־טען, וואָס האָבען נאָר אַ נפש חיה, זינגען דיין שבח, און די תלמידים מיינע, וואָס האָבען אַ נשמה און אַ יחידה, לערנען דיין תורה... פאַרוואָס איז דער קול פון דיינע פיינעלעך אַזוי גאַנץ, אַזוי ריין, אַז עס גיסען זיך אין זיי אויס גאַנצע נשמות, בשעת ווען מיינע תלמידים — — —

געענדיגט אָבער האָט ער נ י ש ט: מקטרג זיין אויף זיינע תלמידים האָט ער נישט געוואָלט... די עצבות אָבער טרעט נישט אָפּ!

פון צייט צו צייט קומען אָן נייע תלמידים, נייע קולות, אָבער אַלץ קיין קמח־סולת נישט!

און איינמאָל שטעלט ער אָפּ די טאָכטער מרים, קוקט אויף איהר אַ ווײַלע מיט גרויס ליעבשאַפט און רחמנות, און גיט זי אַ פרעג:

— געהסט אמאָל, טאָכטערשי, אויף דער מאַמעס קבר?

קושט ער זי אויפ'ן שטערן, און גלעט זי הארציג איבער'ן קאפּ, און בענשט זי דערביי, און פרעגט דערנאך:

— און וואס בעטסט דו ביי איהר, טאכטער?

הויבט זי צו איהם אויף איהרע געטרייע אויגען און זאגט:

— פאר דיין געזונט, טאטעשי, בעט איך! ביסט טיילמאל אזוי טרויעריג... און איך, נעבעך, וויים נישט, מיט וואס דיך משמח צו זיין... זי, די מאמע עליה השלום, האט געוואוסט... בעט איך ביי איהר, זי זאל עס מיר אריינגעבען אין הארץ אריין, אדער צו חלום קומען און אויסלערנען, ווי אזוי דיך משמח צו זיין...

גלעט ער זי איבער די סאמעטענע בעקלעך און זאגט איהר:

— איך בין, ברוך השם, טאכטער, בקו הבריאה! עפּעס אנ־דערש דארפסטו בעטען ביי דער מאמען!

— וואס, טאטעשי?

— אז דו וועסט געהן, טאכטערשי, אויף דער מאמעס קבר, בעט זי, זי זאל זיך מיהען, שטארק מיהען און זעהן, עס זאל מקוים ווערען דאס, וואס איך טראכט וועגען דיר.

ענטפערט זי איהם בתמימות:

— גוט, טאטעשי!

---

ויהי היום — איינמאל, זיצענדיג פאר מנחה אין ערשטען חדר, דערהערט ר' חייא פון פאדערהויז א וכוח, עס הערען זיך צוויי קולות: א קול א בייזערדיגס, דעם ריש־דוכנא'ס קול, און א צווייט קול, א יונגס, א פרעמדס — מן הסתם, פון א פרעמדען בחור. און דער קול פון פרעמדען בחור מאכט אויף ר' חייא'ן א גרויסען רושם. אויף אזא קול האט ער געהאפט, אויף דעם האט ער מתפלל געווען! פארמאכט ר' חייא דאס ספר, וואס ער האט געהאלטען פאר זיך, און וויל זיך לענגער איינהערען, האקט זיך אבער דער צווייטער, בעטענדיגער קול איבער, און עס הערט זיך נאר דעם ריש־דוכנא'ס קול, וואס מוסר'ט און בייזערט זיך. גיט ר' חייא א קלאפּ אין טיש, פאר א סימן, אז ער רופט. עפענט זיך די טיר, און עס באווייזט זיך פאר איהם דער ריש־דוכנא, א צו־רודערטער, א דערשראקענער, און שטעלט זיך פאר ר' חייא'ן כעבדא קמיה מריה, און זיין אלט פנים איז נאך בלאס, די אויגען

— יאָ, טאַטעשי! — ענטפערט זי איהם און קושט איהם דערביי מיט גרוים ליעבשאַפט די האַנט.

שפריצען נאָך מיט פייער, און די נאָז־פליגעל טאַנצען — אזא כעסן איז ער געווען.

וואָרענט איהם ר׳ חייא: כל הכועס!...

— ניין, רבי! — בלאָזט זיך אָפ דער ריש־דוכנא — עס איז משיח׳ס צייטען — אזא חוצפה! אזא חוצפה פון א בחור!

— נו, נו, — וואָס וויל ער, דער בחור?

— ער וויל א קלייניגקייט: אריין צו אייך אין ישיבה!

— נו?

— פרעג איך איהם: קאָנסט „ש"ס ופוסקים"? זאָגט ער: ניין! — כאָטש „משניות"? — פרעג איך ווייטער — ניין! — מאַך איך מיר א שפּאַס: און „עין יעקב"? — אויך נישט! — שפּאַס איך שוין ווייטער: און דאַווענען? צואווייינט ער זיך! — וואָס איז? דאַווענען אין סדור קאָן ער, נאָר פּירוש המלות האָט ער פאַרגעסען! שוטה, וואָס־זשע ווילסטו? — צו ר׳ חייא׳ן וויל ער! — נאָך וואָס? זאָגט ער, אז ער וויל אייך בעטען, איהר זאָלט איהם לאָזען זיצען אין ישיבה און צוהערען זיך צום שיעור, אפשר וועט איהם גאָט העלפען, ער וועט זיך דערמאָנען!

— געקאָנט, הייסט עס, און פאַרגעסען, — זיפצט ר׳ חייא אָפּ, — א חולה, נעבעך; און וואָס איז דער כעס?

— וואָס דער כעס איז? אדרבא — זאָג איך איהם, — איך וועל דיך ארייִנלאָזען צו ר׳ חייא׳ן. טראָגט אבער דער בחור א ליינוואַנטען מלבוש, ארומגעבונדען איז ער מיט א האַנפענער שטריק איבער די לענדען און האַלט נאָך אין דער האַנט א וואַלד־שטעקען, ווי א גזלן, — אַז אָפּגעשיילטע צווייג פון א מאַנדעל־בוים. זאָג איך איהם: גוט, בחור, איך וועל דיך ארייִנלאָזען צו ר׳ חייא׳ן, נאָר טו דיך איבער. האָסט אנדערע מלבושים? — נישט ער האָט, נישט ער וויל זיך איבערטון... ער טאָר נישט, זאָגט ער. — לעג כאָטש אוועק דעם שטעקען! דאָס אויך נישט! ער טאָר דעם שטעקען נישט ארויסלאָזען פון האַנט, נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט; ער שלאָפט מיט׳ן שטעקען!

פאַרשטעהט ר׳ חייא, אז עס איז א בעל־תשובה, זאָגט ער:

— יבא, זאָל ארייִנקומען דער בחור.

קומט ער אריין א בלאסער, א מאגערער; אנגעטאן, ווי דער ריש דוכנא האט איהם אויסגעמאלט, און שטעלט זיך ביי דער טיר.

רופט איהם ר' חייא צו צו זיך נעהנטער, דערלאנגט איהם „שלום“, לאזט זיך נישט פאלען צו די פיס, נישט קושען די האנט, און אז ער זעהט, אז דער בחור הויבט אויף איהם זיין אויג נישט אויף, פרעגט ער:

— קינד מיינס, וואס לאזט דו די אויגען אראפ פאר מיר? באהאלסט דו פאר מיר דיין נשמה?

— יא, רבי — ענטפערט דער בחור — מיין נשמה איז א זינדיגע... איך האב מיך מיט איהר וואס צו שעמען...

זאגט ר' חייא: אין אדם משים עצמו רשע... איך הייס דיך אויפהויבען די אויגען.

פאלגט דער בחור.

און ר' חייא, קוקענדיג איהם אין די אויגען אריין, ווערט פארציטערט, א פארשאלטענע נשמה האט ער דערזעהן.

— קינד מיינס — פרעגט ר' חייא — עס שטעקט א קללה אין דיינע אויגען. ווער האט דיך פארשאלטען?

— דער ראש־ישיבה פון ירושלים!

ר' חייא ווייסט, אז דער ראש־ישיבה פון ירושלים איז ערשט נישט לאנג נפטר געווארען, פרעגט ער: ווען?

ענטפערט דער בחור: — שוין צוויי חדשים.

„ריכטיג! — טראכט ר' חייא — דאמאלט האט ער נאך געלעבט“... און הויך פרעגט ער:

— פארוואס?

— אויף דעם האט מען מיך געהייסען, איך זאל פאר אייך זיך מתודה זיין.

— גוט... און ווי הייסט דו, בחור?

— חנניא...

— נו, בחור חנניא, — מאכט ר' חייא און שטעלט זיך אויף — אצינד קום דאוונען מנחה ומעריב, דערנאך וועט דיר דער ריש דוכנא ווייזען אן ארט ביים טיש... נאכ'ן עסען, וועסט דו אראפגעהען אין גארטען אריין, איך וועל דיך אויפזוכען און אויס־הערען דיינע רייד.

און ער נעמט איהם אַן ביי דער האַנט, און פיהרט איהם מיט זיך צום בית־המדרש'ל ביי דער ישיבה.

און געהענדיג, טראַכט ר' חייא:

— אַזוי יונג, אַזאַ קול... און אַ בעל־תשובה... און אין די אויגען אַ קללה... וואונדערליך זענען דעם בורא'ס דרכים.

---

שפּעט ביינאַכט געהט ר' חייא מיט'ן בחור חנניא אַרום אין גאַרטען. פון צייט צו צייט גיט ר' חייא אַ קוק צום הימעל אַרויף און זוכט עפּעס אַ צייכען על פּי האיצטגנינות, עפּעס אַ סימן; איז אָבער דער הימעל פאַרשטעלט מיט אַ שטומען גרויען נעבעל; אַ נאַכט אָהן לבנה, אָהן שטערען... עס שטראַלען נאָר די שויבען פון די פענסטער אין פּאַלאַץ, און מיט זייער ליכט פיהרט ר' חייא דעם בחור חנניא מיט זיך אין סוכה אַריין, און זיי זעצען זיך. „ופתח פיו בחכמה", און ר' חייא הויבט אָן:

— אין „פּסוק" שטעהט — זאָגט ער צו חנניא'ן — „דאגה בלב איש — ישיחנה"...

— רבי, וואָס איז דער טייטש? — בעט זיך דער בחור.

טייטשט איהם ר' חייא אויס וואָרט ביי וואָרט:

— דאָס איז טייטש: „דאגה" — אַ זאָרג (חנניא חזר'ט איבער), „בלב" — אין האַרץ, „איש" — פון אַ מענש, „ישיחנה" דאָס איז טייטש: ער זאָל אויסזאָגען אַן אַנדערען, — ער זאָל זיך אויסגיסען דאָס האַרץ. און כאַטש דער בחור איז תופס נאָר טייטש־ווערטער, הויבט זיך איהם אָן דאָס בלאַסע פּנים צו רויטלען, ווי ביי אַ פאַר'חלש'טען, ווען מען ראַטעוועט איהם און די נשמה קומט פּאַמעלעך צוריק אין גוף אַריין.

קריגט אויף איהם ר' חייא גרויס רחמנות און זאָגט איהם:

— פּתח פיך, בני, — עפען דיין מויל, חנניא. ויאירו דבריך— און זאָלען לייכטען דיינע ווערטער, און זיי דיך פאַר מיר מתודה... האָט איהם חנניא דערצעהלט אַ מעשה נורא.

---

קומען קומט ער אַרויס פון ירושלים... זיין מאַמע איז אַ רייכע אַלמנה, וואָס האַנדעלט מיט בשמים...

און זי האָט נאָר צוויי קינדער געהאַט, אַן עלטערע שוועסטער מיט'ן נאָמען אסתר, און איהם, חנניא.

האָט זי, פארשטעהט זיך, ליעבער געהאַט חנניא'ן, דעם קדיש, פאַר זיין שוועסטער. בפרט, אַז חנניא האָט זיך באַוויזען אַ אינגעל אַן עלוי...

און כאָטש אסתר איז שוין אַלט געוואָרען אַ יאָהר זעכצעהן, האָט די מוטער זיך נישט געזאָרגט און נישט געטראַכט וועגען אַ שדוך פאַר איהר. און אַז שכנות דערמאַנען זי, האָט זי אַ גרייטען ענטפער: עס וואַקסען איהר נאָך, ברוך השם, קיין גרויע צעפּ נישט! און אָפּגעגעבען איהר גאַנץ האַרץ האָט זי חנניא'ן. זי האָט איהם געדונגען גוטע מלמדים, און ווייל זי איז דעם ראש־ישיבה'ס אַ ווייטע קרובה געווען, און האָט געהאַט אַ דריסת הרגל אין זיין הויז, פלעגט זי אַלע עטליכע שבתים פיהרען חנניא'ן צו דער רבי'צין, און די רבי'צין פלעגט איהם אריינפיהרען צום ראש־ישיבה צום פאַרהערען.

האָט דער בחור ביים ראש ישיבה שטאַרק נושא חן געווען. שטעהט די מוטער הינטער דער טיר און הערט, ווי מען לויבט איהם; און קוקט אריין דורך אַ שפּאַרע און זעהט, ווי דער ראש ישיבה קנייפּט איהם אין בעקעל אריין מיט גרויס ליעבשאַפט, און איז איהם מכבד מיט'ן שענסטען עפּעל פון שבת־אויבס — קוועלט זי!

נאָך מעהר וואַקסט אין איהר דאָס האַרץ, אַז די רבי'צין זאָגט איהר, אַז דער ראש־ישיבה וויל דעם בחור אריינגעמען צו זיך אין ישיבה אריין, אַבוואָל זי איז דערויף נישט באַשטאַנען, ווייל זי וויל זיך מיט איהם נישט צושיידען. איהר שיינדעל, וויל זי האָבען ביי זיך אין דערהיים; זי זאָל קאָנען וואָס אַמאָל מוסר זיין די השגחה אויפ'ן געוועלבל אַ שכנה, און אריינלויפען אויסקושען איהר בן יחיד אַלע אברים. נעמט זי איהם צו נאָך אַ גרעסערען תלמיד חכם, ער זאָל לערנען מיט'ן בחור אין דערהיים.

און אינ'ם גרויסען תלמיד־חכם איז זי נכשל געוואָרען...

---

עס איז געווען איינער פון די פאַלשע תלמידי חכמים, וואָס לערנען נישט תורה לשמה, און האָבען נאָר אין זין זיך צו הויכען און צו קרוינען אויפ'ן חשבון פון דער תורה; האָט ער געפיהרט

חנניא׳ן אויף דעם אייגענעם דרך. ער האָט מיט איהם געלערענט נאָר פּלפּול און קונצען, ווי אזוי אַלץ אָפּצואוועגדען. און האָט נעפּלאָנצט אין חנניא׳ס הארץ די ביטערע קרייטעכצער פון גאוה און נצחון. און חנניא האָט זיך געשווינד אויסגעלערענט די חכמה; ווארים באמת איז עס נאָר אַ ח כ מ ה, אָבער קיין ת ו ר ה נישט. נישט דאָס האָט מען אויפ׳ן בארג סיני געמיינט. — נאָר דאָס האָט די מוטער און דער עולם ארום נישט פארשטאַנען. האָט מען חנניא׳ן נאָך מעהר געלויבט, און די מוטער — וואָס ווייסט אַ נארישע אידענע? — האָט דערפון נאָך מעהר נחת געהאַט...

און אין אַ צייט ארום האָט חנניא מקבל געווען די גאַנצע תורה פון תלמיד חכם, און האָט געזאָגט דער מוטער, אַז ער דאַרף שוין קיין מלמד נישט האָבען, האָט די נארישע אידענע געמיינט, אַז עס עפענען זיך פאַר איהר אַלע שבעה רקיעים...

און חנניא איז געגאַנגען אויפ׳ן דרך השקר שוין אויף דעם אייגענעם חשבון, און פלעגט האָבען וואָס אַמאָל מעהר וכוחים מיט בחורים פון ישיבה און גלאַט לומדים, און אַלע גובר זיין און מבייש זיין, און מאַכען פאַר עם הארצים... אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז עס איז אָנגעקומען צום ראש ישיבה, האָט דער ראש־ישיבה גע־ זאָגט: מעשה ילדות! דערפון וואַקסט אַ תלמיד חכם אויס! און האָט נאָר געהייסען געהן אין זיין נאָמען און זאָגען דער מוטער, זי זאָל איהם דערלאַנגען אַ פעטשעל דערפאַר.

— אַ מאַמע — זאָגט ער — מעג!

נעהט, מן הסתם, די מוטער און גיט איהם אַ קוש פאַר׳ן פעטשעל, און קויפט איהם נאָך אַ שעהנע מתנה פאַר זיין חכמה...

זעהט חנניא, אַז עס איז גוט אזוי, ווערט ער נאָך מעהר מחוצף. לויפט ער ארום אין שולען און בתי־מדרשים, און מאַכט זיינע קונצען. וואו עס זיצט אַ מתמיד און לערענט, שטעלט ער איהם אָפּ אין דער אייגענער סוגיא, וואָס יענער לערענט, און פרעגט קשיות, הערט תירוצים. און ווענדט אָפּ... אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז יענער ווערט פארטומעלט, און חנניא ווייזט פאַר׳ן גאַנצען עולם, אַז דער מתמיד האָט קיין שום השגה נישט...

אַמאָל טרעפט ער, ווען אַ בחור זאָגט אַ חלוק, אָדער עס דרשנ׳ט אַ תלמיד חכם, — און נאָך איידער יענער זאָגט „ובא לציון“, שפּרינגט ער שוין ארויף אויפ׳ן בעלעמער, און מאַכט פון

חלוק אשפה, און צושניידט מיט'ן מויל, ווי מיט אַ שער, דעם דרש אויף פּיצלעך, און צורייסט איהם ווי אַ שפּינגוועבס, און מאַכט אַלע פאַר עם־הארצים.

לויפט מען ווייטער צום ראש ישיבה, גיט ער ארויס אַ האַר־בערען פסק: געהט, זאָגט ער, צו דער מוטער און זאָגט איהר, אַז איך האָב געהייסען איהם אָפּשמייסען...

קריגט חנניא פון דער מוטער נאָך שענערע מתנות און נאָך מעהר ממתקים; טוט ער נאָך מעהר מעשים רעים. דערצעהלט מען ווייטער דעם ראש ישיבה, זיפצט ער אָפּ און זאָגט, אַז ער האָט איהם מורא מעניש צו זיין, אַזאַ למדן איז ער, אַז נאָר אַ מאַ־מע מעג. דערצעהלט מען איהם, וואָס די מוטער טוט, הייסט ער, מען זאָל ארויפשיקען חנניא'ן אליין. קומט חנניא אריין מיט עזות. און אַז דער ראש ישיבה הויבט אָן אַ שמועס וועגען תורה, האַקט ער איהם איבער מיט חוצפה און פרעגט שפּיציגע קשיות, און קשיות אויף קשיות, און ווייזט זיין גבורה, און מישט צונויף ש"ס ופוסקים... איז אָבער דער ראש־ישיבה אַ גרויסער עניו געווען, בייזערט ער זיך נישט, און זאָגט איהם געלאַסען:

— הער, חנניא! דיין גאַנצע חכמה איז נאָר אויף אָפּווענדען, אַלע קשיות און תירוצים — אויף נישט אַזוי, אַלץ „ניין" און „ניין"... הייסט עס, אַז דו האָסט קיין גאַנצע תורה נישט... ווייל די תורה האָט דאָך עשה'ן און לא תעשה'ן, האַלב הן און האַלב לאו, און דו האָסט נאָר: לאו און לאו... מעהר ווי העלפט וועסטו קיינמאָל נישט האָבען. אַ והא ראיה: זאָג עפּעס דיינס, דיין אייגענס אויף יאָ...

שווייגט חנניא; אין דעם איז זיין כח נישט געווען. זיין כח איז געווען „סתירה, נישט „בנין"...

פאַרענטפערט ער זיך:

— דאָס האָט מיך דער מלמד נישט געלערענט!

זאָגט איהם דער ראש ישיבה: דיין מלמד, חנניא, איז נפטר געוואָרען, און עס ברענט איהם דאָס פייער אין גיהנום און דער זכות פון דער תורה קאָן איהם נישט מציל זיין, — און ער וועט אַזוי ברענען, כל זמן דו, חנניא, וועסט נישט תשובה טון און אויסרייסען פון האַרץ דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט אין דיר פאַר־זייהט...

— דאַרפסטו — זאָגט דער ראש־ישיבה ווייטער: — רחמנות האָבען אי אויף דיר, אי אויף יענעם תלמיד חכם, און תשובה טון און לערנען תורה לשמה...

לויפט חנניא אויפ׳ן בית עלמין אַרויס און פרעגט זיך נאָך, צי דער און דער מלמד איז באמת נפטר געוואָרען? און ווען? ווייל ער האָט דערפון נישט געהערט. זאָגט מען איהם: יאָ, און די קבורה איז געווען ערשט נעכטען, און מען ווייזט איהם דעם וועג צום קבר. זעהט ער, חנניא, ווי דער קבר איז איבער נאַכט פאַר־וואַקסען געוואָרען מיט שטעכעדיגע און ברענענדיגע דערנער... פאַרשטעהט ער, וואָס דאָס באַטייט, און באַשליסט זיך תשובה צו טון...

מאַכט זיך אָבער, מעשה שטן, אַזאַ מעשה:

אין יענער צייט האָט געלעבט אין ירושלים אַ געוועזענער קצב, וואָס דער בית־דין־צדק האָט איהם אַריינגעזעצט אַ תלמיד חכם פאַר אַ נאמן, ווייל ער, דער קצב, איז געווען אַ חשוד על הטרפות; און אַז דער נאמן וויל ממלא זיין משלחתו באמונה און באמת משגיח זיין אויף דער יאַטקע, כאַפּט דער קצב די האַק און וואַרפט דעם תלמיד חכם אין קאָפּ אַריין, און נעמט איהם אָן אַ פאַרוואונדעטען, און וואַרפט איהם אַרויס אין גאַס אַריין. נסים מן השמים, וואָס מען האָט איהם אָפּגעראַטעוועט. ווערט אַ רעש, געהט דער בית־דין־צדק און הייסט אויסרופען, אַז דעם קצב׳ס פלייש איז פגול, טרפה ונבלה, ערגער ווי חזיר... איז אָבער דער קצב פון טרפות שוין אַ גביר געוואָרען, פאַרמאַכט ער גאָר אינגאַנצען די יאַטקע, און ווערט אַ מלוה ברבית, און מסר׳ט דעם בית־דין־צדק למלכות. כאַפּט מען די דינים און מען וואַרפט זיי אין תפיסה אַריין, און מען איז זיי מחייב מלקות און גלות... און וואָס זאָל מען טון, אַז ער האָט שוין קיין כשר׳ע יאַטקע נישט? — דאַנקט מען און מען לויבט גאָט, אַז דער רשע האָט זיך דאָס האַרץ געקיהלט, און עס וועט שטיל ווערען.

איז נאָך דער עושר אַ רע לב און האָט אויף זיין אייגענער פּרוטה קיין שליטה נישט געהאַט, און פלעגט נישט עסען, נישט טרינקען, און אַרומגעהען קרוע בלוא. און אַז אַ מלבוש איז איהם אַראָפּגעפאַלען פון לייב, האָט ער עס אויך נישט אוועקגעשענקט קיין אָרעמאַן, נאָר פאַרקויפט בפרוטה אויף לאַטעס... און מגדל

גערוען האט ער כלבים, עס זאלען קיין ארעמע לייט נישט מאכען זיך קיין דריסת הרגל אין זיין הויז...

און קיין בנים זכרים האט דער רשע נישט געהאט, נאר איין איינציגע טאכטער חנה. ווייל א ווייב האט ער געהאט אן אשה צנועה און א צדקת, און נאך דעם, ווי חנה איז געבוירען געווארען, און זי האט אנגעהויבען צו פארשטעהן דאס התנהגות פון מאן, האט זי געבעטען גאט, ער זאל איהר טראכט פארשליסען, זי זאל כאטש קיין בנים זכרים נישט האבען, ווייל ברא כרעיה דאבוהו, און וועלען בודאי ארויסגעהען לתרבות רעה. האט זי מעהר ווי די איינע טאכטער נישט געהאט און דעם מאן מחזיר למוטב זיין האט די צנועה נישט געקאנט, האט זי פריהער מקבל געווען אויף זיך די יסורים באהבה, וכאשר כשל כח הסבל — ווייל ער פלעגט זי פייניגען און רודפ'ן, האט זי אויף זיך אליין געבעטען דעם טויט... און פאר דער פטירה האט זי באשוואוירען די קרובים, זיי זאלען זיך אליין מתעסק זיין אין איהר קבורה, און דער מאן זאל אפילו פון איהר קבר נישט וויסען.

און דער רשע איז שוין אן אלמן געבליבען. קיינער וויל איהם נישט געבען קיין טאכטער פאר א ווייב. וואוינט ער אליין מיט דער בת יחידה חנה. און הפלא ופלא — זי, די בת יחידה זיינע, האט ער דוקא שטארק ליעב געהאט, און געהאלטען, ווי אן אויג אין קאפ, און האט געוואלט זי מהנה זיין מכל המיני עולם הזה, און איז גרייט געווען פאר איהר מבזבז צו זיין דאס גאנצע געלט, כאטש דאס געלט איז איהם טייערער געווען פאר דער נשמה.

ווייל אבער די טאכטער נישט נהנה זיין, זי האט א צוואה פון דער מוטער, זי זאל, אויסער ברויט מיט וואסער, אין פאטערס הויז נישט עסען... און קיין טייערע קליידער וויל זי נישט און דארף נישט, ווייל זי קומט נישט ארוים מפתח ביתה, זי זאל נישט הערען, ווי מען שילט דעם פאטער און מען איז איהם מבזה אין אלע גאסען.

און וואס וועניגער די טאכטער וויל נהנה זיין פון זיין גוטס, מעהר חשק און תאוה האט דער עושר איהר טובות צו טון.

און אז עס העלפט קיין איבעררעדען נישט, טראכט ער: איין טובה וועט זי וועלען; איך וועל איהר געבען א מאן א תלמיד חכם.

וכשהגיעה לפרקה, וויל ער פאר איהר אויסזובען א חתן, דגוט

אויבערשטע פון שטויסעל — א למדן שבלמדנים; גיט ער לאנד־שרכנים גרויסע רשימות, און ער אליין לויפט ארום אין ירושלים און אין דער סביבה אין אלע ישיבות, און איז פוסק א הון רב פאר א גוטען בחור. און אלץ איז אומזיסט. קיינער וויל זיך נישט משדך זיין מיט דעם מנוול — ווארים פון קרן האט דאך קיין שום בן אדם נישט געוואוסט.

ווערט דער עושר מלא חמה, בפרט אז עס איז צו איהם גע־קומען אמאל א שדכן און געזאגט איהם, ער זאל אוועקלעגען די גאוה און טון, וואס עס לאזט זיך, און דערצעהלט איהם, אז בשכנות וואוינט א בעל מלאכה — א נהנה מיגיע כפו, או עהר־ליכער מאן, וואס וויל זיין טאכטער, און וויל אפילו קיין גראשען געלט נישט, ווערט ער גאר אונטערגעצונדען!

וואס דען טוט ער?

פאלט ער אויף אן עצה און זוכט אוים צוויי תלמידי חכמים אביונים, און גיט זיי געלט אויף הוצאות הדרך אויף צוויי יאהר, אחוץ פרנסה, איבערצולאזען פאר ווייב און קינד אין ירושלים, און הייסט זיי ארויסגעהען אין גאנץ תפוצות ישראל, וואו זיין שלעכטער נאמען האט נאך נישט דערגרייכט, און ברענגען איהם אן איידעם א תלמיד חכם, א מופלג.

אידען — אביונים, באשטעהען זיי, — און נעמען צידה לדרך, און לאזען זיך אין וועג אריין; און מעסטען אוים אין דער לענג און אין דער ברייט גאנץ ארץ ישראל — און אלץ בחנם.

און — א פשוט'ע זאך: די תלמידי חכמים האבען אלץ גע־רעדט וועגען נדן, קעסט און מתנות, און פון מחותן נישט גערערט א ווארט. און אז מען האט זיי געפרעגט וועגען מחותן, האבען זיי זיך געמאכט נישט הערענדיג, ווארים קיין ליגען זאגען האבען זיי נישט געוואלט; פארשטעהט מען, אז עס איז מיט א גרויסע סירכא, וויל מען נישט...

געהט אוועק די צייט, וואס דער עושר האט זיי געגעבען, גע־העז די תלמידי חכמים צוריק בידים ריקות, און שטעלען זיך אפ ביי די טויערען פון ירושלים מיט גרוים פחד; וועז נישט וואס זיי האבען איבערגעלאזט קינדער — לעבעדיגע יתומים און ווייבער־עגונות, וואלטען זיי בעסער אויף דער מדינה ארוים, און אהיים נישט געקומען, ווארים זיי ווייסען, אז דער עושר וועט זיי נישט

גלויבען, און מיינען, אז זיי האבען זייערס נישט געטאן בשלמות. און וועט זיי רודפ'ן ער חרמה און חס ושלום נאך איבערגעבען אין גוי'שע הענט... זיצען זיי אזוי און טרויערען.

און ווי זיי זיצען אזוי פאר'ן טויער פון שטאדט ירושלים און טרויערען, געגעהנט זיך צו זיי אן ארעם־בחור, אנגעטאן אין ווייסע ליינוואנט מיט א האנפענעם שטריק ארום די לענדען, און א פראסטען וואלד־שטעקען פון א מאנדעל־בוים אין דער האנט; און ער געהט צו צו זיי, און גיט זיי שלום, און פרעגט זיי, צי זיי ווילען נישט טרינקען, און וואס זיי זיצען אזוי פארשמאכט; און זאגט זיי, אז ער וואוינט דא אין דער מדבר און ער ווייסט פון א באר מים חיים, און עס איז נישט זעהר ווייט פון דאנען, און אויב זיי ווילען, וועט ער זיי פיהרען צום קוואל... ווייל ער האט קיין כלי נישט אהער צו ברענגען וואסער. זאגען זיי איהם, אז דארשטיג זענען זיי נישט, נאר זיי האבען אזוי עגמת נפש, און עס מאכט זיך א שמועס. פרעגען זיי ביי איהם, ווער ער איז; זאגט ער זיי, אז ער איז א נע ונד, ווייל ער איז א יתום אהן טאטע־מאמע, לעבט ער חוץ לישוב און שפייזט זיך פון קרייטעכצער...

— און ווילסט גארנישט לערנען קיין תורה?

ענטפערט ער זיי, אז ער לערענט תורה; אז אלע נאכט, ווען עס ווערט פינסטער אין מדבר, קומט צו איהם אן אלטער מאן, און לערענט מיט איהם בעל פה... און ער דערזעהט דעם אלטען מאן נאר פון ווייטענס, ווייל עס לייכטען איהם די אויגען אין דער פינסטער ווי די שטערען, און די ווייסע בארד זיינע איז בלאנק ווי שניי, און דער אלטער מאן קומט צו איהם נאכט אויף נאכט און זעצט זיך נעבען איהם און לערענט מיט איהם ש"ס ופוסקים, ספרי, ספרא און תוספתא... ווילען זיי איהם פארהערען, צו זעהען אויב ער זאגט אמת. ווייזט ער זיך א גאון עולם... פערעל שיטען זיך איהם פון מויל... פרעגען זיי איהם, פארוואס ער האט פארלאזט די מדבר, און וואס ער טוט הינטער די טויערען פון ירושלים? דערצעהלט ער זיי בתמימות, אז נעכטען האט זיך מיט איהם דער אלטער מאן געזעגענט און געזאגט, אז ער וועט שוין מעהר צו איהם נישט קומען, און ער האט איהם געוויזען דעם וועג קיין ירושלים, און געהייסען איהם געהן אין דער הייליגער שטאדט אריין, וואו ער וועט געפינען זיין זווג און זיין מזל, און

וועם זיצען על התורה ועל העבודה. און איך — זאגט ער — מוז דעם אלטען פאלגען... ווערען זיי, די תלמידי חכמים, דערפרעהט, און זאגען איהם: קום, בחור, מיט אונז, מיר האבען פאר דיר א וואוילען שדוך. געהט ער מיט זיי...

פיהרען זיי איהם גלייך אריין צום גביר, און זאגען איהם: „אל תבט אל מראהו“ — עס איז א גאון עולם; אליהו הנביא אליין האט מיט איהם תורה געלערענט. גלויבט זיי דער גביר און דערפרעהט זיך, און מאכט באלד א סעודה, און שרייבט תנאים און איז מגביל זמן החתונה איינגאנצען אויף צוויי וואכען. ער האט מורא פאר אן עין הרע און א בייז ווארט... און קודם כל נעמט ער פון חתן אראפ די קליידער און נעמט צו דעם שטעקען, און איז איהם מלביש ומנעיל כיד הגביר, און די אלטע קליידער באהאלט ער צום פארקויפען, תיכף ומיד נאך דער חתונה, דעם ערשטען בעסטען אויף לאטעם פאר א פרוטה... און די זאך באקומט איין שטאדט א שם. טייל זאגען: דער ערגסטער הונט כאפט דעם בעס־טען ביין... אנדערע ענגען עס אז איז דעם זכות פון דער כלה'ס מוטער. דאס האט די צנועה אויסגעבעטען. נאך אנדערע — אז בכלל זענען נאטס דרכים נישט צו פארשטעהן.

די צוויי וואכען געהען בשלום פארביי, און עס קומט דער טאג פון דער חתונה. און צוליעב דער טאכטער האט ער אוועקגע־נומען די האנט פון הארץ, און געמאכט א הילולא, וואס די וועלט זעהט עס נישט. און לכבוד דעם חתן, זענען אלע נכבדים פון ירושלים געקומען אויף דער חתונה, און צום חתן'מאל — אלע בחורים פון די ישיבות...

— און די צייט פון פאר'ן באדעקענס — דערצעהלט חנניא ווייטער — איז געקומען, דער חתן זאגט פאר אונז בחורים און במעמד תלמידי חכמים, דינים און דעם ראש ישיבה — א שאר־פען חלוק... אין דער צווייטער שטוב איז מען שוין גרייט צו באַ־דעקענס... די כלי־זמר שפילען שוין מוסר, און די אונטערפיה־רערס פון חתן'ס צד, דער רב און דער ראש ישיבה, האלטען שוין הבדלות אין די הענט און דעם חתן'ס תורה גיסט זיך נאך אלץ ווי בוימעל, און צוגעהט זיך, ווי א ריח פון בשמים, און די אויגען זיינע לויכטען ווי די שטערען... אלע גאפען און הערען, חנניא אויך. ער האלט וווארט. עס פאלט איהם גארנישט איין איהם אפ־

צואוועגדען. אדרבא, ער האט נחת פון פרעמדען חלוק: ער פרעהט זיך, אז פון אצינד אן וועט ער האבען א חבר, מיט וועלכען עס וועט כדאי זיין צו לערנען און צו רעדען וועגען לערנען. און עס האט זיך שוין אין איהם דערוועקט אפילו א ליעבשאפט צום חתן, א הייסע ליעבשאפט. עס פארגלוסט זיך איהם דוקא אויפצושטעהן און צוגעהן און קושען דעם חתן... און ער טוט עס. אבער אין גאנג האט ער זיך אויסגעגלימשט! פארבייגעהענדיג דעם עולם, הערט ער, ווי איין בחור זאגט צום צווייטען: דער חתן קאן בעסער לערנען פאר חנניא'ן. און יענער ענטפערט: חנניא איז א גולם קעגען איהם... און דאס איז שוין פאר חנניא'ן א צו גרויסער נסיון געווען... עס האט איהם אנגעכאפט ביים הארץ, עס האט אויפגעפלאקערט אין איהם א וואונד, גלייך א שלאנג וואלט איהם א ביס געטאן — הוא הנחש — הוא היצר־הרע! און ער בלייבט שטעהן, שטעלט זיך אויף די נעגעל, הויבט פלוצלונג אן רעדען, אפצואוועגדען, און פון מויל שיט זיך איהם פעך און סמאלע... פלוצלונג דערפיהלט ער, אז ער פארזינדיגט זיין נשמה, אז ער געהט געגען אליהו הנביא'ס תורה, געגען תורת אמת... אז ער שטעכט דער תורה אין הארץ אריין שפיזען און שווערדען, אז ער טויט די תורה. און ער דערשרעקט זיך און וויל אויפהערען רעדען, און קאן נישט... עס רעדט זיך שוין אהן זיין רצון, געגען זיין ווילען, עס רעדט פון איהם א נישט־גוטער ארויס! און ער זעהט, ווי דער חתן ווערט בלאס פאר שרעק, ווי ער וואקעלט זיך און פאלט פאר חולשות הדעת אויף א שטול...

און באותו הרגע ווערט א גיהנום אין שטוב. דער סקנער ווערט מלא חימה און ברילט ווי א לייב: מקח טעות! מקח טעות!... און לויפט ארום ווי משוגע, און ער זוכט און כאפט די ארעמע תלמידי חכמים, די שליחים און שדכנים זיינע, און שלאגט זיי און רייסט זיי אויס די בערד, און לויפט קעגענאיבער צו די כלי־זמר און רייסט זיי די כלים פון די הענט ארויס, און ווארפט און צושמעטערט זיי. און לויפט־צו צו דער כלה אינמיטען שטוב און רייסט זי אוועק פון באדעקענס. און לויפט ערגעץ אין א קאמער ארויס און ברענגט אריין דעם חתן'ס אלטע מלבושים: דאס ליינוואטענע מלבוש מיט'ן האנפענעם שטריק און ווייסען וואלד־שטעקען. און רייסט אראפ פון פאר'חלש'טען חתן די נייע מלבושים. און שטופט איהם

ארויס א נאקעטען פון טיר, אוןווארפט איהם נאָך די אַלטע מלבושים... און די אנשים חושבים פון ירושלים און אלע חתונה־געסט אנטלויפען פאר שרעק... איין חנניא בלייבט. ער שטעהט נאָך אַלץ פארשטארט אויפ'ן אָרט, און הערט, ווי דער עושר שרייט: אַ שאָד די סעודה! ברענגט מיר אריין דעם סטאַליאר — שרייט ער — האַלט גרייט די חופה!... רייסט ער קוים די פיס אָפּ פון פאַרלאַנג און אנטלויפט פון שטוב ארויס. און באַלד אין גאס איז איהם אַקעגען געקומען דער ראש־ישיבה; ער שטעלט איהם אָפּ און זאגט איהם: חנניא, דו קאָנסט חרוב מאַכען אַ וועלט, פארגעס בעסער דאָס לערנען!...

— און באותו הרגע — דערצעהלט חנניא, — האָט מיר עפּעס א קנאַק געטאָן אין מח, עפּעס האָט דאָרט געפּלאַצט, און איך בין געבליבען ווי אַ לערע שטיינ אָהן טויבען, אָהן אַ וואָרט תורה! פאַל איך דעם ראש ישיבה צו די פיס, און בעט אַ תשובה, זיפצט ער: — ווער ווייסט, צי עס וועט העלפען.

הויב איך אָן שטאַרק צו וויינען, ווייזט ער מיר, אַז נישט ווייט, הינטער אַ ווינקעל פון אַ הויז, שטעהט דער חתן, וואָס ווייסט נישט, וואו אהים און וואו איין אין דער פרעמדער שטאָדט.

— צום אַלעם ערשטען — זאָגט ער — געה צו איהם צו און בעט ביי איהם מחילה...

האָב איך מורא צו געהן, שטופּט ער מיך אונטער:

— געה און פועל ביי איהם, ער זאָל מיט דיר אַהיים געהן צו דיין מאַמען... איך וועל אויך אונטערקומען...

געה איך צו צום מבויש'ן חתן; דערזעהט ער מיך, און לויפט מיר אַקעגען, און לאָזט מיך צום וואָרט נישט קומען, און רופט צו מיר:

— מוחל, מוחל! במחילה גמורה; עס איז קיין זווג נישט געוועזען!

געוואָלט וואָלט איך בעסער, ער זאָל מיך דורס'ן; און ער לעגט מיר די האַנט אויף מיין אַקסעל און רופט מיך: חבר!

זאָג איך: וואָס פאַר אַ חבר קאָן זיין אַן עם הארץ מיט אַ תלמיד חכם? גאַפט ער. און איך דערצעהל איהם פון דער קללה, מיט וועלכער דער ראש ישיבה האָט מיך פארשאָלטען. ענטפערט ער מיר:

— אז עס וועט זיך מיר באווייזען מיין אלטער רבי (אליהו הנביא, הייסט עס), וועל איך איהם בעטען פאר דיר!

פיהר איך איהם צו מיין מאמען, און לייד אויפ'ן וועג חבוט הקבר! ער רעדט צו מיר תורה, און איך פארשטעה נישט א ווארט... און עס וויינט מיר דאס הארץ פאר בענקשאפט צו דער תורה... און אין דער נשמה איז פינסטער און וויסט, ווי ביינאכט אין א חורבה... קומען מיר אריין צו דער מאמען, פאל איך איהר אויפ'ן האלז מיט א געוויין:

— מאמעשי, גאט האט מיך און דיך געשטראפט... אצינד האסטו א זוהן אן עם הארץ!

ווערט איהר נעבעך נישט גוט און עס ציטערט איהר קול:

— ווי הייסט... ווי אזוי? ווער האט עס דיר אן עין־הרע גע־טאן?

דערצעהל איך איהר די גאנצע מעשה, און ווייז איהר, אז דאס איז דער חתן, וואס איך האב איהם פארשעמט. פארברעכט די מאמע איהרע הענט און וויינט מיט א פארביטערט קול, און אסתר, די שוועסטער מיינע, שטעלט זיך אין א ווינקעלע מיט'ן פנים צו דער וואנט, און גיסט טרערען... באותו הרגע קומט אריין דער ראש־ישיבה און ווענדט זיך קודם כל צו אסתר'ן:

— הער, כלה, געה אין קיך אריין, און מאך עפעס צו עסען פאר דעם תלמיד חכם... — ווייזט ער אן מיט דער האנט אויף דעם פרעמדען בחור — און אז דיין מזל וועט שיינען, — לעגט ער צו— וועט ער זיין דיין זווג.

פארצאגט קוקט זיך אסתר אום אויף דעם חתן און זיין הולך, נאר דעם ראש־ישיבה פאלגט זי און געהט ארויס...

און דער ראש־ישיבה ווענדט זיך צו דער מאמען:

— אצינד — זאגט ער — איז נישט קיין צייט פון וויינען... און דו האסט דיך אויך פארזינדיגט דערמיט, וואס דו האסט פאר אסתר'ן נישט געזארגט און חנניא'ן נישט געשטראפט... נישט גוט! נישט גוט!

הויבט די מאמע אן נאך שטארקער צו וויינען.

— נישט וויינען — זאגט נאך אמאל דער ראש־ישיבה — מען דארף מען.

— וואס? וואס? — קלאגט די מאמע.

— און דו וועסט מיך פאלגען? — פרעגט דער ראש־ישיבה.
— פאלגען, פאלגען! — איילט זיך די מאמע צו זאגען.
זאגט דער ראש־ישיבה אזוי:
— קודם מאך חתונה אסתר'ן... אט איז איהר זווג!
רייסט זיך ארוים פון דער מאמעס הארץ א געוויין:
— דער בחור אין לייגוואנט, מיט'ן שטעקען?
— דאס איז דער בחור, וואס אליהו הנביא האט מיט איהם תורה געלערענט. אזוי פאלגסטו, קרובה?
— זייט מיר מוחל, רבי... איך פאלג שוין, איך פאלג...
— און דיין זוהן, — זאגט ער ווייטער — מוז געהן גלות אפּ־ריכטען; ביז דעם רחמנ'ס רחמנות וועט זיך אויף איהם דערוועקען, און דו וועסט פון איהם אויך נחת האבען, נאר שפּעטער... על־טער איז אסתר!...
— און דו, — ווענדט ער זיך צו מיר — דיר וואלט אפשר קיין תשובה נישט געהאלפען פאר דיין גרויסע זינד... האסטו אבער א נס, וואס עס איז קיין זווג נישט געווען, און עס האט זיך אויס־געלאזט מיט א טובה, אי פאר'ן חתן, אי פאר דער כלה!
— דער כלה אויך?... — וואונדערט זיך די מאמע.
ענטפערט דער ראש ישיבה:
— זיי וויסען, אז חנה, דעם רשע'ס טאכטער, איז א באהאל־טענע צנועה, און איהר מוטער די צדקת האט זיך פאר איהר גע־מיהט אין די עולמות העליונים, און אויסגעבעטען פאר איהם א למד־ואו'ניק... און דאס איז ער טאקע, דער סמאליאר, וואס דער עושר האט איהם געשלעפּט צו דער חופּה, די סעודה זאל נישט קאליע ווערען. נאר דאס, בעט איך, זאל בלייבען בסוד סודות, ביז ער וועט נישט אליין נתגלה ווערען!...
— גאט׳ס נסים! — זאגט די מאמע, שוין אביסעל געטרייסט.
— און אצינד — זאגט ער ווייטער צו מיר און צום חתן — אצינד, מיינע ליעבע קינדער, טוישט אייך מיט די מלבושים!..
— און דו, — זאגט ער צו מיר — געה תיכף ומיד אין גלות אריין... און דעם שטעקען נעם אין היט איהם, ווי אן אויג אין קאפּ. ביינאכט האלט איהם צוקאפּענס, וואו דו וועסט שלאפען. און איך וועל מתפלל זיין, עס זאל קומען דיין הילף און דער שטע־קען זאל אויפבליהען, און דאמאלט וועט דיין נשמה אויך אויפ־

בליהען און דו וועסט דיך אלץ דערמאנען. נאר געדענק, ערשט דאמאלט וועסטו מעגען אנטון אנדערע מלבושים, און אצינד גער און געזעגען דיך נישט מיט קיינעם.

כהרף עין האב איך מיך איבערגעטאן אין דעם חתן׳ס קליי־דער, און באותו רגע קומט אריין מיין שוועסטער מיט א פאנקוכען אויף א טעלער אין דער האנט, און ווי זי דערזעהט אונז אין די פארטווישטע מלבושים, האט זי פאר שרעק אראפגעלאזט דעם טע־לער מיט׳ן פאנקוכען, און דער טעלער האט געפלאצט מיט א הויי־כען קלאנג, און דער ראש ישיבה האט אויסגערופען: — „מזל טוב, מזל טוב!“

מעהר האב איך שוין נישט געהערט, איך בין באלד ארויס פון שטוב.

---

און אזוי ווי ער איז ארויס פון ירושלים, — דערצעהלט חנניא — האט ער תיכף ומיד פארבלאנדזשעט אין א מדבר, אהן ברויט און אהן וואסער, נאר נישט צו ברויט און וואסער האט ער געגלוסט. פאר׳ן גוף האט חנניא יוצא געווען מיט גרעזלער, וואס געפינען זיך אמאל אין מדבר... און געווען איז ער שטענדיג בחזקת סכנה, צווישען אלערליי חיות, נחשים ועקרבים, נאר זיי האבען איהם גארנישט געטאן... פלעגען עפעס ברומען צווישען זיך און אראפגעהען פון וועג. האט ער, חנניא, פארשטאנען, אז זיי האבען אויף איהם קיין שליטה נישט, ווייל זיין פסק איז נאר „נע ונד“. און איינמאל האט ער אפילו געהערט בחוש, ווי א קול רופט אויס — „זה שייך“... — נאר צו וועמען, האט ער נישט דערהערט...

און אזוי האט ער ארומגעבלאנדזשעט טאג און נאכט, און גע־טראכט און געטרויערט האט ער אויף זיינע יונגע יאהרען, וואס געהען אוועק אהן תורה, אהן ליכט, אהן א שטראל פאר זיין פינס־טערען מח... וואלט ער כאטש א ווארט תורה געהערט! כאטש א סדור ער זאל האבען... בעל פה קאן ער אפילו נישט דאווענען, גאר־נישט.

איינמאל, דערצעהלט ער, האט ער זיך געשאטען זאמד אויפ׳ן קאפ, און לשם צער זיך געשטעלט אויף איין פוס, און אלץ אינ־איינעם געשריען אין הימעל אריין „תורה!“ „תורה!“, נישט מעהר

ווי דאָס איינע וואָרט... און געשריען האָט ער מיט מסירת נפש... לאַנג, לאַנג, ביז די זון איז אונטערגעגאַנגען, און ער איז געפאַלען אויף דער ערד און איז איינגעשלאָפען פאַרשמאַכט, און געפיהלט, אַז ער וויינט אין שלאָף אויך און שרייט: תורה! תורה!... באַווייזט זיך איהם דער ראש־ישיבה, אַנגעטאָן אין תכריכים און אַ גאָלדענע קרוין אויפ'ן קאָפּ, און האָט איהם אַזוי געזאָגט:

— שטעה אויף, חנניא, דיין רפואה הויבט זיך אָן... גאָט האָט געהערט דיין געבעט, און אליהו הנביא האָט זיך פאַר דיר געמיהט, שטעה אויף און געה פאַר דיר, וואו די אויגען וועלען דיך טראָגען. וועסטו קומען קיין צפת, און זאָלסט אַריינגעהען צום לב־טוב, ר' חייא'ן, און וועסט זיך פאַר איהם מתודה זיין, און בעטען. ער זאָל דיך אַריינגעמען אין זיין ישיבה, און ער וועט דיר נישט אָפּזאָגען, און אַז דו וועסט אַלט ווערען אַכצעהן יאָהר, וועט ער דיר געפינען דייז זווג, און ער וועט מתפלל זיין פאַר דיר, און זיין תפלה מאַכט שטענדיג אַ רושם פאַר'ן כסא הכבוד. אחוץ דעם — איז חופּה מכפּר, און שבע ברכות אויך... וועסטו געהאָלפען ווערען... און צום אַכטען טאָג נאָך דער חופּה וועסטו זיך אויפכאַפּען אין דערפריה, וועט דער שטעקען ביי דיר ציקאָפּענס שוין האָבען אויפגעבליהט און שפּראָצען מאַנדלען, און בליהען און שפּראָצען וועט אויך אין דיר די נשמה...

— און דו וועסט זיך אַלץ דערמאַנען, אויסער דעם שלעכטען, און וועסט זאָגען פאַר ר' חייא'ן אַ חלום, אַ בנין, נישט קיין סתירה; און ר' חייא וועט פון דיר נחת האָבען... נאָר צי וועסטו לאַנג לעבען, — זאָגט ער — וויים איך נישט...

און ער איז נעלם געוואָרען, און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג און געגאַנגען, ביז איך בין געקומען צו אייך, רבי...

אַזוי דערצעהלט חנניא, און ר' חייא קוקט אויף איהם מיט גרויס צער און פרעגט:

— און ווי אַלט ביסטו, חנניא?

— זיבעצעהן יאָהר און צעהן חדשים.

פאַרטראַכט זיך ר' חייא... „נעבעך — טראַכט ער — אַהן אריכת ימים"! דערוויייל הויבט חנניא אויף זיינע גרויסע אויגען אויף ר' חייא'ן און זאָגט מיט אַ האַרציג געבעט, שטיל און פאַרציטערט:

— רבי, וועט איהר מיך אריינגעמען אין דער ישיבה?

„א לערע נשמה, — טראכט ר' חייא — אהן א ווארט תורה, און פון האלז שפילט ארויס דוד המלך'ס פידעלע“ — און הויך זאגט ער:

— געה, מיין קינד, שלאפען... זאג דעם ריש דוכנא, ער זאל דיר ווייזען וואו, און קום מארגען פריה צו מיר נאך תשובה. אצינד געה, מיין קינד...

חנניא געהט ארויס, און ר' חייא בלייבט נאך א ווייל'ע אין סוכה, ער קוקט דורכ'ן פענסטערל אין הימעל אריין און פרעגט:

— זאל עס זיין  ד ע ר?...

נאר דער הימעל איז פארוואלקענט און שווייגט.

און פארוואס ר' חייא'ן איז שווער געווען צו געבען חנניא'ן תשובה באלד אויפ'ן ארט, וועט מען זעהען אין שמועס מיט חנניא'ן צומארגענס אין דערפריה.

— חנניא בני, — זאגט ער איהם אין א באזונדער חדר — זיי וויסען, מיין קינד, אז בנוגע צו דיין בקשה, איך זאל דיך אריינ־נעמען אין מיין ישיבה אריין, איז פון מיין צד קיין מניעה נישט. נאר...

הויבט חנניא אן אויפ'ן גאנצען לייב צו ציטערען.

— רבי, — זאגט ער — לאזט מיך זיצען, ווי אם ווייטסטען פון אייך, ערגעץ אין אן עק באנק, אין א פינסטער ווינקעלע, איך וויל נאר הערען, וואס איהר וועט זאגען פאר זיי, פאר די תלמידים... נאר  ה ע ר ע ן  וויל איך...

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז איך וויל. — טרייסט איהם ר' חייא — נאר, זאגט ער, איך האב פחד. עס זענען דאך פארט יונגע לייט, מעשה נערות, זיי וועלען אויס דיר, חס־ושלום, חוזק מאכען... און דערצו, לאמיר זיך נישט נארען, חנניא, תלמידי חכמים זענען זיי דאך, און דו דערווייל... און די שנאה פון א תלמיד חכם צו אן עם הארץ איז גרויס... וועכטו ליידען יסורים פון זיי, דאס האב איך מורא...

שרייט אויס חנניא מיט פרייד:

— אדרבא, רבי, איך דארף ליידען און אפקומען, וואס מעהר ביוש, וואס מעהר יסורים; וועט געשווינדער אראפ די קללה.

— זאל זיין אזוי, — איז ר' חייא מרוצה — האב איך אבער

מורא, עס זאָל זיי, חס ושלום, נישט שאַטען, המלבין פני חבירו ברבים...

באַווייזען זיך דערווייל פּייערלעך אין חנניא'ס אויגען:

— וואָס איז טייטש, רבי?

— עס איז טייטש, אַז איינער פאַרשעמט זיין חבר, ברבים — צווישען מענשען — פאַרלירט ער זיין חלק עולם הבא!

ווערט חנניא נאָך מעהר דערפּרעהט.

— הייסט עס — זאָגט ער — רבי, אויב איך וועל אַפּקומען, און די קללה וועט אראָפּ פון מיין נשמה, וועל איך אַלץ קיין חלק לעולם הבא נישט האָבען און לערנען וועל איך תורה טאַקע לשמה, נישט האָפענדיג אויף שכר...

— הלואי, רבי, הלואי!

ר' חייא'ס האַרץ זאַפּט איין זיינע ווערטער ווי אַ שמעקענ־דיגען בוימאויל.

— אָבער זיי, — טענה'ט ער — די תלמידים? ווי קאָן איך זיי לאָזען שטרויכלען און פאַרלירען עולם הבא?

בלייבט חנניא אַ ווײלע שטיל און דערנאָך פרעגט ער:

— און ווי איז, רבי, אַז איך בין זיי מוחל, פאַראויס מוחל...

— „למפרע", הייסט עס! — טייטשט זיך אויס ר' חייא, און נעמט חנניא'ן אָן ביי דער האַנט און פיהרט איהם מיט זיך אין ישיבה אַריין, און זעצט איהם לויט זיין פאַרלאַנג באַזונדער, גאָר אָן אַ זייט פון די תלמידים.

און ר' חייא זאָגט דעם שעור, און, פון צייט צו צייט, וואַרפט ער אָן אויג אויף חנניא'ן. זעהט ער, ווי דער בחור זיצט מיט פאַר־מאַכטע אויגען, נאָר אָפענע אויערען, און הערט זיך איין צום שעור, און זיין פּנים רויטעלט זיך, ווען ער כאַפּט אַ וואָרט, און ווערט בלאַס פאַר שרעק, אַז עס ווערט איהם עפּעס פאַרלוירען. און טייל־מאָל פאַלט אויף איהם אַ מרה שחורה, ווען ער קאָן אפילו דאָס טייטש־וואָרט נישט כאַפּען. דערמאָנט עס ר' חייא'ן אָן אַ פאַר־שמאַכטען קעמעל, וואָס בלאָנדזשעט אין מדבר, און האָט יסורים פון דורשט, און נחת דערפון, וואָס עס הערט פון ווייטענס אַ קלאָר ריזלען פון אַ קוואַל...

און אמאָל הערט ער, ווי די תלמידים מורמלען צווישען זיך וועגען חנניא'ן, טייטען אויף איהם מיט די פינגער, און זיין

אויער כאפט בלבולים ווי בור, עם־הארץ... האט ר׳ חייא גרויס צער דערפון, און דאך שרייט ער אויף זיי נישט אן, ווייל ער זעהט, ווי חנניא הויבט דאמאלט אויף די אויגען, און קוקט אויף די תלמידים, וואס ווילען איהם פייניגען דערמיט, מיט פרייד, מיט ליעב־שאפט, גלייך זיי וואלטען איהם די גרעסטע טובה געטאן... זאגט ער ווייטער דעם שעור...

און ר׳ חייא זאגט, און די תלמידים פרעגען קשיות, און ר׳ חייא ענטפערט, און מען אמפערט זיך, נאר איין חנניא שווייגט, ער זאל קיין פארע פון מויל נישט ארויסלאזען, און פיהרט מיט קיינעם קיין חברותא נישט. און דאס מסירת נפש, מיט וועלכען ער לאקערט אויף יעדעם ווארט, איז צוגאסען אויף זיין פנים... און אז דער שעור ענדיגט זיך, געהט ער ארויס דער לעצטער, און די פאר שעה פאר מנחה, געהט ער אביסעל ארום איינער אליין און אויף אפגעלעגענע און פארוואקסענע וועגען, ביז ער קומט צו צו א פארגעסענער סוכה צווישען אלעאנדער בוימער, און זעצט זיך דארט אין התבודדות און קומט ערשט ארויס צו מנחה־צייט.

---

איינמאל קומט דער ריש־דוכנא צו ר׳ חייא׳ן, זיך אן עצה האלטען, צי ער איז נישט מחויב, געהען איבערבעטען דעם בחור חנניא.

— וואס איז פאר א נייס? — פרעגט ר׳ חייא — האסט זיך ווייטער געבייזערט?

— חס ושלום! — זאגט דער ריש־דוכנא — און דערצעהלט איהם, אז ווען עס קומט איהם אויס פארבייצוגעהן ביי דער סוכה צווישען די אלעאנדער בוימער, הערט ער פון סוכה ארויס חנניא׳ס קול — אדער ער חזר׳ט זיך איבער די ווערטער פון שעור מיט עברי־טייטש, אדער ער איז מתפלל צום הימעל מיט גרויס געבעט און דבקות, און רופט אלץ אינאיינעם! תורה — תורה — תורה! ווי א הונגערינגער בעט זיך ברויט...

— זעה איך, — זאגט דער ריש־דוכנא, — אז עס איז א גרוי־סער בעל־תשובה, האב איך מורא, צי האב איך איהם דאמאלט נישט מבייש געשטעלט און צי איך וועל נישט האבען קיין עונש דערפאר.

האַלט איהם ר' חייא דערפון אָפּ, ווייל ער ווייסט, אַז חנניא דאַרף נאָך אַליץ אָפּקומען; נאָר ער האָט גרויס הנאה דערפון, וואָס מען הויבט־אָן אויפ'ן בחור חנניא אַ מבין צו זיין; בפרט, אַז ער האָט באַמערקט, אַז אפילו די תלמידים פון ישיבה קריגען פאַר איהם, נישט ווילענדיג, דרך־ארץ...

און ער קלערט ווייטער: צי איז עס נישט מרים'ס באַשער־טער? און ענטפערט זיך מיט צער: פאַרט אַן עם־הארץ.

איינמאַל געהט ר' חייא אומישנע פאַר מנחה אַראָפּ צו חנניא'ן אין סוכה, אויסצופאַרשען, וואו ער האַלט אין למוד.

— ביסט שוין עפּעס תופס? — פרעגט ער.

— דערווייל נאָך נישט, רבי! די זכיה האָב איך נאָך נישט געהאַט, נאָר הערען הער איך, וואָס אַמאָל מעהר, וואָס אַמאָל שאַר־פער און באַהאַלט אין זכרון וואָס אַמאָל מעהר טייטש־ווערטער.

שווייגט ר' חייא און זיפצט.

און חנניא בעט זיך רחמים:

— רבי, איהר האָט דאָך געזאָגט „ישיחנה" — דאָס וואָרט איז מיר געבליבען אין זכרון, עס לייכט אין מיין פינסטערער נשמה, ווי אויסגעזעצט מיט בריליאַנטען... לאָזט מיך רעדען פאַר אייך!

— אדרבא! — איז ר' חייא מסכים.

— רבי, מיט מיר געשעהט עפּעס וואונדערליכעס! אין אָנ־הייב, באַלד דעם ערשטען טאָג, אַז איך בין געזעסען פאַר אייך מיט פאַרמאַכטע אויגען און האָב געלאָקערט מיט אָפענע אויערען, זיי זאָלען, חלילה, קיין וואָרט נישט פאַרלירען, — אַזוי ווי איך האָב די אויגען פאַרמאַכט, האָט זיך מיר אָנגעהויבען דאַכטען, אַז איך געה נאָך אַליץ אַרום און בלאָנדזשע אין מדבר, און בין פאַר־שמאַכט, און די צונג איז מיר צוגעקלעפּט צום גאָמען פאַר דורשט... נאָר פון ווייטענס הער איך, ווי עס ריזעלט אַ קלאָר, קלאָר וואַ־סער, מיט אַ זיס, היימיש קול, וואָס קלינגט ווי אַ בשורה טובה, אַ פריש נחת פאַר דער נשמה... און איך האָב געפיהלט, אַז גאָטס רחמנות וועקט זיך איבער מיר, און פיהרט מיך אויפ'ן גלייכען וועג צום קוואַל, און איך גענעהען מיך צו איהם, צום לעבעדיגען וואַסער, און דער קוואַל גענעהנט זיך אויך צו מיר און קומט מיר אַקעגען! און איך ווייס דאָך, ווער דער קוואַל מיט זיין לעבעדי־

וואסער איז, איך האב דאך אמאל פון איהם געטרונקען, נאר א שלעכטער מענש האט מיך איבערגעדייבערט און אוועקגעפיהרט פון קוואל צו שלעכט וואסער, צו פאר׳סמ׳ט וואסער, און איך האב געמיינט, אז דאס איז טוי פון הימעל... און אצינד האט מיר גאט געהאלפען. איך געה צוריק, און דער קוואל קומט מיר אקעגען, ער אליין העלפט מיר, און דער בטחון שטארקט זיך אין מיר, איך געה מיט אלע כחות... און כאטש איך קלעטער איבער שטיינער, ביי־נער און דערנער, פרעה איך מיך און געה... און געה... און אזוי ווי איך געה צום קוואל, אזוי גענעהנט זיך דער קוואל צו מיר.

— אמן, זאל דיר גאט העלפען! — ווינשט איהם ר׳ חייא.

— און זיצענדיג אליין אין סוכה, פארטראכט איך מיך אמאל, און עס דאכט זיך מיר, אז איך בין געוועזן ווי א שטייג, פול מיט זינגענדיגע פייגעל, און די פייגעל האבען גאטס לויב געזונגען, זיין שבח געשפילט... דערנאך איז געקומען א כשוף־מאכער, און האט די פייגעל א כשוף אפגעטאן, און זיי האבען אנגעהויבען אנדערע נגונים צו זינגען... חוצפה׳דיגע, אויסגעלאסענע... דער פראסטער עולם האט זיך נישט פארשטאנען דערויף, און געלויבט די שטייג און די פייגעל אין שטייג, ביז עס איז אמאל דורכגעגאנגען א צדיק א גרויסער, און איז צוגעגאנגען זעהן, וואס מען זינגט פון שטייג ארויס פאר׳ן עולם. האט ער געהערט, און זיין אויער האט באלד געכאפט דעם אמת׳ן תוך פון די נגונים. ער האט דערהערט אין זיי אלערליי קולות פון תאוה, פון נבול־פה, און ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דער שטייג און געזאגט: איידער אזוי צו זינגען, פאר־שטומט בעסער, פייגעל! און ער האט א בייזען בלאז געטאן אין דער שטייג אריין מיט א בייזען, קאלטען אטעם, און תוך כדי דבור זענען די פייגעל ווי פאר׳כשופ׳ט און פארשאלטען געווארען, און זענען פארשטומט און פארפרוירען אראפגעפאלען אויף דער פאדלא־גע פון שטייג, אין זיי ליגען דארט צונויפגעקנוילט, מיט פארווי־קעלטע פליגעל, מיט פארשלאסענע שנאבלען און פארמאכטע אוי־גען, ווי די טויטע...

און אז איך הער מיך איין צו אייער שעור, און כאפ אווארט נאך א ווארט, וועקט יעדעס ווארט אין מיר אויף אן אנדער פיי־געלע, עפענט עס זיינע אייגעלעך און זיין מיילעכעל און הויבט אן זינגען מיט א שוואך קול, מיט א שטילס, נאר גוטע נגונים; פרו־

מע, עהרליכע נגונים... און ריהרט שטיל מיט די פליגעלעך... אַט, אַט וועט עס פליהען.

— זעהסט, חנניא, נאָט האָט רחמנות — טרייסט איהם ר׳ חייא.

לאָזט זיך אָבער חנניא נישט טרייסטען.

— דאָס אַלץ, — קלאָגט ער זיך, איז אָבער נאָר בייטאָג... און אַזוי ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ, לעגען זיך די שאָטען פון דער נאַכט צוריק אויף מיין נשמה... אַלץ איין שטייג ווערט צוריק פאַר־שטומט, פאַרפרוירען, און וואָס עס האָט מיט אַ פליגעל געריהרט, ווערט געלעמט און פאַלט צוריק אַראָפּ ווי טויט, מיט אַ פאַר־שלאָסען מיילעכעל, מיט פאַרמאַכטע אויגען...

האָט ר׳ חייא דערפון גרויס צער, זאָגט ער איהם: געה, מיין קינד, דאַווענען מנחה... איך וויל דאָ בלייבען און אויף דיר מתפלל זיין...

קוקט אויף א׳הם חנניא מיט גרויס ליעבשאַפט און דאַנק, און געהט אַרויס פון סוכה.

---

ר׳ חייא בלייבט אַליין, ער דאַוּוענט אָפּ מנחה ומעריב אין סוכה און וויל אַרויסגעהן אין גאָרטען אַריין, מתפלל צו זיין פאַר חנניא׳ן אונטער׳ן הימעל. קומט ער צו צו דער שוועל פון סוכה, דערזעהט ער, אַז אַ פּאָר טריט אינגאַנצען פאַר דער סוכה האָבען זיך צוויי שלאַנגען אַרומגערינגעלט אַרום צוויי נאָהנטע אַלעאַנ־דער בוימער, און זיי האָבען איינע קעגען דער אַנדערער אויסגע־בויגען די פיסקלעך אַזוי, אַז די גיפט־געפעלעך האָבען זיך כמעט אָנגעריהרט.

קאָן ר׳ חייא אַלע חיות ועופות פון זיין גאָרטען: הן די, וואָס פליהען הויך אונטער׳ן הימעל; הן די, וואָס ליגען אויף די בוי־מער צווישען די צווייגען; הן די, וואָס קריכען אַרום איבער די בלעטער פון אַלערליי נידעריגע פלאַנצען און אויף די בייטען פון אַלערליי קרויט; ווי אויך די, וואָס פרוכפּערען זיך נידעריג אין גראָז. דערקענט באַלד ר׳ חייא, אַז איין שלאַנג איז אַ היימישע שלאַנג, די צווייטע, וואָס הייסט „עכנאי“, איז אַ פרעמדע שלאַנג, וואָס ער האָט נאָך דאָ נישט געזעהן. וויל ער וויסען, נאָך וואָס זי איז אַהער געקומען. ציהט ער זיך צוריק אַריין אין שאָטען פון דער

סוכה, הערט ער, ווי דאָס זעלבע פרעגט די היימישע שלאַנג, און ווי די פרעמדע ענטפערט איהר:

— איך בין געקומען דאַ עמיצען בייסען.

שמייכעלט די היימישע שלאַנג:

— אומזיסט איז דיין טרחא: איך בין דאַ שוין לאַנג אַ היי־מישע, און געקומען בין איך אַ ברענענדיגע שלאַנג, אַ מרשעת, און פלעג בייסען די תלמידים פון ישיבה. מיט דער צייט האָב איך אָבער אויפגעהערט צו בייסען. און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל ר' חייא, דער ראש פון דער ישיבה, איז אַמאָל אַ סוחר געווען, און געמאַכט אַמאָל ווייטע נסיעות איבער דער וועלט, און פון אַלטע שייכען, וואָס האָבען שבע חכמות בירושה, און מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפען אויפ'ן וועג, האָט ער זיך אויסגעלערענט צווי־שען אַנדערע חכמות אויך חכמת הרפואה... און זיי האָבען איהם אַנגעוויזען, אין ער האָט זיך געבראַכט פון ווייטע אינזלען גראָז אויף רפואות געגען אונזער בייסען... איך בייס, און ער היילט... זעה איך, אַז איך אַרבייט אומזיסט, האָב איך אינגאַנצען אויפגע־הערט צו בייסען...

— נאַריש! — ענטפערט די פרעמדע שלאַנג. — גראָזען — זאָגט זי — העלפען נאָר דאַמאָלט, ווען אַ שלאַנג בייסט מדעת עצמה, פאַר שנאה, וואָס קומט נאָך אַרויס פון דעם „ואיבה אשית" — פון דער גאָטס קללה אויף מענשען און שלאַנגען, פאַר'ן חטא אין גן־עדן... האָט ער אָבער, דער רבונו של עולם, אַ טבע, מקדים צו זיין רפואה למכה, און נאָך איידער ער האָט באַשאַפען דעם גיפט פון שלאַנגען, האָט ער געהייסען, אַז די ערד אויף די אינז־לען, וואו אַלע שלאַנגען זענען זיך פרה ורבה, זאָל אַרויסשפּראָצען אַלערליי גראָזען אויף רפואה... דערפאַר אָבער האָב איך קיין פחד נישט: איך קום נישט מיט מיין אייגענעם ווילען, נישט אויס רשעות וועל איך בייסען; איך קום אין שליחות פון מלאך המות, וואָס האָט מיך געשיקט מקיים צו זיין אַ פסק אויף אַ חייב־מיתה.

— וואו האָסטו דאַ אַ חייב־מיתה? סאַמע תלמידי חכמים, צדיקים!... — וואונדערט זיך די היימישע שלאַנג.

— אָט דער בחור חנניא, וואָס האָט יעדען טאָג דאַ התבודדות אין סוכה, איז חייב מיתה.

— ווי איז מעגליך?

— זעהסט דאך! ער האט מבייש געווען א תלמיד־חכם, אליהו הנביא'ס א תלמיד... און — ברבים... איז טאג פון תלמיד חכם'ס חופה! און א שטיקעל פסק האט ער באלד באקומען: דער ראש־ישיבה פון ירושלים, וואס איז דערביי געווען, האט איהם פאר־שאלטען, ער זאל פארגעסען דאס לערנען, און ארויסגעגעבען א תשובה, ער זאל ווערען א נע־ונד, טראגען לייננוואנטענע קליידער, מיט א פראסטען האנפענעם גארטעל אויף די לענדען. און האט איהם געגעבען אין דער האנט אריין אן אפגעשיילטען צווייג פון א מאנדעל־בוים, און געזאגט, אז ער וועט זיך נישט דערמאנען דאס לערנען, ביז דער שטעקען וועט נישט אויפבליהען!

— הייסט עס — לעולם ועד! — מאכט די היימישע שלאנג.

— דאס קאן מען נישט וויסען! — ענטפערט די פרעמדע,— נאר אין הימעל איז מען אויף דעם פסק נישט באשטאנען! דאס איז ווייניג, האט מען געזאגט; מען דארף איהם צונעמען דעם חלק לעולם הבא. האט זיך אבער דער שר־התורה אנגענומען געשטעלט, ניין און ניין! איז געבליבען, אז מען זאל איהם געבען א כפרת עון... זאל דער בחור חתונה האבען מיט א בת טובים, לפי מעלתו, און צום אכטען טאג נאך דער חופה זאל ער שטארבען... האלב וועט מכפר זיין די חופה מיט די שבע ברכות, די אנדערע העלפט — די מיתה... און ווייל א בת־ישראל וועט ווערען, אהן איהר חטא און שולד, א פריהע אלמנה, על כן זאל זי דערפאר געבענשט ווערען מיט א בן זכר, וואס וועט ארויסקומען א גאון עולם, א מאור הגולה באמת...

די שלאנג איז שוין מיד געוואָרען רעדענדיג, זי האט נאך אפשר קיינמאל נישט מיט אמאל אזוי פיעל גערעדט, בעט זי זיך ביי דער חבר'טאַרין, זי זאל זי פיהרען צום וואסער. וויקלען זיך די שלאנגען אפ און געהען אוועק... און אויף ר' חייא'ן פאלט א גרויסע שרעק...

ווארים ר' חייא איז צו א גרויסען נסיון געקומען: וועט ער חנניא'ן נישט חתונה מאכען, וועט ער געהן געגען דער השגחה פרטית, און חנניא וועט זיך קיינמאל נישט דערמאנען דאס לער־נען... יא, חתונה מאכען? טויט ער איהם מיט די אייגענע הענט! און ווי קאן ער נעמען א בת־ישראל און ברענגען פאר א קרבן? מאכען אכט טאג נאך דער חתונה פאר אן אלמנה?

קוקט ער און קוקט אין הימעל אריין; דער הימעל שווייגט. נאָר דאָס האַרץ אין ר' חייאַ'ן הויבט אָן שטאַרק צו קלאַפּען און צו צאַפּלען; און ער הערט בחוש אַ קול פון האַרץ אַרויס:

— חייא, זיי מקריב דיין טאָכטער, דיין בת יחידה מרים... אברהם אבינו וואָלט זיך נ י ש ט מישב געווען...

נישט אַזוי לייכט איז אָבער מקריב צו זיין אָן איינציגע טאָכטער. דערמאָנט ער זיך, אַז שרה די צדקת האָט איהם צוגע־זאָגט צו קומען צו חלום, אַרויסצופיהרען פון ספקות. הויבט ער אויף צום הימעל די אויגען און איז מתפלל ווענען דעם...

און אַזוי ווי ער איז מתפלל, וויקעלט זיך אָפּ דער וואָלקען פון הימעל, און עס באַווייזען זיך מיליאָנען שטערענדלעך מיט אַמאָל, און זיי ווינקען צו איהם מיט חסד, מיט בטחון, מיט אַ גוטען צוזאָג!

ר' חייאַ'ס תפלה איז אויסגעהערט געוואָרען. איינמאָל פאַר־נאַכט, נאָך אַ תענית, זיצט אַזוי ר' חייא אויף דער שטול, קומט אויף איהם אַ חולשות הלב, פאַרמאַכען זיך איהם די אויגען, און ער דרימעלט איין, און באותו הרגע באַווייזט זיך איהם שרה די צדקת. זעהען זעהט זי אויס פונקט ווי בשעת פטירה, און קוקט אויף איהם מיט די זעלבע חן־וחסד־שטראַלענדיגע אויגען, און זי לעגט איהם מיט גרויס ליעבשאַפט די רעכטע האַנט אויפ'ן אַק־סעל, און זאָגט איהם:

— זאָרג נישט, חייא, אונזער טאָכטערס מזל שיינט ווי די זון, פאַרלאָז דיך אויף א י ה ר...

ווייל ער זי איבערפרעגען, ווערט די צדקת פאַרשוואונדען, און עמיץ, פיהלט ער, וועקט איהם... עפענט ער די אויגען אויף, דער־זעהט ער, אַז מרימ'ל, זיין איינציגע טאָכטער, שטעהט פאַר איהם, און לעגט איהר רעכטע האַנט אויף דעם אייגענעם אַקסעל, וואו איהר מוטער די צדקת האָט איהר האַנט געהאַלטען, און זי זאָגט איהם:

— טאַטעשי, זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך געוועקט... די זון איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, די לבנה איז שוין אַרויפגע־שוואומען אויפ'ן הימעל און די שטערענדלעך האָבען זיך צופלאַ־קערט, — שוין צייט, זאָלסט עפּעס טועם זיין, טאַטעשי...

זעהט ר' חייא, אַז עס איז אַ המשך פון חלום; ·נעמט ער זי

אַז מיט ליעבשאַפט ביי דער האַנט, און דריקט זי צו צום האַרץ, און זאָגט איהר:

— טאַכטערשי, איך וועל נישט טועם זיין, ביז איך וועל דיך נישט פרעגען, און דו וועסט מיר נישט ענטפערען דעם אמת.

זעהט ר׳ חייא, ווי זי רויטעלט זיך, זאָגט ער ווייטער:

— טאַכטערשי, דער סדר עולם איז, אַז בנוגע צו געוויסע מחשבות אַנטפּלעקט אַ בתולה איהר האַרץ נאָר פאַר דער מוטער. ביסטו דאָך אָבער, טאַכטערשי, אַ יתומה, בין איך דיר, — ווי איך האָב דיין מוטער, דער צדקת, צוגעזאָגט, — אי אַ פאָטער אי אַ מוטער, מוזט דו מיר דעם גאַנצען אמת זאָגען. גאַרנישט איבערלאַזען אין האַרץ...

באַהאַלט מרים׳ל איהר פּנים אויף זיין ברוסט און זאָגט שטילערהייט:

— פרעג, טאַטעשי.

זאָגט ער איהר:

— זעה, טאַכטער מיינע! יאָהרען ציהען, איך בין שוין נישט יונג... די באָרד מיינע איז וויים ווי דער שניי אויפ׳ן באַרג חרמון — און וואָס וועט זיין, טאַכטער, אַז מען וועט מיך רופען צום בית־דין של מעלה, און צו דער מאַמען דיינער, — אויף וועמעס באַראַט וועל איך דיך איבערלאַזען?

— טאַטעשי, רעד נישט דערפון... איך וועל שטענדיג טון דיין רצון...

פרעגט ער זי:

— מרים׳ל, ווילסט זיין מעהר צדקת, ווי רבקה?

שמייכעלט מרים׳ל: ניין.

— און אַז אליעזר עבד אברהם איז געקומען רעדען רבקה׳ן אַ שדוך מיט יצחק׳ן, שטעהט: „ושאלו את פי הנערה“, האָט מען רבקה׳ן געפרעגט, צי זי וויל געהען מיט דעם מענש, מיט אליעזר׳ן, הייסט עס. האָט זי זיך נישט געשעמט און געענטפערט: הן, — איך וויל!

— פרעג, טאַטעשי! אַז דו הייסט, וועל איך דיר ענטפערן.

פרעגט ער זי כהאי לישנא:

— זאָג מיר דעם אמת, מרים׳ל: וועלכער פון מיינע תלמידים וואָלט דיר אַמבעסטען געפעלען פאַר אַ מאַן?

— חנניא! — ענטפערט מרים׳ל שטיל. אזוי שטיל, אז נאר א פאטערס אן אויער האט געקאנט אויפכאפען דעם נאמען.

ווערט ר׳ חייא נבהל ונשתומם און פרעגט:

— און מיט וואס געפעלט ער עס דיר, טאכטער? האסט גע־רעדט מיט איהם?

ענטפערט זי:

— חס ושלום! און — ער וואלט מיר דען געענטפערט?

שמייכעלט ר׳ חייא און פרעגט:

— וואס דען, קינד? אדרבא, דערצעהל.

און אז ער זעהט, אז עס איז איהר נישט לייכט צו רעדען, זאגט ער:

— איך בין אויף דיר גוזר בכבוד אב!

דערצעהלט זי איהם, אז באלד אין דער ערשטער רגע איז ער איהר געפעלען. ערשטענס — דער קול; ער גיסט זיך אין איהר הארץ אריין, ווי כשר׳ער בוימאויל! צווייטענס — די גבורה!

— גבורה? — וואונדערט זיך ר׳ חייא.

— אודאי איז א גבורה, אז א בחור געהט ארום אין ליינ־וואנטענע קליידער צווישען ליטישע חברים און שעמט זיך נישט, און האט קיין מורא נישט...

— און שוין? — וואונדערט זיך ר׳ חייא.

— און פאר זיין גוט הארץ, וואס קוקט איהם, ווען ער הויבט די ברעמען אויף, פון די אויגען ארויס. און זיין טרויער... עס כאפט אן ביים הארץ...

— קינד, ער קומט אפ... א זינד ליגט איהם אויף דער נשמה!

— גאט מוז איהם מוחל זיין! — רייסט זיך איהר ארויס פון מויל מיט בטחון — איך געה אמאל פארביי דער סוכה, וואו ער זיצט פאר מנחה... הער איך זיינע תפלות! טאטעשי, איז א מעג־ליכע זאך, מען זאל אזוינע הארציגע תפלות נישט הערען?

— גאט איז א בעל רחמים, טאכטער!

— איך ווייס נישט זיין זינד... נאר זיין תשובה איז גרויס! עס ליגט אויף זיין פנים אזוי פיעל חרטה, אזוי פיעל הארץ־וועה־טאג... טיילמאל — אזא מרה־שחורה! מען מ ו ז אויף איהם רחמנות האבען!...

— האסטו נאר רחמנות, טאכטער?

— דאָס איז געווען דער אָנהויב, טאַטעשי... איך זאָל זיין — האָב איך אַמאָל געטראַכט — אויף דיין אָרט, טאַטעשי, וואָלט איך פאַר איהם שטענדיג מתפלל געווען... דערנאָך האָב איך אַזאַ געדאַנק געהאַט: איך זאָל זיין אַ ברודער זיינער, וואָלט איך מיך פאַר איהם מוסר נפש געווען... אין פּלוצלונג, טאַטעשי, — דו הייסט דאָך מיר זאָגען דעם אמת — האָט מיר אַ שטראָם הייס בלוט צוגעשלאָגען צום האַרץ... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז באמת מוסר נפש זיין קאָן זיך נאָר אַ ווייב! אַז דו ביסט אויף מיר גוזר, דערצעהל איך דיר!...

— און איינמאָל, טאַטעשי, האָב איך וועגען דעם אַ חלום גע־האַט.

עס איז געווען ל״ג בעומר. דו ביסט מיט דיינע תלמידים שפּאַצירען געפאָהרען אויף דער שיף איבער׳ן ים... חנניא אויך; דו האָסט איהם געהייסען... און געזעהן האָב איך דורכ׳ן פענס־טער, ווי טרויעריג ער איז אַרויף אויף דער שיף...

און איך בין אַליין געבליבען... עס איז מיר אומעטיג געוואָ־רען איינע אַליין אין הויז און אַזוי טרויעריג... בין איך אַראָפּגע־גאַנגען אין גאָרטען אַריין. אין גאָרטען איז אויך געווען שטיל — קיין פויגעל האָט נישט געזונגען... עס האָט קיין וואָרים אין קיין בוים נישט געקלאַפּט... און איך בין וואונדערליך טרויעריג און מיד געוואָרען... געה איך צו די בלומען... שטעהען זיי אַלע פאַר׳חלש׳ט און געבויגען; עס איז אַ הייסער טאָג געווען... לעג איך מיך אויף אַ בייט ביי די ווייסע ליליען, מיט די הענט אונטער׳ן קאָפּ, און קוק אַזוי אין הימעל אַריין... און ווער אַזוי איינגעדרימעלט. חלומ׳ט זיך מיר אַ חלום:

עס פליהט אונטער׳ן הימעל אַ טויב... אַ ווייסע, שטילע, טרויעריגע טויב. און הינטער איהר, — די טויב זעהט עס נישט, — פליהט נאָך אַ שוואַרצער פויגעל, מיט אַן אויסגעשטרעקטען שאַרפען שנאָבעל און וויל שטעכען די טויב... קריג איך אויף דער טויב אַ ווילדר רחמנות און הויב אָן רופען, שרייען. די טויב הערט מיך נישט, שווימט ווייטער אין דער לופט. נאָר דער שוואַרצער פייגעל דערשרעקט זיך און ווערט פאַרשוואונדען אויף אַ וויילע... ער קומט אָבער צוריק, פליהט האַסטיגער, הויבט אָן דעריאָגען די טויב... וועקט זיך אין מיר נאָך אַ שטאַרקערע, נאָך אַ ברענענדיגע־

רער רחמנות; שריי איך נאך העכער. דער שווארצער פויגעל דער־שרעקט זיך נאך אמאל, רוקט זיך אביסעל הינטערוויילעכטס צו־ריק... און פליהט נאך אמאל צו... שריי איך נאך הארצרייסענדי־גער... און אזוי עטליכע מאל, ביז די טויב האט מיך אויך דער־הערט, און לאזט זיך אראפ צו מיר און מאכט צו מיר טרויעריג:

— וואס שרייסט דו, קינד!

ענטפער איך:

— איך יאג אפ פון דיר דעם שווארצען פויגעל, וואס דו זעהסט נישט, און וואס וויל דיך טויטען!

ענטפערט מיר די טויב מיט מרה־שחורה:

— נישט ער וויל, ער מוז מיך טויטען... איך בין א חייב מיתה... און ער וועט מיך טויטען, אויב עמיץ וועט זיך נישט פאר מיר מוסר נפש זיין! דאס אבער — זאגט זי טרויעריג — וועט קיינער נישט טון!

— איך! — שריי איך אוים צו דער טויב. — איך וועל עס טון!

— און וועסט קיין חרטה נישט האבען?

— ניין! — און איך שווער צו, אז ניין...

ניקט זי צו מיר, די טויב, מיט ליעבשאפט, שטעהט א וויילע און פליהט אוועק. און אז איך האב מיך אויפגעכאפט, האב איך פארשטאנען, וואס עס באטייט...

— די טויב איז ער — חנניא... און מוסר־נפש זיין, טאטעשי, קאן זיך נאר א ווייב... און געשוואוירען האב איך!

ווערט ר' חייא זעהר טרויעריג און פרעגט:

— און ווי איז, אז דעם חנניא איז קיין אורך ימים נישט באשערט? עס דארף נאר פון זיינע לענדען ארויסקומען א גאון. אבער ער מוז אוועקגעהען יונגערהייט פון דער וועלט?

ענטפערט זי:

— וויפיעל עס איז איהם יאהרען באשערט, אזוי כ'על גוטע זאל ער האבען...

טרויעריג לייכטען אויף ר' חייא'ס אויגען, און ער פרעגט:

— און ווי איז, אויב עס איז איהם נאר באשערט ארויסצו־געבען פון זיך א גאון־עולם... א גרויסען, נאר א גרויסען — זיין

לעבען אָבער איז אין הימעל גערעכענט נישט אויף יאָהרען, נאָר פון דער חופּה אַן — אויף טעג —

— זאָל זיין טעג! אָבער גוטע טעג זאָל ער האָבען.

— און דו ווילסט אַ יונגע אלמנה בלייבען?

— אָבער אַ געבענשטע פון גאָט!

בלייבט ר׳ חייא זיצען, נישט פארשטעהענדיג די גבורה פון יונגען קינד.

„אַ הימעל־זאַך,“ טראַכט ער.

און זי לעגט איהם נאָך אַמאָל די האַנט אויפ׳ן אַקסעל און מיט אויפגעהויבענע אויגען, און מיט אַ קול פון אַ נביאה זאָגט זי:

— איך האָף אָבער, אַז דער גזר דין, וואָס הענגט איבער איהם, וועט בטל ווערען! — איך וועל פאַר איהם מיין לעבען אָװעקגעבען.

— ווי אזוי, טאָכטערשי?...

— איך אַליין ווייס נישט, ווייל איך ווייס דאָך נאָך נישט. פאַרוואָס פאַר אַ זינד ער דאַרף אָפּקומען. שפּעטער, וועט ער מיר שוין זאָגען...

אין ר׳ חייא׳ס שווערען האַרץ בלייבט שוין קיין ספק נישט, אַז עס איז אַ זווג פון גאָט... „און גאָט — טראַכט ער — פּרואווט מיך, נאָר איך וועל דעם נסיון ביישטעהן.“ און הויך זאָגט ער:

— מזל־טוב דיר, טאָכטער! אם ירצה השם װעלען מיר מאָר־גען שרייבען תנאים.

מרים בייגט זיך איבער׳ן פאָטערס האַנט, און אַז זי האָט זיך צוריק אויפגעהויבען, האָט זי ר׳ חייא כמעט נישט דערקענט. זי איז מיט אַמאָל אזוי גליקליך געװאָרען... שטראַלענדיג איז זי מיט אַמאָל געוואָרען.

— האָסט גאָר קיין פּחד נישט, מרים!

— ניין, איך פאַרלאָז מיך אינגאַנצען אויף גאָט!

און איהר קול האָט געקלונגען אזוי קלאָר און אזוי ריין, ווי קריסטאַל...

ר׳ חייא׳ס האַרץ איז אָבער דאָך נישט אזוי רוהיג... און אַז די טאָכטער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געשריבען בריעף צום ראש ישיבה פון ירושלים און צום נשיא פון בבל.

און ער גיסט פאר זיי אויס זיין פארביטערט האַרץ:

„מאָרגען — שרייבט ער — וועלען זיין ביי מיין טאָכטער, מרים שתחי׳, תנאים... טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך זעץ איהר אַרויף אַ קרוין אויפ׳ן קאָפּ, און טיילמאָל — אַז איך פיהר מיין איינציג וויים שעפעלע, רחמנא לצלן, צו דער שחיטה...

„געגען גאָט וויל איך אָבער נישט געהן — שרייבט ער; — מנביל זיין דעם זמן החתונה וועל איך אויף אַ חודש...

„איבער דער צייט וואַרט איך פון אייך אַן עצה, אַ ראַט — און זייט פאַר מיר מתפלל, און פאַר מיין טאָכטער, און פאַר׳ן בעל תשובה חנניא...“

אַן עומד בדבורו איז ר׳ חייא געווען.

דעם צווייטען טאָג האָט מען תנאים געשריבען. דער עולם האָט געגאַפט. די בחורים פון דער ישיבה זענען אויסער זיך: דעם עם־הארץ זאָל אַזוינס קומען! פאַר דרך ארץ אָבער שווייגט מען.

און דער חודש געהט פאַרביי... קיין תשובה פון ראש ישיבה פון ירושלים און פון נשיא פון בבל האָט ר׳ חייא נישט באַקומען; נעמט ער עס אַן פאַר אַ שלעכטען סימן, רופט ער אין טאָג פון דער חופה אַריין די טאָכטער, און זאָגט איהר:

— זיי ווייסען, מרים, אַז אויף דיין חתן חנניא איז נגזר גע־וואָרען אָוועקצוגעהען פון דער וועלט דעם אַכטען טאָג נאָך דער חופה...

און ער דערצעהלט איהר, וואָס ער האָט געהערט פון דער שלאַנג, און אַז ער האָט קיין תשובה נישט פון די גדולי הדור, און זאָגט איהר, אַז אויב זי איז נישט פעסט אין דער דעה, קאָן זי נאָך חרטה קריגען.

ענטפערט איהם מרים׳ל:

— איך בין פעסט, און מיין האַרץ איז פעסט, און אַז איך וויים דעם גזר דין, ווייס איך שוין, ווי אַזוי איך וועל איהם מבטל זיין!

— דו! אין וועמענס זכות, אין וועמענס כח? — קאָן זיך נישט אויסוואונדערען ר׳ חייא...

און מרימ׳ל זאָגט:

— אין כח פון מיין אמונה... און אין זכות, דיר, טאַטעשי, צו לאַנגע יאָהר, פון מיין מאַמען דער צדקת, עליה השלום! און אין

זכות, טאַטעשי, אין זכות פון דיין תורה, מצוות און מעשים־טובים.

בלייבט צו שטעלען אַ חופּה...

און עס איז אַ חתן־מאָל, זיצט דער חתן אין זיינע מלבושים, און רעדט נישט אַ וואָרט...

ר' חייא האַלט פאַר איהם אַ דרשה, און ער הערט זיך איין, מיט נחת און צער צוזאַמען...

פיהרט מען דעם חתן צו קבלת פּנים, זיצט די כלה אין לייני־וואַנטענע קליידער, אַפּנים, שלא לבייש את החתן, און מיט אַ פּראָסטען טוך איבער'ן קאָפּ...

און אַז מען הויבט אויף דאָס טוך, שיינט אויף אַ פּנים, ווי אַ זון, אויגען קלאָרע, גלויבענדיגע, שטילע, נאָר טיף גליקליכע!

לויפט זיך גאַנץ צפת צוזאַמען צו דער חופּה — שטעהט דער חתן אונטער דער חופּה אין לייגוואַנטענע קליידער, מיט אַ האַנפענעם שטריק אויף די לענדען, און מיט אַ וואַלד־שטעקען אין דער האַנט...

און מען פיהרט אַרום איהם די כלה אין וואָכעדיגע קליידער, שלא לבייש את החתן... און ר' חייא שטעהט און שעפּט נחת און וויינט.

און אַז ער וויל פאַרזאָגען דעם חתן „הרי את" — פרעגט ער:

— וואָס טייטש?

און ר' חייא געהט צו און פאַרטייטשט איהם וואָרט ביי וואָרט... און אַזוי, פאַרטייטשט ער איהם די ברכות און די כתובה... גאַפט מען.

נאָר אַז ר' חייא טוט אַזוי, מן הסתם ווייסט ער, וואָס ער טוט...

נאָך מעהר געגאַפט האָט מען איבער דעם, וואָס דער חתן האָט קיין וואָרט תורה נישט געזאָגט, אפילו נישט ביי דער סעודה, און מען האָט דעריבער נישט אויסגערופען קיין דרשה־געשאַנק, אפילו נישט פון כלה'ס צד...

און די שבע ברכות — עס איז געווען זומער־צייט — זענען אין גאָרטען געווען... אויף דער מיטעלער ברייטער אַלעע זענען געשטאַנען טישען פאַר זכרים באַזונדער, און פאַר ווייבער באַזונדער, און די כלה איז געזעסען, ווי אַ אָרעמע כלה צווישען רייבע

נעסט; און דער חתן איז געזעסן ווי א שטומער צווישן אלע למדנים און רבנים, וואס האבן גע'דרש'ענט און גערעדט תורה, און איבער אלע — ר' חייא...

און ר' חייא, צי ער אליין האט געזאגט, צי אנדערע, איז אלץ געזעסן אומרוהיג, און האט עפעס געזוכט ארום און ארום מיט די אויגן אויף דער ערד. צי האט ער נישט חרטה אויף'ן שידוך? חס ושלום! ער זוכט נאר מיט די אויגן די פרעמדע שלאנג, און זעהט, ווי דער „עכנאי" דרעהט זיך ארום שטילערהייט צווישן די געסט, פון קיינעם נישט געזעהן, און לאזט קיין אויג נישט אראפ פון זיין קרבן — פון חתן חנניא...

און אין אווענט, נאך די לעצטע שבע ברכות, האט ר' חייא צוגערופן די טאכטער און האט איהר געזאגט מיט א משונה'דיג קול:

— טאכטער, מארגען איז דער יום הדין. שטארק זיך!

— איך בין שטארק! — ענטפערט דאס יונגע ווייבעל, — איך בין געבענשט פון גאט! און — גיט זי צו מיט בטחון — איך וועל איהם אויסלעזען פון טויט...

— זאל דיר גאט העלפען! — ווינשט איהר ר' חייא מיט הייסע טרערען.

— נאר געדענק, — זאגט זי, — טאטעשי, אז מארגען דארף פריהער זיין דער נס! — דער שטעקען דארף בליהען, זיין נשמה אויך! ער דארף זאגען פאר דיר א חלוק! קום צו אונז, טאטעשי, גאנץ פריה. פארשלאף נישט!

טראכט ער: צי וועל איך דען שלאפען? און הויך זאגט ער איהר צו.

און צומארגענס, אז ר' חייא איז געקומען צום פאר־פאלק, איז שוין מרים געווען אנגעטאן. נאר חנניא איז נאך געלעגען אין בעט.

— זייט מיר מוחל, שווער, — זאגט ער, — איך פיהל מיך נישט בקו הבריאה... — און ער פארמאכט צוריק די אויגען.

קוקט ר' חייא אויף'ן ווייסען שטעקען, וואס שטעהט חנניא'ן צוקאפענס, גלויבט ער זיינע אויגען נישט — דער שטעקען באַ־דעקט זיך מיט א גרינער הויט, די הויט — ווערט אנגעדראלען מיט א־ערלער. בארעקט זיך מיט קנאספען און הויבט אן בליהען... וויל

ער זיך אויפהויבען און נעהנטער זיך צוקוקען צום נס. דערזעהט ער אבער, ווי חנניא'ס פּנים פארענדערט זיך, רויטעלט זיך. און ער עפענט אויף א פאר שטילע, קלארע, געבענשטע אויגען, אהן א צייכען פון א קללה. — קוקט ער און גאפט, זוכט ער מיט די אויגען די טאכטער, צי זי זעהט, איז אבער מרים'ל שוין נעלם געווארען. און דערווייל עפענט חנניא די לעפצען און הויבט אן דרש'ענען, און ר' חייא הערט און פארגעסט אן אלעם: אן נס פון שטעקען, אן דער טאכטער, אן „עכנאי" — דעם שליח פון מלאך המות; פערעל שיטען זיך חנניא'ן פון מויל: תורה און סתרי תורה, און ער עפענט פאר ר' חייא'ן די טויערען פון א נייעם עולם התורה — א וואונדערליכער גארטען — א גן־עדן מיט'ן עץ הדעת, מיט'ן עץ החיים, און אלערליי אנדערע פרות, און די ריינע ליכט פון שבעת הימים באשיינט אלץ און באשיט מיט ריין גינגאלד, און אלע בוימער בליהען, און מחנות פייגעל זינגען צווישען די בלעטער און פרות אויף די צווייגען — און עס בליהט, און שפראצט, און זינגט, און שפּילט... חנניא רעדט, און ר' חייא'ן דאכט זיך, אז די נשמה פון דער וועלט רעדט! צי חלום'ט ער נישט? ווייט און ברייט עפענט ער די אויגען — די אויערן זאפּען־איין וואונדערליכע קולות. און מיט'ן אפענעם מויל שלינגט חנניא די ווערטער פון די ליפּען אראפּ, און א הייליגער, שטילער נחת צוגעהט זיך איהם אין אלע גלידער.

נאר דעם תענוג פון ר' חייא'ן קאנען מיר נישט באשרייבען, בפרט נאך — אויף עברי טייטש. די סודות התורה, וואס חנניא האט מגלה געווען, הלא הם כתובים על ספר הישר — אין חנניא'ס ספר, וואס ר' חייא האט ארויסגעגעבען מיט'ן גאלדענעם שנים. וועלען מיר דעריבער פארלאזען די גאונים, און זעהן, וואס די צדקות מרים'ל טוט.

אזוי ווי זי האט דערזעהן, ווי דער שטעקען הויבט אן בליהען, און דער פאטער, ר' חייא, איז פארקוקט אויפ'ן שטעקען, האט זי נעכאפּט דעם מאנס לייוואנטענע מלבושים און איז פון שטוב ארויס... שטיל און לייכט געהט זי ארויס פון חדר, דער דיוואן זאפּט אין זיך איין איהרע לייכטע טריט... און זי לויפט איבער אלע חדרים ביז צום לעצטען חדר, פאר דער פאדער־שטוב... קיין שום בן־אדם טרעפט זי נישט איבער'ן וועג. זי האט נאך נעכטען

אנגעזאגט, עס זאָל זיך דאָ קיינער נישט באווייזען, ביז זי וועט רופען. און אַז זי קוקט זיך אום און זעהט, אַז זי איז אַליין, וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ איהרע קליידער, „גאָט! — שעפּטשען איהרע ליפּען — עס איז פּקוח נפש, זיי מיר מוחל „שמלת־גבר"... — און כאַפּט אויף זיך דעם מאַנס ליינוואַנטענע מלבישים, און לויפט צו און עפענט די טיר, און זעצט זיך אויף דער שוועל פון פאָדער־שטוב אין גאַרטען אריין. אזוי זיצט זי אַ ווײַלע שטיל און קוקט אויף די אַלעע, וואָס ציהט זיך פון דער הויז־טיר, ווייט, ווייט און ווערט פארלוירען צווישען די אַלעאַנדער־בוימער...

און איהרע ליפּען שעפּטשען תפלות ותחנונים צום בורא עולם, ער זאָל אננעמען איהר קרבן: און אַז זי דערזעהט, ווי דער „עכנאי" וויקעלט זיך אָפּ פון אַלעאַנדער־בוים און לאָזט זיך איבער'ן וועג, נעמט זי נעשווינד און פארשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט, זעהט זי אוים כהויה ווי דער מאַן חנניא. און לאָזען לאָזט זי נאָר איבער אַ דין שפּעלטעל צווישען די פינגער, און קוקט, ווי די שלאַנג רוקט זיך און רוקט זיך... און דער „עכנאי" רוקט זיך פּאַ־מעלעך, בנעימות, נאָר זיכער. ער ווייסט, אַז דער קרבן וועט איהם נישט אנטרינען! — און אַז ער דערזעהט חנניא'ן (אזוי מיינט ער), ווי ער זעצט זיך רוהיג אויף דער שוועל, דאָס פּנים פאַר־שטעלט, טראַכט ער: דער קרבן זיצט שטיל. און דאָס הארץ זאָגט איהם שלעכטע נביאות. און ער איז מתפּלל, אדער ער זאָגט ודוי... שטעקט ער דאָס גיפט־געפעלע פון מויל ארוים און האַלט עס גרייט, דאָס כלי זין! און מרים'ל זעהט עס. און זעהט, ווי דער „עכנאי" הויבט זיך אָן שטאַרקער צו רוקען; די תאוה פון אַ שלאַנג צו בייסען, האָט זיך אין איהם דערוועקט; און זי הערט שוין דאָס רייבען מיט'ן בויך איבער'ן זאמד, און זיין סאָפּען... און אַז ער קומט נאָהנט, און זיינע הויט־פּלעקען זעהען זיך שוין קלאָר, פאַר־מאַכט מרים'ל דאָס דינע שפּעלטעל פון צווישען די פינגער. און בעט אין שטילען האַרץ אָהן אָטעם: — „רבונו של עולם, נעם אָן מיין קרבן"... און הויבט אָן ודוי זאָגען... שטיל, אָהן אָטעם, אָהן אַ ציטער מיט די ליפּען... נאָר איידער זי ענדיגט ודוי, דערפיהלט זי דעם ביס... און פאַלט ארונטער אויף דער שוועל און רופט:

— רבונו של עולם, זיי מיר מוחל פאַר'ן גאַוה, וואָס דו האָסט מיר נעוואָלט געבען!... זאָל לעבען חנניא אויף זיין אָרט! און

הויבט אן גוסס'ען, און די נשמה שיידט זיך אפּ מיט גרויס יסורים פון יונגען גוף.

---

איז אָבער גאָט — דער גאָט פון משפט!

און אז די נשמה מרים'לס איז ארויף אויפ'ן הימעל, האָט מען געוואָרט אויף איהר, דאָס הייסט: אויף חנניא'ס נשמה... צדיקים זענען פון גן־עדן ארויס!

און אז מען פיהרט זי צום בית־דין, גיט מען זי א פרעג, — אבי מקיים צו זיין דעם מנהג, ווייסען ווייסט מען דאָך:

— עסקת באמונה?

ענטפערט מרים'ל:

— איך האָב קיינמאָל נישט געהאַנדעלט.

— האָסטו געלערענט תורה?

צושמייכעלט זי זיך מיט א חן:

— רבונו של עולם, האָסטו דען געהייסען, אידישע טעכטער זאָלען לערנען דיין תורה?

ווערט א גערודער.

— ווער ביסטו? ווער ביסטו?

זאָגט זי:

— מרים בת שרה וחייא, אשת חנניא!

ווערט א רעש... דערנעהט מען, אז זי האָט זיך עס פאַר איהר מאַן מוסר נפש געווען! אז „עכנאי" האָט זיך געלאָזט נאַרען, שרייט מען צו דער נשמה:

— נעה, לויף געשווינד צוריק אראָפּ, נעה צוריק אין דיין גוף אריין, איידער מען ריהרט איהם פון אָרט!

וויל זי נישט, מרים'ל! צוויי מאָל ליידען יסורי מות — זאָגט זי — איז קיינער נישט מחויב... נייערט, — שטעלט זי א תנאי — אז מען וועט אננעמען איהר טויט פאַר חנניא'ס טויט! ער זאָל לעבען!

ווערט א געשריי אין פמליא של מעלה:

— מסכים! מסכים! — מען האָט מורא צו פאַרשפּעטי־גען!... און מרים'לס נשמה קומט תוך כדי דבור צוריק אין גוף אריין, און זי הויבט זיך אויף אפילו אויסגעהיילט פון וואונד, כלא

היה, און זי לויפט אריין מיט פרייד צו די צדיקים, מיט גרויס שמחה, און דערצעהלט זיי, וואס מיט איהר האט זיך געטראפען. און באותו הרגע זענען אנגעקומען צוויי משולחים מיט צוויי בריף, איינער פון דעם ראש־ישיבה אין ירושלים, און דער צווייטער פון נשיא פון בבל, און אין ביידע בריף איז מעהר נישט געשטאנען ווי איין ווארט:

— מזל טוב!...

---

ווענען דעם גאון וואס איז ארויסגעקומען פון דעם זווג, און ווענען נחת, וואס ר' חייא האט נאך פון איהם דערלעבט, וועלען מיר, אם ירצה השם, דערצעהלען אן אנדערש מאל.

מיר וועלען נאר צוגעבען, אז „עכנאי'ן". וואס האט זיך געלאזט נארען, האט מען פון דאמאלט אן אפגעשאפט, און מען זעהט איהם נישט...

# שטומע נשמות

צוויי וועגען — צוויי משלים

א קאפיטעל תהלים

„שמע ישראל“

נסים אויפ׳ן ים

## צוויי וועגען — צוויי משלים.

שני דרכים — צוויי וועגען פיהרען צו זיין ליעבען נאמען, וואס אין די נשמה פון דער וועלט און דער תוך פון דער וועלט.

איז איינער פון זיי דער וועג פון שכל, אויב דער בשר ודם שארפט זיין מוח אין דער תורה הקדושה; און דער צווייטער — דער וועג פון הארץ פון א בשר ודם, אויב ער רייניגט עס און היי־ליגט עס לעבודת הבורא.

נתעלה — על פי דרך הטבע ווערט געהויכט און געהויבען א מענש נאר דורך דעם שכל; דורך דעם שכל לערענט ער די תורה הקדושה, וואס איז דער חוק ומשפט — דאס געזעץ פון דער וועלט, און ער דערקענט דורך איהר דעם פלאן, לויט וועלכען דער בורא עולם האט זי, די וועלט, ארויסגעפיהרט פון תהו ובהו. און ער ווייסט, אויף וואס זי שטעהט, און וואס עס קאן זי חרוב מאכען. און אז ער קומט צו דער השגה, קריגט ער אליין אויך שוין א שטי־קעל דעה אין דער הנהגה פון דער וועלט, און ווערט, כביכול, א שטיקעל שותף צום הקדוש ברוך הוא אין מעשי־בראשית...

צו א גאנץ הויכער מדרגה קאן אבער אויך קומען א מענש דורכ'ן הארץ, אויב די כונה איז גוט און דאס הארץ איז גוט, און עס ברענט אין דעם הארץ דאס פייער פון גרוים ליעבשאפט צום בורא עולם, און עס רויכערען זיך דערויף מצוות און מעשים טובים ווי קרבנות אויפ'ן מזבח...

און אשרי — וואויל איז טאקע דעם מענש, וואס געהט אויףביידע דרכים, וואס עפענט זיך דעם הימעל מיט ביידע שליסלען. ווארים ער איז זוכה: אי צו דער גרויסער השגה, אי צו דער גרוי־סער ליעבשאפט. — דאס איז אבער — לאו כל אדם זוכה...

על פי רוב זענען די תלמידי־חכמים סאמע דין, ווייל זיי געהען נאר מיט'ן וועג פון שכל; און דער שכל איז דין. זענען זיי טאקע „נוקם ונוטר כנחש“, און וואלטען בהבל פיהם די וועלט פארברענט.

ווארים — מי יעמוד? על פי שלחן ערוך קאן די זינדינגע וועלט קיין רגע קיין קיום נישט האבען; די זינדינגע וועלט דארף דערי־בער רחמים.

און פון דער צווייטער זייט זענען די ל"ו צדיקים פון יעדען דור, כאטש עס ווארטען אויף זיי גאלדענע שטולען און קרוינען אין גן עדן און די וועלט וואלט אהן זיי קיין קיום נישט געהאט — דוקא נישט קיין גרויסע למדנים... זיי זענען יוצא מיט א פרק משניות, מיט א קאפיטעל תהלים, אפילו מיט תפלה בכונה...

דער עיקר איז ביי זיי דאס הארץ. ווארים פון אמת'ן צדיק'ס הארץ שטראלט און פליסט ארויס דאס גרויסע, הארציגע רחמנות אויף דער וועלט...

אל יאמר — זאל דעריבער נישט זאגען דער עם הארץ: „הן אני עץ יבש" — איך בין א טרוקען שטיקעל האלץ; אויף מיר קאנען נישט בליהען נישט בליטען, נישט קיין מצוות, נישט קיין מעשים טובים — —

„נסתרה דרכי מה'" — מיין וועג איז פארוואגעלט פון גאט... זיין אויג, כביכול, זעהט מיך נישט, ווייל איך געה ארום אין השך און מיין נשמה איז איינגעהילט און איינגעוויקעלט אין א פינסטערען וואלקען — —

און איך קאן אפילו נישט נצול ווערען פין גיהנום. ווייל, ווי אין פרק אבות שטעהט: „ולא עם הארץ חסיד", דער, וואס לערענט נישט די הייליגע תורה, קאן נישט זיין קיין אפגעהיטענער איד, ווייל ער ווייסט נישט, וואס א מצוה איז, ער זאל זי מקיים זיין, און וואס אן עברה איז, ער זאל פאר איהר אנטלויפען, וואו דער פע־פער וואקסט, און ער איז גאר נישט מבחין — ער קאן נישט אונ־טערשיידען בין טוב לרע — צווישען גוטס און שלעכטס.

דאס זענען גאר קיין טענות און קיין דבורים נישט.

ווארים סוף כל סוף קוקט גאט, ברוך הוא, אויפ'ן הארץ. און „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא": סיי די וואויל־לערנער, סיי די נישט וואויל־לערנער, וואס קאנען נאר „שמע ישראל". און „שערי תפלה אינן ננעלין" — די טויערען פון תפלה ווערען נישט פאר־שלאסען אפילו פאר שטומע נשמות, וואס פארשטעהען נישט אפילו די טייטש־ווערטער פון די תפלות און קאנען זיך נישט אויסרעדען דאס הארץ פאר גאט...

ווארים גאָט איז אַ בעל־רחמים, און אַזוי ווי אַ באַרמהאַרציגע מאַמע שטעקט אַריין דעם וואָרצעל פון דער ברוסט דעם הונגעריגען קינד אין מויל אַריין ביים ערשטען קרעכץ, און וואַרט נישט, ביז דאָס קינד וועט שאַרף אַרויסזאָגען: מילך, אַזוי ווייסט דער רבונו של עולם, וואָס אַ מענש וואָלט געבעטען, ער זאָל קאָנען, און טוט מיט גרויס רחמים זיין רצון...

און ער פאַרהאַלט נישט דעם שכר פון קיין שום בריאה, וואָס מיינט, אַז ער טוט אַ מצוה און האָט אַ טעות, עס איז קיין מצוה נישט. ועל אחת כמה וכמה, אַז זיין ליעבער נאָמען שטראָפט נישט פאַר אַן עבירה, וואָס אַ זינדיגער מענש טוט בשוגג, האָבענדיג אין זינען אַ מצוה...

און אין דעם ענין געפינען מיר צוויי טייערע משלים ביים של"ה הקדוש.

דער ערשטער משל איז: משל למלך — צו אַ מלך, וואָס איז געווען אַ מושל איבער אַ ווייטער מדינה, וואָס איז געווען אָפּגעשלאָסען, און תרפ"ט אלפים מיילען אָפּגעלעגען פון אַנדערע מדינות, און האָט געהאַט גאָר אַנדערע געזעצען ווי אַלע מדינות. איז איינמאָל צו דעם מלך אַריינגעקומען דער ערשטער מיניסטער מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט, און ער האָט, זיך בוקענדיג, דערלאַנגט דעם מלך דאָס פּאַפּיר; דער מלך זאָל עס חתמ'ענען מיט זיין אייגענער האַנט אָדער צולעגען דעם טבעת המלכות. נעמט איהם דער מלך אַרויס דאָס פּאַפּיר פון דער האַנט, און לעגט עס פאַר זיך אויפ'ן טיש, און זעצט זיך אויפ'ן כסא המלכות, און נעמט אין דער האַנט אַריין די פעדער און וויל אונטערשרייבען דאָס פּאַפּיר. ווייל דער מלך האָט, ווי דער סדר עולם איז, אמונה צו זיינע שרי מלכות, בפרט צום ערשטען מיניסטער, און ווייסט, אַז מען וועט איהם קיין עולה צום אונטערשרייבען נישט דערלאַנגען.

האָט אָבער דער מלך געהאַט אַ שאַרפע ראיה, און ווי ער וויל שוין מאַכען דעם צוק, וואָס איז דער אָנהויב פון מלך'ס חתימה, דערזעהט ער, אַז עס שטעהט אין כתב: „חיב מיתה" — „מורד במלכות", נעמט ער תיכף ומיד און לעגט אַרויס די פעדער פון דער האַנט, און פרעגט:

— וועמען און פאַר וואָס האָט עס מיין בית־דין־צדק אַזוי שאַרף פאַר'משפט?

זאגט איהם דער ערשטער מיניסטער:

— אדוני קעניג, עס איז א מורד במלכות, וואס האט זיך נישט געבוקט און נישט געבויגען פאר דיינע שרי מלכות. און איז ארומגעגאנגען אויף אזוינע מקומות, אויף וועלכע מען טאר קיין פוס נישט שטעלען — אויף די וואלען פון דיין פעסטונג. און פאר'ן צעכהויז, וואו עס ליגט דאס פולווער צום שיסען, איז ער ארומגע־גאנגען מיט פייער, כאטש עס שטעהט אויפגעשריבען שווארץ אויף ווייס איבער'ן טויער, מען זאל זיך היטען פאר פייער — — איז א סימן, אז ער האט קיין דרך ארץ נישט פאר'ן מלך, ווארים ער גיט נישט אפ כבוד די שרי מלכות; און אז ער האט געוואלט אויס־זעהן די שאנד פון דיין מלוכה'ס פעסטונג און איבערגעבען דיין שונא; און האט נאך ברעה געהאט אונטערצוצינדען דעם מלך'ס אוצרות מיט פולווער...

— און דאס אלץ — גיט צו דער מיניסטער — האט ער גע־טאן אין שעהנעם העלען טאג, פאר אלע אין די אויגען, גלייך ווי די וועלט וואלט געווען הפקר, און עס וואלט קיין מלך און קיין מלוכה נישט געווען. און אפשר נאך גאר — להכעיס.

טראכט דער מלך: ווער ווייסט, צי עס איז קיין משוגע'נער נישט? און ער פרעגט:

— און וואס האט דער פארזינדיגטער גע'טענה'ט פאר'ן בית־דין? האט ער גערעדט צו דער זאך?

ענטפערט דער מיניסטער, אז דאס קאן מען נישט וויסען; ווייל דער פארזינדיגטער איז פון א ווייטער מדינה, און דאס בית־דין האט זיין לשון נישט פארשטאנען, אזוי ווי ער האט נישט פארשטאנען דאס לשון פון בית־דין.

זאגט דער מלך צום ערשטען מיניסטער:

— דער מענש, וועלכען איהר האט גע'פסק'עט מיתה, איז קיין שולדיגער נישט... צו וואס זאל ער מיר טון להכעיס?

— ער איז נאר א פרעמדער, וואס האט נאך אונזערע מונדי־רען נישט געזעהן און ווייסט נישט, ווי אונזערע שרי־מלכות זעהען אויס, און דערקענט זיי נישט.

— און ער ווייסט נישט דעם פלאן, לויט וועלכען אונזער שטאדט איז געבויט, און וואו די פעסטונג איז און וואו די וואלען זענען; און ער האט געוואלט מאכען חשבון הנפש און האבען

התבודדות, איז ער אהין געגאַנגען, וואו מען טאָר נישט, ווי איינער, וואס געהט הינטער דער שטאָדט...

— און ער קאָן די שווארצע אותיות אויף דער ווייסער שילד פון צעכהויז נישט לייענען, און היט זיך דעריבער פאר'ן פייער נישט !...

פארשעמט זיך דער ערשטער מיניסטער און לאָזט די אויגען אראָפּ ; און דער מלך נעמט און צורייסט דאָס פּאַפּיר און גיט אַ באַפעהל :

— לויף, ערשטער מיניסטער, געשווינד אין תפיסה אריין, און נעם אראָפּ די קייטען פונ'ם ארעסטירטען, און היים איהם אָפּגאָ־לען און אָפּוואַשען, און אויסשמירען מיט'ן פיינסטען בוימאויל, און אָנטון די טייערסטע מלבושים, און באצאָהל איהם פון אוצר המלכות צער און רפוי, און שבת, און בושת, און לאָז איהם פריי... און טאָמער וויל ער דאָ אין דער מדינה בלייבען, שיק איהם צו מיר, וועל איך איהם אליין מוסר זיין די סימנים פון אונזער לשון און די דינים פון אונזער מלכות...

און אז מען האָט די זאַך חוקר ודורש געווען, האָט זיך ארויס־געוויזען, אז דער מלך איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, עס איז נאָר אַ פרעמדער געווען. און אויב ביי אַ מלך בשר ודם איז אזוי, על אחת כמה וכמה ביים מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא, וואָס דאַרף נישט חוקר ודורש זיין און שטויסען זיך. וואָרים פאר איהם איז אָפען דאָס הארץ פון אַ בשר ודם און ער לייענט דערינען, ווי אין אַן אויפגעוויקעלטער מגילה...

נאָך מעהר, דער רבונו של עולם לעגט צו די עברות, וואָס אַז עם הארץ טוט צוליעב אַ מצוה, צו דעם חשבון המצוות און אויף דעם האָט דער של"ה הקדוש אויך אַ משל למלך, נאָר אַ שענער משל.

— אמאָל איז געווען — דערצעהלט דער של"ה הקדוש — אַ מלך, נאָר נישט, ווי דאָס רוב מלכים, אַ בייזער מלך, נאָר אַ גוטער מלך — אַ מלך חסד.

האָט דער מלך חסד — דער גוטער מלך — אמאָל געדאַרפט פייער. ער האָט, מאָלט אייך, געוואָלט זיך פאַררויכערען די ליולקע. גיט ער אַ זאָג : פייער ! דאָס הייסט, ער באפעהלט, מען זאָל איהם ברענגען פייער.

איז איינער אבער פון זיינע שרים־משרתים, מרואי פני המלך, — פון די, וואס שטעהען פאר׳ן מלך, געווען, צי פון געבוירענהייט אן, צי, רחמנא לצלן, מחמת א קרענק, אין וועלכער ער איז ארייני־נעפאלען, אביסעל טויבליך, האט ער נישט רעכט דערהערט. און ווייל עס איז געווען אינמיטען וואלד, וואו דער מלך האט זיך גע־יאגט נאך חיות־רעות, זיי צו פארטיליגען, און עס איז געווען אינ־מיטען זומער, און די היץ צווישען די בוימער איז געווען זעהר גרויס, און ער אליין איז געווען דורשטיג, — האט ער געטראכט, אז דער מלך וויל אויך אודאי א פרישען טרונק וואסער! איז ער תיכף ומיד ארויסגעלאפען פון מלך׳ס געצעלט נאך פריש וואסער.

איז אבער גראד אין דעם ארט, וואו דער מלך האט זיך גע־יאגט נאך די חיות רעות, און וואו זיין געצעלט איז געשטאנען, קיין וואסער נישט געווען, — איז דער שר געלאפען, נישט גע־שלאפען, נישט געגעסען, נישט געטרונקען, דריי טעג און דריי נעכט, ביז ער האט זוכה געווען צו קומען צו א קוואל וואסער.

איז אבער ארום קוואל געשטאנען א חברה גזלנים מיט כלי זין. און די גזלנים זענען נאך געווען גרויסע מכשפים דאצו, זענען איבער זייערע קעפ ארומגעפליגען רוחות רעות זיי צו העלפען; האבען זיי, די גזלנים, נישט צוגעלאזט דעם שר צום קוואל. האט אבער דער שר געהאט גרויס אמונה און בטחון אין מלך, האט ער קודם כל מיט׳ן כח פון זיין אמונה און בטחון פארטריבען די רוחות רעות, און דערנאך האט ער געגען די גזלנים ארויסגעצויגען זיין שווערד און איז אויף זיי ארויפגעפאלען מיט א גרויסען אימפעט, און מיט התלהבות פון דער ליעבשאפט צום מלך. און ער האט מלחמה געהאלטען שעה׳ן־לאנג מיט די גזלנים, און האט זיי סוף כל סוף, נאך גרויס מיה און מאטער און סכנת נפשות, גובר געווען, און האט זיי פאריאגט פון קוואל! און ער האט זיך נישט אפגע־שטעלט צו היילען אדער כאטש ארומצובינדען זיינע וואונדען, וואס ער האט פון די גזלניב באקומען. און האט תיכף ומיד אנגעשעפט א קריגעל פריש וואסער פון קוואל, און אליין נישט געטרונקען, כאטש עס האט איהם געברענט פאר דורשט. און איז געלאפען א פארבלוטיגטער צום מלך אין געצעלט אריין, און האט מיט שמחה און מיט גרויס התלהבות א געשריי געטאן: נא דיר, גרויסער קע־ניג, וואסער!

האבען דאָך אָבער די אַנדערע שרי־מלכות געהערט, ווי דער מלך האָט בפירוש געזאָגט „פייער", נישט קיין וואסער; האבען זיי אָנגעהויבען צו לאַכען און חוזק צו מאַכען פון טויבען שר. און איינער פון די שרים איז געוועזען אַ רשע בטבע, האָט ער געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג, איז דער שר גאָר חיב מיתה, ווארים ער האָט מורד געוועזען אין מלכות...

וואָס אָבער האָט דער מלך, וואָס איז געוועזען אַ מלך חסד, גע־טאָן? קודם כל האָט ער אָפּגעריסען די עפּאָלעטען פון'ם שר, וואָס האָט מקטרג געוועזען און געמאַכט דעם טויבען משרת פאַר אַ מורד במלכות. און ער האָט איהם אָפּגעריסען די גאָלדענע קייט פון האַלז, און אַלע אָרדערען און מעדאַלען, וואָס ער האָט געהאַט אויפ'ן האַרץ, און אַרויסגעטריבען פון שטאָדט און פון לאַנד אַרויס. —

און אַ באַפעהל האָט ער געגעבען, דער מלך, מען זאָל תיכף ומיד רופען זיינע בעסטע דאָקטוירים, זיי זאָלען אויסהיילען דעם געטרייען משרת'ס וואונדען. און דער מלך אַליין איז בכבודו ובעצמו אויפגעשטאַנען פון זיין כסא המלכות, און איז צוגעגאַנגען צום געטרייען משרת, וואָס איז איהם געפאַלען צו די פיס, און האָט איהם אויפגעהויבען, און אַ קוש געגעבען אין שטערן אריין.

און צו זיינע איבעריגע שרים האָט ער אַזוי געזאָגט: כדי דעם מלך'ס געטרייער דינער זאָל מעהר קיין טעות נישט האבען, און אַנדערע שרים זאָלען פון איהם נישט לאַכען, הויב איך פון היינט אָן זיין שטול איבער די שטולען פון אַלע שרי־מלכות. ער זאָל זיצען נעהנטער פאַר אַלע שרים צום מלך, און הערען פון מויל אין אויער זיין געבאָט.

ועל אחת כמה וכמה — גיט צו דער של"ה הקדוש, — דער מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא, וואָס דאַרף בעצם נישט קיין פייער, נישט קיין וואסער, און האָט געגעבען די תרי"ג מצוות נישט, חלילה, פאַר זיין אייגענע טובה וועגען, נאָר מזכה צו זיין ישראל, זיי זאָלען נעמען שכר, נישט קיין מתנת חנם; איז טאָקע אַ קל־וחומר, אז ער איז גומל־חסד פאַר אַזוינע טעותים...

און איהר זאָלט קלאָרער זעהן דעם אמת דערפון, וועל איך אייך דערצעהלען עטליכע מעשיות פון שטומע נשמות, איהר זאָלט זעהן, צו וועלכע מדרגות זיי זענען געקומען.

א.

# א קאַפּיטעל תהלים

אדער

## יוחנן וואַסער-טרעגער און דער „אורח-חיים"

און די ערשטע מעשה, וואָס איך וויל אייך דאָ דערצעהלען, האָב איך בקבלה פון מיין זיידען, עליו השלום, וואָס האָט די זכיה געהאַט צו זיין אַ איינגעהער ביים „אורח חיים" אין שטוב, און האָט עס, במעמד פון נאָך בעלי־בתים חשובים, געהערט מפּיו הקדוש — פון „אורח חיים'ס" הייליגע ליפּצען.

און אָנגעהויבען האָט זיך די מעשה אַזוי:

אין דער פריה, באַלד נאָך שחרית, זיצט זיך דער „אור־חיים", כמנהגו, אין קליינעם בית־המדרש'ל פאַר'ן אַנבייסען, און קוקט אין אַ ספר אַריין. נישט ווייט פון איהם זיצען און רעדען צווישען זיך שטיל די דיינים; עס איז גראַד קיין דין תורה נישט געווען. און נאָך אַביסעל ווייטער — די תלמידים, דעם „אורח־חיים'ס": איינער חזר'ט זיך איבער די נעכטיגע סוגיא, אַן אַנדערער קוקט זיך דורך דעם מהרש"א צו דער היינטיגער, אַ דריטער זאָגט זיך אַ לייענען.

אינמיטען דערהערט זיך פון גאַס אַ קול: „צדקה תציל ממות" און אַ קלונג מיט דער פּושקע. זאָגט מען „ברוך דיין אמת". מען ווייסט, וואָס עס באַטייט: נאָך פאַר שחרית האָט מען געגעבען צוויי קלעפּ אין טויער און געזאָגט, אַז יוחנן וואַסער־טרעגער איז נפטר געוואָרען אין הקדש.

ווערט אָבער דער „אורח־חיים" פאַרענדערט אויפ'ן פּנים, הייסט זיך דערלאַנגען דעם שטעקען מיט'ן ספּאָדיק, און זאָגט — ער געהט צו דער לויה.

מילא, אַז דער „אורח־חיים" געהט, געהען די דיינים אויך

מיט; נעמען די תּלמידים רשות און געהען אויך. און אַזוי — אַנ־דערע, וואָס זענען גראָד געוועזן אין קליינעם בית־המדרש׳ל. קומט מען אין גאַס אַריין. זעהען די גאַס־מענשען, ווער עס געהט, געהט מען מיט; פאַרמאַכט מען די קלייטען און מען געהט. קוקט עמיץ פון בית־המדרש דורך אַ פענסטער אַרויס און זעהט די לויה, איז ער מודיע דעם בית המדרש־עולם, פאַרמאַכט מען די גמרות און מען לויפט אַראָפּ צו דער לויה. הכּלל — די שטאָדט געהט, קינד און קייט געהט!

מען געהט און מען חדוש׳ט זיך: וואָס איז?

— דער נפטר איז געוועזן, ער זאָל אונז מוחל זיין, אַ פּשוט׳ער איד... אמת, געדאַווענט ותיקין; מנחה ומעריב — אין גרויסען בית־המדרש; דערנאָך אַרומגעטראָגען קאַלט וואַסער פאַר די לומדים. אַבער אַזאַ לויה?

געוועזן נאָך אַ תּהלים־זאָגער, אָבער די עברי זיינע! מען פלעגט זיך קוים איינהאַלטען פאַר געלעכטער... איינמאָל האָט איהם דער „וחלקלקות" בשום אופן נישט געקאָנט פון מויל אַרויס; האָט מען זיך געקייקעלט... אמת, דער „אורח חיים" איז געוועזן דערביי, ער איז אין כּעס געוואָרען און אַנגעשריען...

און וואָס נאָך? אַ נהנה מיגיע כּפּו; ביז אין דער לעצטער רגע קיין מתנת בשר ודם נישט גענומען — נו הכּלל?

און דער „אורח־חיים" געהט... איין גאַס, נאָך אַ גאַס... אַ ווינט און אַ גלימש, עס קיהלט אין אַלע אברים, און ער געהט אַרויס פון שטאָדט, לעגט די האַנט אויף אַ מטה־שטאַנג און פיהרט די מטה אויפ׳ן בית־החיים, געהט אַריין צו דער טהרה... נעמט ביים קבר אַז ביים לייער און העלפט אַראָפּלאָזען... נעמט אַרויס די לאָפּעטע פון אַ קברן׳ס האַנט און שיט אַ שאָל ערד, הערט אויס קדיש, זאָגט הויך „אָמן" — —

פאַרשטעהט מען, אַז עס איז נישט פּשוט!

און געוועזן איז דאָס דאָנערשטאָג. פרייטאָג איז פרייטאָג; דער עולם איז פאַרנומען, מען גרייט זיך צו לכבוד שבת; מען געהט אין מרחץ אַריין; נאָכ׳ן מרחץ געהען נאָך לייטישע בעלי־בתּים אויף אַ גלעזעל מעד. שבת איז שבת... געלויבט איז גאָט — מוצאי שבת, קוים דערלעבט, מאַכט דער זיידע, עליו השלום, געשווינד

אַף הבדלה, זאָגט אַף „ויתן לך“ און לויפט צום „אורח־חיים“. און קומען קומט ער צום „אורח־חיים“ נישט אַליין; אויפ'ן וועג האָבען זיך צו איהם מצרף געווען נאָך עטליכע בעלי־בתים, און לומדים... קומען זיי צום „אורח־חיים“ אין שטוב אריין, זאָגט ער נאָך „ויתן לך“, וואַרט מען. דערנאָך: „גוט וואָך, רבי!“ „גוט יאָהר, בעלי בתים!“ די רבי'צין איז מיט עפּעס וואָס מכבד. זעצט מען זיך צום טיש; די רבי'צין געהט זיך צו זיך אין שטוב אריין,— מילא, מען וועט דאָך נישט ארויס פון דער העלער הויט מיט'ן עצם־ענין — מאַכט מען פריהער אַ שמ:עס מכח דער קהלה. צי עס איז נישט אַ חשש אויפ'ן ערוב, דערפון איז מען ארויף אויף אַן עגונה, איבער וועלכע אַ וועלט מיט רבנים האָבען זיך דאַמאָלט געהאַמפּערט, וכדומה. און אַזוי ווי אַלע שמועסען ענדיגען זיך סוף כל סוף מיט'ן טויט, האָט מען שוין געקערעוועט צו דער זאַך.

איז דאָך דער אורח־חיים אַ קלוגער איד געווען, שמייכעלט ער: ער האָט באַלד געוואוסט נאָך וואָס זיי זענען געקומען...

זענען זיי זיך מודה: אמת — זאָגען זיי — אַזאַ מעשה נורא...

זאָגט זיי דער אורח־חיים:

— זייט וויסען, רבותי, אַז עס איז נפטר געוואָרען אַ איד, וואָס האָט געהאַט אַ חוש הריח צו דערקענען לומדי תורה, וואָס אַן אורח־חיים האָט עפּ נ י ש ט. און דערצו אַ איד, וואָס האָט מעהר גע'פועל'ט מיט דער האַק אין דער גראָבער האַנט, ווי דער אורח־חיים מיט די כונות אין מח...

גאַפט מען: מען האָט פון קיין פּתרון, פון קיין חלום נישט געוואוסט... דער אורח־חיים האָט גאָר קיינמאָל דערפון קיין וואָרט נישט גערעדט:

— עס איז געווען אַ סוד, — זאָגט דער אורח־חיים.

דער איד—זאָגט ער—האָט נישט געוואָלט נתגלה ווערען, און אַז עס איז געשעהן אַ מעשה, און ער האָט מיר געמוזט אַנטפּלעקען, האָט ער גענומען ביי מיר דאָס וואָרט, אַז בחייו וועל איך שווייגען.

נאָך איינער איז געווען דערביי, אויך להבדיל בין החיים והמתים, דער געוועזענער בית־דין־שמש. כאָטש ער איז געווען אין

דרויסען און האָט וועניג וואָס געזעהן, האָט ער געגעבען אַ תקיעת־כף, אַז ער וועט שווייגען, און האָט געהאַלטען וואָרט.

אָבער אַצינד, זאָגט דער „אורח־חיים“, איז אויס סוד, און אַז איהר ווילט, מהיכא תיתי.

מילא — שטעלט מען אויף מויל און אויערען.

---

— עס איז שוין דערינען — הויבט אַז דער אורח־חיים צו דערצעהלען — אַ יאָהר פינף־און־צוואַנציג. ער איז דאַמאָלט נאָר וואָס אָנגעקומען אין קהלה אריין.

נאָר וואָס אָנגעקומען, איז ער זיך מישב, ער וועט געהן צו מעריב אין גרויסען בית־המדרש אריין, זעהן ווי מען דאַווענט און לערענט אין גרויסען בית־המדרש.

קומט ער צו מעריב; געהט צו עפּעס אַ קרעמפּעל אידעל צום עמוד.

פרעגט ער, ווער עס איז? זאָגט מען איהם: איינער יוסל דבשה׳ס — אַ גאַנץ עהרליכער איד.

דאַווענט ער, דער יוסל דבשה׳ס, גאַלאָפּ — אַ מיהל מאַהלט...

אַרט עס איהם: אַ בעל־הבית, יאָגט ער זיך אַזוי צו דער וועטשערע... מן הסתם ווייסט ער, אַז מען קאָכט קליסקעלעך מיט באָבעלעך...

וויל ער שוין אָנקלאַפּען אין שטענדער: איז ער אָבער בטבע אַ רוהיגער, וואַרט ער; וואַרטענדיג דערהערט ער, אַז עס שטעקט עפּעס אין בעל־תפלה׳ס קול — ער כאַפּט, און דער קול כאַפּט אַז ביים הארץ...

שווייגט ער.

צו שמנה עשרה, דרעהט ער זיך איבער צו דער מזרח־וואַנט, זעהט ער „הבחור יחיאל בן דבשה לרפואה שלמה“, אויפגעשריבען מיט קרייד אויף דער וואַנט! פאַרשטעהט ער שוין, וואָס דער איד, געבער, יאָגט זיך! צום קראַנקען קינד.

איז ער זיך מחיה מיט זיין אַפּגעהיטקייט, און האָט זיך אין איינוועניג אַ הרהור תשובה אויף דברים שבלב. וואָרים אין הארצן האָט ער דאָך דעם איד, וואָס האָט זיך געאיילט צום קראַנקען!

קינד, חושד געווען, אז ער איז איבערגעגעבען דער שיסעל... קומט ער, דער אורח־חיים, צו „רפאנו ה׳ ונרפא" — איז ער זיך טאקע מתכון צו הבחור יחיאל בן דבשה... און האט, ברוך השם, גע־פועל׳ט! א שעת רצון.... נאך די אייגענע נאכט האט דער בחור געשוויצט, איז אריבער בשלום דעם קריזיס; דעם שוחט׳ס איידעם איז ער היינט; קאן לערנען...

נאך דער הקדמה, געהט דער אורח חיים איבער צום עיקר המעשה.

---

מען האט אפגעראווענט מעריב, אפגעזאגט רבנן־קדיש און דער שמש איז צוגעגאנגען צום ארון טיילען ליכטלעך. טיילט ער און טיילט, און קאן זיך ניט דערטיילען, אזא עולם, קיין עין הרע!

און דער עולם צוגעהט זיך אויף זיינע ערטער, זיצט שוין יעדער ביי זיין ליכטעל און פאר זיין גמרא אויפ׳ן שטענדער. הינטען ביים שלחן — א חברה ש״ס! ספאדיק ביי ספאדיק!

מיט איהם, דעם אורח־חיים, טאקע שטארק הנאה — ליכטלעך און פלעמלעך, ווי די שטערען אין הימעל; אויף כל תפוצות ישראל געזאגט! —

ווען דער רבונו של עולם וואלט אראפגעקוקט מיט נחת אויף אונזערע ליכטלעך אין די בתי מדרשים, ווי מיר קוקען צום הימעל ארויף מיט נחת צו זיינע ליכטלעך, וואלט גוט געווען.

און ווי ער זיצט און טראכט אזוי, קומט צו איהם צו דער שמש און פרעגט איהם, וואס פאר א ספר ער וויל. זאגט דער אורח־חיים „מועד"; ער האט דאמאלט עוסק געווען אין אן ענין פון „מועד"; געווען עפעס א שאלה פון א גדול הדור. שטעהען אין גרויסען בית־המדרש די ש״ס־גמרות הויך אויף דער שאנק איבער׳ן שלחן פון דער חברה ש״ס. האט דער אלטער שמש געמוזט מבטל זיין די לומדים, און נעמען און ארויפקריכען אויף א לייטער... און דער שמש איז אן אלטער איד... א בחור האט אפילו געוואלט ממלא מקומו זיין, ווייל ער אבער נישט, דער אלטער... האט שוין דער אורח־חיים חרטה, נאר פארפאלען; ער האט נישט געוואוסט, וואו די ש״ס גמרות שטעהען... דאך קוקט ער זיך דערווייל אום איבער׳ן בית־המדרש און הערט זיך צו צו די קולות: עס זשומט, און ברומט, און זינגט, אז עס ניגמט הויך.

מיט אמאָל דערזעהט ער, ווי אַ וואַסער־טרעגער (דערנאָך ערשט איז ער געוואָר געוואָרען, אַז ער הייסט יוחנן) געהט אַרום מיט אַ קאַן און טראָגט צו צו די שטענדערס קאַלט וואַסער. געפעלט איהם זיין התנהגות: אַז ער קומט צו צו אַ שטענדער, שטעלט ער זיך אָפּ, וואַרט ביז דער לומד־תורה וועט דערזעהן, און אויסשטרעקען די האַנט צו דער קוואַרט; מבטל זיין פון תורה וויל ער נישט... און ווער עס נעמט די קוואַרט, זעהט ער, שמייכעלט און מאַכט פאַר איהם הויך אַ ברכה. און יוחנן וואַסער־טרעגער ענטפערט מיט'ן גאַנצען האַרץ: אמן! זאָגט נאָך: אַ שעהנעם דאַנק! און קוקט אויפ'ן לומד־תורה מיט גרויס ליעבשאַפט. און געהט ווייטער...

ווערט דער אורח־חיים אַביסעל נתפעל פון דער התנהגות פון אַ פּראָסטען איד. פרעגט ער, ווער איז ער. זאָגט מען איהם, יוחנן וואַסער־טרעגער. גוט. קוקט ער אַזוי ווייטער, דערזעהט ער פון דעם איינענעם יוחנן וואַסער־טרעגער אַ משונה־ווילדע זאַך, וואָס קיינער האָט דאָס גאָר נישט באַמערקט. נישט ווייט פון אורח־חיים'ס אָרט, אויף דער מזרח־וואַנט, איז נעזעסען אַן אַ זייט איינער אַ בלאַסער יונגערמאַן, ציי אַ בחור, — שפעטער האָט זיך אויסגעוויזען אַ פּרוש, — איבער אַ קבלה־ספר זיצט ער. דער אורח־חיים האָט געהאָט זעהר אַ שאַרפע ראיה, און פון דערווייטענס האָט ער דערזעהן, אַז אויפ'ן אָפענעם בלאַט זענען אויסגעמאָלט ספירות. — עס איז אודאי געווען דער „עץ־חיים“. און צו דעם שטענדער, זעהט ער באַשיינפּערליך, ווי יוחנן וואַסער־טרעגער וויל צוגעהן מיט וואַסער, און קאָן נישט! וואָס ער געגעהנט זיך צום שטענדער, פאַלט ער צוריק, גלייך עפּעס וואָלט איהם אָפּגעשטויסען. יאַ אַ פּלאַ?! איז ער דאָך אָבער אַן אָפּגעהיטענער, דער אורח־חיים, וואַרט ער... ברענגט איהם דער שמש די גמרא „מועד“, פאַרהאַלט ער איהם, און פרעגט איהם אויפ'ן מקובל. זאָגט איהם דער שמש מיט אַביסעל גאוה: אַ, דאָס איז, רבי, אונזער פּרוש! אַ גרויסער מקובל, זיצט גאַנצע טעג און תעניתים, לערענט שטענדיג ביחידות... און שטילער גיט ער צו: וואוינען וואוינט ער אין עק שטאָדט, אין אַ חורבה... גאַנצע נעכט הערט מען פון חורבה אַרויס משונה'דיגע קולות און זמירות... אַפּנים, מען קומט צו איהם לערנען און זמירות זינגען...

וואס זאל ער טראכטען, דער אורח־חיים?

טראכט ער, אז בשעת'ן למוד איז דער פרוש אויף אזא הויכער מדרגה, אז דער פראסטער וואסער־טרעגער האט די זכיה נישט צו שטעהן אין זיינע ד' אמות, צו קומען אין זיין מחיצה אריין; שטויסט עס איהם אפ.

איז ער דאך א לב טוב, דער אורח־חיים, קריגט ער רחמנות אויפ'ן ארעמען איד, וואס וויל א מצוה טון, און קאן נישט. דאס איז איינס; און צווייטענס, וויל זיך דער אורח־חיים באקענען מיט'ן פרוש, איבעררעדען דערפון. איז ער דאך אבער מרא־דאתרא, וויל ער אנזאגען דעם פרוש דורכ'ן שמש, אז ער וויל מיט איהם רעדען... אבער ווי ער האט דאס נאר א טראכט געטאן, דערזעהט ער עפעס נייעס: יוחנן וואסער־טרעגער נעהט פארביי דעם פרוש'ס שטענדער, דער פרוש דערזעהט איהם, און שטרעקט אוים די האנט נאך דער קווארט, און הויבט די אויגען אויף מיט א בקשה צו א טרונק... און יוחנן וואסער־טרעגער דערשפירט עס, דרעהט ער זיך צו איהם צוריק אוים, וויל דערלאנגען די קווארט, און ווערט נאך אמאל ווי אפגעשטויסען, גיט א מאך אוועק מיט דער האנט, געהט זיך זיין וועגס, און דער פרוש בלייבט זיצען ווי דערשראקען.

דערווייל קומט אונטער אן אנדער וואסער־טרעגער, נאך א פשוט'ערער איד, וואס הערט נישט אוים קיין ברכה, ענטפערט נישט אמן, קוקט אויף די לומדי־תורה גאר אהן ליעבשאפט — א מענש מיט א מגושם פנים, טוט א מצוה אין פשטות אריין... און דער מגושמ'ער וואסער־טרעגער האט יא שליטה צום פרוש, עס שטויסט איהם נישט אפ; פארקעהרט, ער שטעלט זיך אפ, שטעלט אוועק די קאן, שפארט אן די האנט אויפ'ן שטענדער, רעדט עפעס צום פרוש, קענטיג, ער פרעגט איהם, צי ער וויל א טרונק וואסער, און דערלאנגט איהם. און דער פרוש איז דורשטיג, לויפט מיט'ן מויל אקעגען דער קווארט. דער אורח־חיים דערזעהט אפילו נישט, ווי ער מאכט די ברכה...

וואס, נאך מעהר וואונדער?

טראכט דער אורח־חיים, אז יוחנן וואסער־טרעגער מוז האבען עפעס א שנאה צום פרוש; האלט די שנאה צום פרוש מלחמה מיט'ן חשק צו טון א מצוה, און די שנאה פון עם־הארץ צום תלמיד חכם

איז גובר... און דאָס שטויסט איהם צוריק, דאַרף מען עס אמאָל חוקר ודורש זיין...

האָט אָבער אַן אורח־חיים וויכטיגערע ענינים אויפ׳ן קאָפּ, פאַרגעסט ער... איבער דער צייט מאַכט זיך אָבער ווידער אַ מעשה:

---

איינמאָל ערב ראש־חודש קומט דער אורח־חיים אביסעל צו־פריה צו יום־כפור־קטן אין שול אריין, איז די שול נאָך לעדיג. אין דער הויך, אין אָפענעם פענסטער, פישטשען פייגעלעך; אַ מחנה שיואַלבען פליהט אַרוים, אַן אַנדערע מחנה שוואַלבען קומט אַן. און אונטען אין שול, אין אַ ווינקעל ביים בעלעמער, שטעהט יוחנן וואַסער־טרעגער און זאָגט תהלים. געהט דער אורח־חיים פאַרביי — לא קם ולא זע — אַזוי פאַרטיפט איז ער אין תהלים. שטעלט ער זיך, דער „אורח־חיים", אָפּ נישט ווייט, הערט ער זיין עברי... וויל ער שוין שמייכלען... פּלוצלונג, דאַכט זיך איהם, אַז די ווערטער, וואָס קומען מיט די גרייזען פון יוחנן וואַסער־טרעגערס מויל אַרויס, זענען נישט קיין פּשוט׳ע ווערטער, נאָר לעבעדיגע ווערטער. עס פליהט זיך אין זיי אַ חיות... ווייטער דאַכט זיך איהם, אַז די ווערטער פליהען איהם פון מויל צום באַלקען אַרויף, און ריהרען זיך אַן אַן די אויסגעמאָלטע כלי־זמר פון דוד המלך׳ס „הללויה"... און די כלים, גלייך די ווערטער קלאַפּען אַן זיי, צי־טערען; דאָ רופט זיך אַן אַ פייקעל, דאָרט אַ פליט, אמאָל אַ סטרונע פון אַ פידעל, אָבער אַזוי שטיל, אַז נאָר דאָס אויער פון דער נשמה הערט... און פון דאָרט ערשט פליהען די ווערטער מיט שטילע קולות צו צום פענסטער, און אַ מחנה פייגעלעך פון דרויסען פלי־הען זיי אַקעגען מיט גרוים שמחה, און כאַפּען זיי אויף, און פלי־הען מיט זיי אַרוים, און צום הימעל אַרויף, און אַ נייע מחנה פייגעלעך קומט אַן אויף זייער אָרט. נאָך אַנדערע ווערטער, נאָך אַנדערע קולות...

צי האָט ער נישט קיין טעות? זיין אויער הערט אָבער די קולות!

קומט ער, דער אורח־חיים, נאָך יום כפור־קטן אַהיים, פרעגט ער די רבי׳צין, ווער עס טראָגט צו איהר וואַסער? ווייסט זי נישט. דאַרפסט דען וויסען? פרעגט זי.

זאגט ער: אודאי! אז איך פרעג, מן הסתם דארף איך וויסען.
לויפט די רבי'צין אין קיך אריין און קומט צוריק מיט א תשובה: איינער א יוחנן.
זאגט דער אורח־חיים:
— אז ער וועט קומען, זאל מען איהם שיקען צו מיר אין חדר אריין. ער האט מיט איהם וואס צו רעדען.
גאפט זי, די רבי'צין, נאר איבערפרעגען וועט זי נישט.
אין א פאר שעה ארום, דער אורח־חיים זיצט ביי זיך אין שטוב, הערט ער: עמיץ הוסט. קוקט ער זיך אום: יוחנן וואסער־טרעגער.
בעט ער איהם זיצען, וויל ער נישט.
זאגט ער: איך הייס! זעצט ער זיך אויף אן עק פון א בענקעל.
— יוחנן — הויבט אן דער „אורח־חיים“ — איך האב גע־הערט דיין תהלים־זאגען...
זיפצט יוחנן אפ.
— הלואי וואלט איך עברי געקאנט.
און ער זאגט עס אזוי ערנסט, אזוי פראסט, אז דער אורח־חיים מיינט שוין זיכער, אז ער האט א טעות געהאט. ווייסט ער שוין נישט, וואס צו טון מיט דעם יוחנן. דערמאנט ער זיך אבער די מעשה, מיט'ן פרוש, זאגט ער:
— יוחנן, וואס האסט דו אזוינס צום פרוש, וואס דו ווילסט איהם קיין וואסער נישט געבען?
ווערט יוחנן צורודערט, דאס פנים ווערט איהם ווייס ווי קאלך, און שווייגט:
פרעגט דער אורח־חיים נאך אמאל, ענטפערט יוחנן הייזעריג:
— רבי, איך דארף נישט זאגען... עס איז א סוד...
— און אז איך וועל הייסען?
ענטפערט יוחנן:
— וועל איך קיין ברירה נישט האבען!
זאגט דער אורח חיים:
— בין איך אויף דיר גוזר...
— מוז איך!
— זייט וויסען, רבי, — הויבט יוחנן אן צו דערצעהלען. —

אז זייז ליעבער נאָמען האָט מיך געלייטזעליגט מיט א חוש הריח, צו דערקענען א תלמיד חכם... איך אליין לערנען — קאָן נישט, נאָר א חוש הריח האָב איך און איך דערפיהל פון ווייטענס א תלמיד חכם, צי ער איז תוכו כברו...

— פון וואַנען קומט עס צו דיר?

— איך בין, זייט איך לעב, משמש תלמידי חכמים, דאָס איז מיין עבודות... האָב איך אבער מורא געהאַט, איך זאָל נישט נכשל ווערען אין א פאַלשען תלמיד חכם, האָב איך מתפלל געווען דער־רויף צו גאָט, און עס איז געווען אן עת רצון, און מען האָט מיר געגעבען א חוש, צו דערפיהלען דעם ריח פון דער תורה... פון דאַ־מאָלט אָן, אז איך געה פאַרביי א תלמיד חכם, דערפיהל איך זיין מדרגה. פאַראַן א תלמיד חכם, וואָס די תורה זיינע שמעקט מיט'ן ריח פון פריש ברויט פון אויווען אַרויס — דער לערענט אין פשטות אַריין... איז ער גרעסער במעלה, פיהל איך זיין תורה, ווי פרישע עפעל... טיילמאָל ווי בלומען אויפ'ן פעלד, טיילמאָל אויך — ווי פרישע בשמים...

— און ביים פרוש, וואָס פיהלסט דו, יוחנן?

— סמאָלע! ברענענדיגע סמאָלע פון גיהנום...

גלויבט נישט דער אורח־חיים; שווייגט ער.

און יוחנן זאָגט:

— רבי, עס איז אפשר גלייכער, אז איהר ווייסט, איהר זענט דאָך מרא דאתרא... און ווען איהר וועט מיך דאַרפען, וועל איך אייך קומען צו הילף!

גאַפט ער, דער „אורח־חיים“, און דער וואַסער־טרעגער נעמט ביי איהם רשות און געהט אַרויס.

„מען דאַרף חוקר ודורש זיין“ — זאָגט זיך צום צווייטען מאָל דער אורח־חיים און פאַרגעסט ווייטער.

---

איינמאָל דערמאָנט ער זיך דערינען, איז ער זיך מישב, ער וועט געהן אין גרויסען בית־המדרש אַריין נאָך מעריב און אויס־פרואווען. קומט ער, זיצט שוין דער עולם און לערענט, דער פרוש, ווי געוועהנליך, אויף זיין אָרט. געהט ער, דער אורח־חיים, אומישנע האַרט פאַרביי פאַר'ן פרוש, זעהט ער, ער איז עוסק אין קבלה

מעשות... ריהרט ער זיך אן אומישנע אפילו אז שטענדער — גאר נישט, ער פיהלט נישט...

באפאלט איהם אביסעל חולשות הרעת.

סטייטש? ער, דער „אורח־חיים" פיהלט נישט, און יוחנן וואסער־טרעגער פיהלט? ווי אזוי קאן דאס געמאלט זיין? קלערט ער ווייטער: עס מוז זיין א טעות...

זעצט ער זיך לערנען, לערנט זיך נישט. פארמאכט ער דעם ספר, געהט אהיים צו דער וועטשערע; עסט זיך נישט. וואשט ער זיך, עסט א כזית, פון ברכה וועגען, און בענשט... נעמט ער זיך אנשרייבען א תשובה; פיהלט ער, אז דער מח איז איהם נישט קלאר, אז ער איז נישט בקו הבריאה. גיט איהם די רבי'צין עפעס א היימישע רפואה; לייענט ער אפ „קריאת־שמע" און לעגט זיך אין בעט אריין. קוים ער שלאפט איין, אזוי קעגען האלבער נאכט חלומ'ט זיך איהם א שרעקליכער חלום.

עמיץ וועקט איהם, עפענט ער די אויגען אויף, שטעהט פאר איהם דער פאטער, עליו השלום, און זאגט איהם:

— דיין קהלה ברענט און דו פארלעשסט ניט דאס פייער!

און ווערט נעלם.

שפרינגט דער אורח־חיים פון בעט ארויס און לויפט צו צום פענסטער, זעהט ער, אז פון דערווייטענס, פון דער חורבה הינטער דער שטאדט, וואו עס וואוינט, לויט דער שמש האט איהם געזאגט, דער פרוש, רייסט זיך ארויס א פייער, א רויט־פלאמענדיג פייער, און ציהט זיך אין שטאדט אריין. קוקט ער ווייטער, זעהט ער, ווי איין פייערדיגע צונג לעקט דעם דאך פון שול און די צווייטע פון גרויסען בית־המדרש, און ארום איבער די דעכער פון די בעלי־בתים פליהען פונקען און עס דויערט אזוי א ווייל און ווערט פארשוואונדען.

ווערט ער, דער אורח־חיים, פארציטערט.

פארשטעהט ער, אז דאס איז אן התראה. אז אין דער חורבה מוז זיין א גרויסע זינד, אז ער איז מחויב עפעס צו טון; ווייסט ער אבער נישט וואס. דערמאנט ער זיך, אז יוחנן וואסער־טרעגער האט איהם געזאגט, אז ווען ער וועט איהם דארפען, וועט ער איהם קומען צו הילף. כאפט ער, דער „אורח־חיים", שטילערהייט, די רבי'צין זאל נישט הערען, אויף זיך די בגדים און געהט אויף די

נענעל אין דער ערשטער שטוב אריין, וואו דער בית־דין־שמש האט גענעכטיגט, און וועקט איהם, און פרעגט איהם, צי ער ווייסט נישט, וואו יוחנן וואסער־טרעגער וואוינט? מוז ער איהם דריי מאל איבער'חזר'ן, איידער דער בית־דין־שמש געטרויט זיינע אייגענע אויערען און אויגען... ער גלויבט נישט, דער „אורח־חיים" זאל האל־בע נאכט דארפען יוחנן וואסער־טרעגער, און שטעהט און רייבט זיך אלץ די אויגען. קוים מיט צרות איז ער צום גלויבען געקומען. און ער ווייסט, וואו ער וואוינט — געהען זיי ביידע ארויס אהן א לאמטערען, און אין גאס איז חשך, אז איינער זעהט נישט דעם צווייטען, און קוים, קוים זיי טרעפען, נאך מיה און מאטערניש, צו יוחנן וואסער־טרעגערס דירה. קומען זיי צו צום פענסטער און ווי־לען אנקלאפען, עפענט זיך דערווייל די טיר פון אינעווייניג און יוחנן קומט ארויס...

איך האב, זאגט ער, געווארט אויף אייך, רבי... שוין צייט צו פארלעשען דאס פייער.

זעהט דער אורח־חיים, ער ווייסט...

תוך כדי דבור שפאלט זיך דער וואלקען אין הימעל און עס באווייזט זיך א שטראל־ליכט, דערזעהט דער אורח־חיים, אז יוחנן געהט מיט א האק. פרעגט ער, וואס באטייט די האק? ענטפערט יוחנן, אז זי וועט צוניץ קומען.

געהען זיי צו צו דער חורבה, וואו דער פרוש וואוינט... קומען זיי צו נאהנט, דערפיהלען אלע דריי א ריח פון ברענענדיגער סמא־לע, וואס רייסט זיך פון דער חורבה ארויס. און וואס נעהנטער צו דער חורבה, ווערט דער ריח געדיכטער, ביז עס פארכאפט דעם אטעם... קומען זיי צו נאך נעהנטער, רייסען זיך ארויס פון דער חורבה משונה'דיגע קולות, קולות פון נשים, וואס זינגען, און פון כלי־זמר, וואס שפילען, און א טופען מיט די פיס פון טענץ, און אז מען קומט נאך נעהנטער צו — זעהט מען ווי פעדים פון ליכט שפארען זיך ארויס פון די שפאלטען...

הויבט אן דער בית־דין־שמש צו ציטערען אויפ'ן גאנצען לייב פאר שרעק. וויל איהם דער אורח־חיים מאכען א לב. זאגט ער איהם, האלט זיך אן ביי מיין גארטעל, ציטערן אבער אונטער'ן שמש די קני; פאלט ער אנידער אין מיטען גאס.

זאָגט יוחנן צום „אורח־חיים": רבי, לאָזט איהם ליגען און קומט אין חורבה אריין, מיר זאָלען, חס ושלום, נישט פארשפע־טיגען...

פרעגט דער „אורח־חיים", צי ער ווייסט, וואו די טיר איז

ענטפערט יוחנן: מיין חוש הריח וועט מיך פיהרען.

געהען זיי.

— און וואס וועל איך דארט טון? — פרעגט דער אורח־חיים שטיל.

זאָגט יוחנן: יעדערער זאָל טון זיינס. איהר, רבי, וועט מלחמה האַלטען מיט אייערע כונות אין מח, איך — מיט דער האַק! האַלט איהר נאָר די חברה פון דערווייטענס מיט השבעות; די רעשט פארלאָזט אייך אויף מיר...

און באותו הרגע עפענט ער די טיר אויף.

און זיי דערזעהען א חתונה.

די חורבה איז באלייכט.

אין דער הויך, און ארום אויף אלע ווענט, הענגען שארבענס פון מתים, און אין די לעכער פון מויל און אויגען ברענען פלעמלעך פון רויט פייער... אַן א זייט שטעהען שווארצע כלי־זמר און שפּי־לען אייף שווארצע כלים; און פון די שווארצע כלים פליהען ארויס די קולות מיט פייערדיגע צונגען צוזאַמען... און נאַקעטע נקבות, מיט קרענץ פון רויטען מאַן אויף די שווארצע קעפּ, און פייערדיגע גארטלען אויף די לענדען, טאַנצען ארום און אַרום א ראָד, און פון אונטער די בארוועסע פיס, ציגענע פיס מיט פאַדקאַוועס — שפּריצען פייערדיגע פונקען... און א מהומה פון פלאַמען שלאָגט זיי פון די אויגען, און פון די פייערדיגע גאַרטלען, און פון די מייד־לער צוזאַמען מיט'ן געזאַנג...

א בדחן שטעהט אויף און רופט: שבת! שבת! אז עס הילכט...

און אינמיטען ראָד געהט א כלה־טאַנץ...

אויף א ווייס טיכעל טאַנצט דער פרוש מיט לילית דער כלה—

ער זינגט: באי כלה, באי כלה, און ציהט איין צו זיך דאָס טיכעל. לילית לאַכט און זיי טאַנצען שוין האַנט אין האַנט — —

— שבת! שבת! — רייסט זיך דער בדחן. שטאַרקער הילכען

די כלים, ווילדער דרעהט זיך דאָס ראָד, שרעקליכער לויפען און וויקלען זיך די פלאַמען, און לילית וויל שוין פאַלען דעם פּרוש אויפ׳ן האָרץ אַרויף, באותו הרגע אָבער האָט מען דערשפּירט די געסט, די נישט־געבעטענע פרעמדע געסט, און מען איז פאַרצי־טערט געוואָרען.

עס ווערט אַ ליאַרם, אַ געשריי, אַ גערויש, אַ געקריצעריי מיט די ציין, דאָס ראָד צולאָזט זיך, אַלע מאַכען פויסטען און ווילען צולויפען צו די נישט־געבעטענע געסט...

נאָר דער אורח־חיים מיט זיינע כונות האַלט זיי פון ווייטען, מיט אויפגעהויבענע איינציגע פּיס אין דער לופטען שטעהען זיי אויף דער גרענעץ פון זיינע ד׳ אמות, און איבערטרעטען זיי קאָנען זיי נישט — זיי ווערען אַזוי ווי פאַרשטאַרט, ווי פאַרשטיינערט. נאָר אויסגעצויגען זענען די הענט, די ציין קריצען און אין די אויגען פלאַמט די שנאה — —

— צו הילף, צו הילף! — שרייט לילית אַרויס פון דערמיט.

און באותו הרגע הערט זיך אַ רעש, אַ געטומעל פון דרויסען... אַ שטורעם־ווינט האָט זיך פון ערגעץ אויסגעריסען און לויפט אַרום דער חורבה און זוכט, ווי אַרום זיך אַריינצורייסען אין איהר, און קאָן נישט... די גאַנצע חורבה ציטערט, אין שטורעם־ווינט הערען זיך טויזענטער געשרייען, — אַריינרייסען קאָן מען זיך אָבער נישט. דער „אורח־חיים“ האַלט אָפּ מיט זיינע כונות, מיט זיינע השבעות... און פול ווערט די חורבה מיט כונות און השבעות און דער שוואַרצער עולם שטיקט זיך אין דער לופט, מיילער עפענען זיך ברייט, רויטע צונגען שטעקען זיך אַרויס... און זיי טרעטען אָפּ, און רוקען זיך אין די ווינקעלעך אַריין, ווערען איינגעשרומפּען.

און באותו רגע כאַפּט יוחנן די האַק אין צילט מיט איהר, און וואַרפט און טרעפט לילית׳ן אין מיטען קאָפּ אַריין, און די האַק שפּאַלט זי איבער פון קאָפּ ביז אַראָפּ צו די פּיס — — —

און באותו הרגע פאַלט דער פּרוש מיט׳ן פּנים צו דער ערד... די ווינטען הערען אויף, די געשטאַלטען פאַרשווינדען, די כלים פּלאַצען, די לעמפּלעך לעשען זיך אויס, די שאַרבענס פאַלען אַראָפּ פון וואַנט און באַלקען און צופּאַלען אויף שטויב — שטיל... און אַ שוואַרצע בריאה מיט שוואַרצע פליגעל כאַפּט דעם ליגענדיגען

פרוש פון דער ערד, רייסט, פליהענדיג מיט איהם, אויף א פענס־טער, און ווערט מיט איהם נעלם...

דורך דעם פענסטער רייסט זיך אריין א פרישער פארטאג...

---

— אזוי, אזוי, רבותי! — זיפצט אפ דער „אורח־חיים“.

נעלם איז געווארען דער פאלשער פרוש; ווער ווייסט, אויב ער איז געקומען לקבורת ישראל. אין שטאדט האט מען געמיינט: ער איז געגאנגען אפריכטען גלות...

דעם בית־דין־שמש האבען מיר, יוחנן און איך, קוים דערמינ־טערט און אהיים געפיהרט — עס האט קיין בן אדם נישט גע־זעהן...

די רבי'צין האט פון גארנישט גע־וואוסט. זי האט נישט גע־זעהן, ווי איך בין ארויס און ווי איך בין געקומען... אין דער־פריה פרעגט זי מיך, וואס איך בין אזוי בלייך; מאר איך מיך נישט הערענדיג... אז יוחנן וויל, עס זאל בלייבען בסוד...

אצינד ווייסט איהר שוין, וואס אזא יוחנן קאן באטייטען?

אזא פראסטער איד האט א חוש הריח און פיהלט, וואס אן „אורח־חיים“ פיהלט נישט...

און ווען אן „אורח־חיים“ האט מחשבות, כונות, השבעות, האט דער פראסטער איד א יד, און א האק אין דער יד, און קלערט נישט, און ווארפט וואו מען דארף, און טרעפט...

און דאס אלץ מיט'ן כח פון א קאפיטעל תהלים...

איהר פארשטעהט?

און אז יוחנן וואסער־טרעגער קומט אויף יענער וועלט, ווער, מיינט איהר, קומט איהם אנטקעגען? דוד המלך מיט'ן פידעלע!

דאס האט מען מיר אין חלום בעוויזען...

אזוי האט דער אורח־חיים פארצעהלט.

## ב.

# „שמע ישראל“

אדער

# דער באס.

אין טאמאשאוו—א קליין פויליש שטעדטעל, וואס ליגט אויף דער גאליצישער גרענעץ — האט זיך אמאל, אין א שעהנעם העלען טאג, באוויזען א בחור, אן ארעמער בחור, וואס קיינער האט נישט געוואוסט, פון וואנען ער איז געקומען, וואו ער טאגט און וואו ער נעכטיגט, און וואס פלעגט זיך פון צייט צו צייט באווייזען און בעטען עסען.

מיקא „כל הפורש יד“ — ווער עס שטעלט אויס א האנט, דעם גיט מען. בפרט אז דער בחור נעמט נישט, נישט קיין פרוטות, נישט קיין מאכלים, נאר א שטיקעל טרוקען ברויט, איז דאך אודאי „אין בודקין למזונות — פרעגט מען נישט, ווער און וואס; עסען קומט יעדער לעבעדיגער נשמה. באמערקט מען אבער, אז עס איז א משונה׳דיגער בחור. אויגען האט ער, וואס קוקען, דאכט זיך, וויים־ווייט, און וואס אין די ד׳ אמות טוט זיך, זעהען זיי נישט; און מיט די לעפלעך פון די אויערען ריהרט ער שטענדיג, ווי אנ־דערע מיט די ברעמען איבער די אויגען. גלייך ער וואלט שטענדיג געכאפט קולות פון דער לופט; כאטש עס איז שטיל, ווי פאר שופר־בלאזען. און דעריבער, ווייל ער זעהט, מכלומר׳שט, אזוי ווייט און הערט אזוי ווייט, איז ער שטענדיג פאר׳חוש׳ט. אז מען גיט צו איהם א רעד, ווערט ער פארציטערט. גלייך מען וואלט איהם געוועקט פון יענער וועלט, און אז ער ענטפערט, ענטפערט ער אדער „יא“ צי „ניין“. אנים — פארפלאנטערט ער זיך אין די איינענע רעד. ווי אין נעץ; עס קומט איהם דער שוויים אויפ׳ן שטערן ארויס, און קאן זיך נישט ארויסארבייטען...

און פלעגט אמאל א בעל־הבית, צי א בעל הבית׳טע, וועלען זיך

באנוצען מיט'ן בחור און שיקען איהם א גאנג, פלעגט דער בחור פארלוירען ווערען אויף עטליכע טעג און קומען צוריק מיט א תשובה קאפויר, נישט געפלויגען, נישט געשטויגען. און נישט חלילה, פאר פוילקייט, נאר פאר פאר'חוש'טקייט.

— האסט געטראפען דעם און דעם? (צו וועלכען מען האט איהם געשיקט).

— ערשט היינט.

— און ביז אהער?

ווייזט זיך ארויס, אז ער איז ארויסגעגאנגען אין שליחות, האט ער אויפ'ן וועג געטראפען א מייזעל, האט דאס מייזעל גע־פישטשעט, עס האט אודאי נישט געקאנט טרעפען אהיים... דערנאך האט מען איהם צוגערופען פון דער הויף, עפעס א פויגעל, — איז ער נאכגעלאפען, וכדומה, און ער איז ערשט היינט געקומען, וואו מען דארף; און מען האט איהם וואס געזאגט—און דאס וואס מען האט איהם געזאגט, אדער ער האט פארגעסען, אדער באלד נישט פארשטאנען. אזוי קומט אלץ ארויס קאפויר, און ער שמייכעלט בתמימות, און שטרעקט אויס די דארע האנט נאך א שטיקעל ברויט — ער האט איבער דער גאנצער צייט אין מויל נישט געהאט.

---

אין אן ארעם שטעדטעל אהן עסקים, זומער־צייט, גרויסע לע־דיגע טעג, זיצען בעלי־בתים ביי די פענסטער און גענעצען, און קוקען ארויס אין מארק אריין, עס זאל זיך עפעס באווייזען, עס זאל זיין אן וואס זיך אנצוכאפען. שטעהט אזוי א בעל־הבית ביי א פענסטער, דערזעהט ער דעם פרעמדען ארעם־בחור, רופט ער איהם צו. ער האט נישט, וואס צו טון, שווין אלע פליגען אויסגעכאפט. וועט ער איהם חוקר ודרוש זיין.

— קום נאר, בחור, אין שטוב אריין.

שאקעלט דער ארעם־בחור מיט'ן קאפ אין דער ברייט; ער וויל נישט.

— פאר וואס?

— אזוי! — זאגט ער.

לאכט דער בעל־הבית און פוילט זיך נישט, און נעהט ארויס

צום בחור פֿאר דער טיר און זעצט זיך אויף דער שוועל, און הויבט אן.

— ווי הייסטו, בחור?

— ווי איך היים? — חזר'ט דער בחור איבער. — אברהם! דאכט זיך מיר, אברהם; יא — אברהם!

— דו ווייסט נישט אויף זיכער.

ער איז קיינמאל נישט זיכער. ווי קאן מען זיין זיכער? עס דאכט זיך אזוי פֿיעל.

קייכט דער בעל־הבית.

— און אויפ'ן צונאמען?

פֿון דעם ווייסט שוין דער בחור גארנישט. און ער פֿרעגט איבער בתמימות, צי מען דארף א צונאמען.

זאגט דער בעל־הבית:

— אודאי, עס קאן זיין א סך אברהם'ס, קאנען זיי זיך אויסמישען...

— נו, וואס איז?

— און וועמעס ביסט דו, בחור?

— דעם טאטענס.

— און ווי הייסט דיין טאטע?

— טאטע הייסט ער.

— און וואו וואוינט דיין טאטע?

— דא, וואו דיין טאטע וואוינט! — און דער בחור הויבט אויף א פֿינגער און ווייזט אין דער הויך ארויף צום הימעל.

— א שעהנע פּרי! — שמייכעלט דער בעל הבית, און פֿרעגט ווייטער:

— און קיין אנדערען טאטען האסטו נישט?

— ניין!

— און א מאמען?

— מען דארף דען?

קייקעלט זיך דער בעל־הבית פֿאר געלעכטער, און דער בחור פֿרעגט:

— מעג איך שוין געהן?

— באלד, באלד! — ענטפֿערט דער בעל־הבית, וואס שמעלצט

זיך פאר נחת, — און פון וואנעו קומסטו דו, חכם איינער?
— פון דארף!
— ווי הייסט דאס דארף? וואו ליגט עס?
דאס וויים ער נישט, דער בחור.
— ווייט פון דאנעו?
ער איז געגאנגעו און געגאנגעו, און געגאנגעו...
און דער בחור חזר'ט אזוי פיעל מאל איבער דאס ווארט „גע־גאנגעו", ביז די ליפעו ווערעו איהם מיד און ענדיגט: און נאך געגאנגעו!
— וויפיעל טעג און וויפיעל נעכט?
ער האט נישט געצעהלט.
פאלט איין דעם בעל־הבית צו פרעגעו:
— און דאוונעו קאנסטו?
דאוונעו? מוז איהם דער בעל־הבית פארטייטשעו, וואס מעו מיינט „דאוונעו", און נאך ניין מאס פון בעלי־בת'ישע רייד, שטויסט זיך דער בחור אן, אז ער מיינט: שמועסעו מיט'ן טאטעו.
— יא, יא! — זאגט דער בעל־הבית, און עס דאכט זיך איהם, אז די געדערים דרעהעו זיך איהם אום פאר געלעכטער.
ער קאן „שמע ישראל".
— ווער האט דיך געלערנט?
דערצעהלט דער בחור, אז געהענדיג, פון דארף דורכ'ן וואלד, אין שטאדט אריין, האט איהם געטראפעו זעהר אן אלטער מאן. האט איהם דער אלטער מאן געזאגט, ווער זיין טאטע איז. און האט איהם אויסגעלערענט רעדעו מיט'ן טאטעו, זאגעו „שמע ישראל". און כאטש ער פארשטעהט נישט, וואס ער רעדט צום טאטעו, זאגט אבער דער אלטער, אז דער טאטע פארשטעהט און האט הנאה דערפון!
— און ווען רעדסטו מיט'ן טאטען?
— צוויי מאל אין טאג.
און דערביי שפילט ער.
— דו שפילסט? אויף וואס?
— אויף וואס עס איז.
אין דארף פלעגט ער שפילען אויף גרעזלעך, אויף שאווער; נאך האט מען איהם אויסגעלערענט מאכען א הילצערען פייפערל,

האָט ער געשפּילט אויפ'ן הילצערנעם פייפערל... אין שטאָדט האָט מען איהם געשענקט אַ ליימען פייפערל, שפּילט ער דערויף...

— און מען זאָל דיר, למשל, געבען אַ פידעל?

פלאַמען אויף דעם בחור'ם אויגען: אי, וואָלט ער געוואָלט אַ פידעל, ווי די שטאָדטיגע כלי־זמר האָבען. בפרט אַזאַ גרויסע, גרויסע כלי, וואָס מען טראָגט אויף אַ רימען... אי, וואָלט ער גע־שפּילט — —

— נאַר, — טרייבט ווייטער קאַטאָוועם דער בעל־הבית'ישער חוקר ודורש — אפשר וועט מען דיר קויפען אַזאַ כלי, ווייז נאָר פריהער, וואָס דו קאָנסט!

נעמט דער בחור אַרויס פון בוזעם אַ ליימען פייפערל און פייפט.

ווי ער פייפט, ווערט אַ גערודער אונטער'ן הימעל, עס קומען זיך צולויפען מחנות פייגעל און פליהען אַרום אין דער הויך, און דער בחור קוקט אַרויף צו זיי און שמייכעלט און באַהאַלט צוריק דאָס פייפערל.

דער בעל־הבית האָט אָבער דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבען און דאָס אַלץ נישט געזעהן. צום קול פון פייפערל איז אַרויס פון שטוב די בעל־הבית'טע. הינטער איהר — די דינסט, צום פענסטער זע־נען צוגעקומען צוויי פּאָר־פּאָלק און קוקען אַרויס. ווייל דער בעל־הבית ווייזען זיין חריפות און פאָרשט ווייטער דעם בחור —

— און פון וואָס האָסט דו געלעבט אין וואַלד?

פון שוואָמען האָט ער געלעבט.

אַ, ער איז כאָטש אַ מבין אויף שוואָמען!

— און פריהער אין דאָרף?

פון וואָס מען האָט איהם געגעבען!

— ווער האָט דיר געגעבען?

אַ פּויער, אַ פּויערטע, אפילו דער גלח און דער קרעטשמער...

— און וואָס האָט מען דיר געגעבען?

און דער בעל־הבית האַלט איין דעם אָטעם; דאָ דאַרף אַרויס די נאָל פון זאַק.

און דער בחור ענטפערט בתמימות, אַז מען האָט איהם געגעב־ען, אַ קרויט, אַ באָרשט, אַ פלייש, אַ ברויט — נאָר געגעסען

האט ער נאר ברויט. — אנדער עסענוואַרג האט ער גענומען און געוואָרפען די פייגעל.

— און פאַרוואָס — נאָר ברויט?

ער האָט ליעב נאָר ברויט; אַנדערע מאכלים האָט ער פיינט.

וואָס ער עסט, האָט איהם געפרעגט דער אַלטער אין וואַלד אויך. און אַז ער האָט איהם דערצעהלט, אַז ער עסט נישט מעהר ווי ברויט, האָט דער אַלטער געזאָגט, אַז ער האָט איהם ליעב דער־פאַר; און האָט איהם דערפאַר אויסגעלערענט רעדען מיט'ן טאַ־טען. — און דעם אַלטען האָט ער אַזוי ליעב, אַזוי ליעב... און זאָ־גען זאָגט ער אַזוי ערנסט „שמע ישראל“, ווייל דער אַלטער האָט איהם געהייסען...

לאָזט איהם נאָך דער בעל־הבית נישט אָפּ און פרעגט:

— און ווען דער אַלטער זאָל דיך הייסען גנב'ענען?

וואָלט ער גע'גנב'עט.

— און גזל'ען?

וואָלט ער גע'גזל'ט...

נאָר ער וועט נישט הייסען, ער איז אַ גוטער, דער אַלטער.

— אָבער פאַרט, ווען ער קומט און הייסט דיר, הרג'ענען אַ מענשען?

וואָלט ער גע'הרג'עט.

— און וואָלסט נישט קיין מורא געהאַט פאַר'ן טאַטען?

פאַר וואָס זאָל ער מורא האָבען?

— פאַר זיין שטראָף.

דאָס ערשטע מאָל האָט זיך דעם בחור'ס פנים צושמייכעלט:

— איהר מאַכט חוזק; אַ טאַטע שטראָפט נישט!

דערווייל האָט מען געקלאַפּט אין שול אריין צו מנחה, איז דער בעל־הבית געלאָפען אין בית־המדרש אריין, דערצעהלען צווי־שען מנחה ומעריב, ווי קלוג ער האָט אויסגעפרעגט דעם בחור...

---

עס וואָלט, פאַרשטעהט זיך, געווען פאַר'ן שטעדטעל אַן עסק, ווען נישט, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אַן אַנדער מעשה.

די קהלה האָט געהאַט אַ קאַפּעליע: צוויי פידעל, אַ פליים, אַ קלאַרנעט, אַ „באַמציקצאַק“ אָדער אַ „קלאַפּטעלער“, ווי מען רופט

דאָס אין אַנדערע מקומות. און צום רומעל, ווי ־דער שטיינער איז,— אַ באָס. אַז אַרעמע קאַפּעליע, שפּילט אויף אידישע פאַרשפּילען און חתונות, מאַכט אַ פּאָר גראָשען פּורים און חנוכה. און טיילמאָל, אַז אַנדערע קאַפּעליעס זענען פאַרנומען, נעמט מען זיי צו קלענערע פּריצים אויף אַ באָל. קיין חריפות אין שפּילען האָט די קאַפּעליע נישט באַוויזען.

מאַכט זיך אַ מעשה; ווינטער־צייט, די קאַפּעליע גײט פאַר־טאָג צוריק פון אַ קליין פּריצ׳ישען באָל. אַ קאָפּ האָט מען גענומען. עסען ווי עס דאַרף צו זיין, האָט מען נישט געטאָרט. קוים פאַרבי־סען מיט אַ בראָקען ברויט, — גײט דער עולם צואַוואָרפען, האַלב־זינגענדיג, ברומענדיג, שילטענדיג, און דער באָס. וואָס טראָגט די שווערסטע כלי, שלעפּט זיך נאָך פון הינטען. קוים, קוים וואָס ער ציהט אויס־און־איין די פיס פון שניי, — אַז אַלטער מאַן געוועזען און אַ שוואַכער. רופט ער און שרייט, און בעט זיך, מען זאָל נישט אַנטלויפען פון איהם, הערט מען איהם „ווי דעם רב"; דער עולם גײט צואַוואָרפען. אינמיטען הויבט מען זיך אָן צו ווערטלען, צו שילטען, עס קומט זיי גאָר אויס אינמיטען וועג אַ סכסוך אין חשבון. און ניכטער, ווי געזאָגט, איז מען נישט... דערוויילע בייט זיך דאָס וועטער; עס גײט אַ יאָג אַז אַ פרישער שניי. מאַכט דער עולם פיס; ווערט מען אַביסעל אויסגעניכטערט און מען לויפט. קומט מען אין שטאָדט אַריין, כאַפּט זיך יעדערער צו זיין הייזעל. פאַלט יעדער איינער, ווי אַ הרוג, אויף זיין בעט — שלאָפען שלאָפט מען אָבער נישט לאַנג: דער באָס איז נישט אַהיים געקומען. און דאָס ווייב זיינס לויפט אַרום צו די כלי־זמר מיט אַ געוואַלד, רייסט זיי פון די בעטען אַרויס: וואו איז מיין מאַן? וואו איז מיין מאַן?

קוים די פאַר׳שכור׳טע פון בראַנפען און פון שלאָף קומען צו זיך און פאַרשטעהען, וואָס מען רעדט צו זיי, כאַפּט זיי אַז אַ שוי־דער. כאַפּט מען און מען לויפט אַרויס זוכען דעם באָס; קיין וועג, קיין שטעג — ווייסע, גלאַטע תכריכים — פריש אַנגעפאַלענער אומשולדיגער שניי, גײַה ווייס וואו דער באָס ליגט — —

קומט מען צוריק מיט גאָרנישט. איין האָפנונג איז נאָך, אפשר האָט ער, דער באָס, שכל געהאַט און אַראָפּגעכאַפּט זיך אין אַ דערפעל אַריין...

עס געהט אוועק א טאג און נאך א טאג, דער פראסט האט שוין נעלאזט, דער שניי איז האלב צוגאנגען; עס איז פרייטאג, דער עולם געהט, לכבוד שבת אין באד אריין, מען פרעגט זיך נאך אויפ׳ן באס און קיינער ווייסט קיין נייעס נישט. פלוצים קומט אן צופאהרען און שטעלט זיך אפ אינמיטען מארק א פויערשע פוהר מיט׳ן פארפרוירענעם, מיט׳ן באס... מען האט געכאפט דעם בר־מנן און געשווינד קובר געווען פאר ליכט־בענשען... מען האט מורא געהאט פאר פאלמעסען... מען איז שיער נישט אריינגעפאהרען אין שבת אריין. צומארגענס לאזט די אלמנה נישט אויסנעמען,—פינף קליינע ווערים האט ער איבערגעלאזט, דער באס. מוצאי־שבת איז אן אסיפה, מען רופט די כלי זמר. קהל האט קיין פונדוש נישט און וויל, די כלי זמר זאלען זיך באגעהן אהן א באס און צאהלען דער אלמנה; די כלי זמר טענה׳ן: לא כי! א קאפעליע אהן א באס איז קיין קאפעליע נישט,—אויף אידישע שמחות וואלט מען זיך, מיט קהל׳ס הרשאה, אפשר באגאנגען, נאר א פריץ וועט אהן א באס נישט אויסשטעלען קיין פוס צום טאנצען... טענה׳ט דער רב, אז מקיים צו זיין א נפש מישראל איז מעהר ווערט ווי א קאפעליע מיט א פריצ׳ישען טאנץ; טענה׳ן די כלי־זמר, אז דער רב, זאל ער זיי מוחל זיין, איז אין מוזיק־זאכען קיין בר הכי נישט. ווערט א געשריי — שקצים! —

ניט דערוויייל אונזער חוקר ודורש, דער בעל־הבית, וואס האט אזוי קלוג אויסגעפרעגט דעם בחור, א קלאפ אין טיש אריין:

— שאט, רבותים!

ער האט אן עצה. ער האט א בחור, וואס גלוסט צו א באס אין קאן אודאי שפילען... זאל מען דעם בחור חתונה מאכען מיט דער אלמנה, וועט זיין אי דער וואלף זאט, אי די ציג גאנץ, און קהל וועט א דרייער נישט קאסטען...

ער האט אפשר געמיינט אויף קאטאוועס, נאר קהל און רב פון איין זייט און די כלי־זמר פון דער צווייטער זייט האבען זיך אנגעכאפט אן דער עצה, ווי א טרינקענדיגער אן א ברעט; די אלמנה האט אויך באשטאנען, אברהם׳ל בחור אויך, און מען האט נאך דעם זעלבען חודש געשטעלט א חופה...

און אומגעריכט האט אברהם׳ל בחור באקומען א ווייב מיט פינף קינדערלעך מיט אמאל, און א באס מיט א סמיטשיק.

מיט'ן ווייב לעבט ער בשלום: ער קומט נישט אין שטוב אריין; נעכטיגט פאר דער טיר; דרעהט זיך גאנצע טעג ערגעץ ארום, אויסער, אז עס מאכט זיך א שמחה אין שטעדטעל אדער א באל ביי א פריץ און ער שפילט. ווערט ער הונגעריג, קלאפט ער אן צום ווייב אין פענסטער, דערלאנגט זי איהם ארויס א שטיק ברויט, ווערט ער דערמיט נעלם, ביז ער ווערט ווייטער הונגעריג... שכנות פרעגען די באסיכע ווענען שלום־בית, לאכט זי: עס איז איהר וואויל ווי די וועלט! וואס דארף אן אלטע אידענע? ער עסט נישט און טרינקט נישט, זאגט איהר נישט א שלעכט ווארט; חשבונות מיט דער קאפעליע האט זי, דעם חלק פארדינסט גיט מען א י ה ר אין האנט אריין... וואס פעהלט איהר?

און אברהם'לען, זעהט אויס, האט אויך נישט געפעהלט. אין דער התחלה האט ער געהאט צרות פון די כלי־זמר, ווייל ער פלעגט קיינמאל נישט איינטרעפען אין נגון אריין; דער באס שפילט פאר זיך... זיי הערען שוין אויף צו שפילען, און אברהם'ל טוט זיך ווייטער זיינס בשלמות, גלייך ער וואלט אונטערגעהאלפען גאר אן אנדער קאפעליע. וואס שפילט ערגעץ ווייט, ווייט, און קיינער הערט נים, נאר ער אליין. נאר מיט דער צייט האט מען זיך צו איהם צוגעוואוינט... ביי א פריץ האט מען שוין געוואוסט, וואס צו טון. אז דער נגון האט זיך געדארפט ענדיגען, האט איהם איינער פון די כלי־זמרים אנגעכאפט ביים סמיק און צינעהאלטען, — און אויף אידישע חתונות האט מען איהם אומישנע געלאזט ווייטער שפילען און דער עולם פלעגט פלאצען פאר געלעכטער; מען פלעגט דערמיט נאר שטארק משמח זיין דעם עולם, בפרט ביי דער גרוי־סער וועטשערע צום טיש!

און קהל איז אודאי צופרידען געווען פון אברהם'לען, שטיל און ציכטיג, זיצט ער שטענדיג אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צו א וואנט און מיט די פלייצעס צום עולם, ער זאל קיין נקבות נישט זעהן... נעמען אין מויל אריין אויף א חתונה פלעגט ער בשום אופן נישט; ער האט מיט זיך זיין שטיקעל ברויט. מען זעהט אפילו נישט, ווען ער עסט. און א גאנץ געהענדיג יאהר קאן מען יוצא זיין מיט איהם פאר א שול־קלאפער; ווארים א מנהג האט ער געהאט, דער אברהם'ל, אז דריי מאל אין טאג פלעגט ער זאגען „שמע ישראל" אויפ'ן באס. אין דערפריה, ווען די זון האט אויס־

געשיינט, פּאַרנאַכט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, און צו חצות... אין דערפריה און פאַרנאַכט פלעגט ער עס טון ביים וואַסער אויף דער לאַנקע הינטער דער שטאָדט, און צו חצות — אינמיטען מאַרק. און די קולות פון זיין באַס פלעגען זיך צושווימען אין דער שטילער מוטער־נאַכט און אריינרייסען זיך דורך טירטויער און לאַדען אין די שטובען, אין די הערצער אריין... און אין די קולות האָט געשטעקט אַזאַ ערנסט־כונה'דיג תמימות. אַז ווען דער שוהל־האַמער האָט נישט געוועקט, דער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון באַס, פון די קולות: בו, בו, בוהה, בוהה.... און אידען פלעגען זיך, נישט ווילענדיג, אַרויסרייסען פון די בעטען לעבודת הבורא, אָנצינדען ליכט און לויפען צו חצות.

אַ פריץ פלעגט אַמאָל אָפּלאָזען אַ פריצה אינמיטען טאַנץ אוּ צולויפען צו אברהם'לען און אויסרייסען איהם אַ פּאָה פאַר ז שלעכטען אריינפּאַהרען אין נגון; קהל האָט אויף שמחות פו אברהם'לען געלאַכט, און אַ גאַנץ געהענדיג יאָהר, אויפכאַפּענדי זיך פון זיין באַס צו חצות, — אָפּזיפצען:

— נעבעך, אַ תם, נאָר אין זיינע קולות שטעקט עפּעס. עס מוז עפּעס שטעקען.

אַנדערע האָבען געזאָגט:

— נעבעך, אַ שטומע נשמה, וויל רעדען מיט'ן בורא און האָט קיין אַנדער לשון נישט.

---

איינמאָל האָט זיך אין טאָמאַשאָוו געמאַכט אַ גרויסע חתונה. אַזאַ חתונה טרעפט זיך אַמאָל אין אַ יובל!

אַ שפּאַס! עס האָט זיך משדך געווען דער לובלינער פּרנס מיט'ן קראַקאָווער רב, און טאָמאַשאָוו איז אינמיטען וועג!

וויל דער לובלינער פּרנס מהנה זיין דעם קראַקאָווער רב מיט אַ חתונה — ער זאָל וויסען, מיט וועמען ער האָט צו טון.

הייסט ער אַרויסקייקלען פון קעלער אַ פעסעל רענדלעך אויף הוצאות החתונה; שיקט ער אַראָפּ סאַרווערס קיין טאָמאַשאָוו, מען זאָל אַלץ אָנגרייטען כיד המלך — ווי עס פּאַסט פאַר אַ לובלינער גביר אַ פּרנס, וואָס האָט זוכה געווען צו טון מיט'ן קראַקאָווער רב!

קומען די לובלינער סאַרווערס קיין טאָמאַשאָוו און זוכען זודם כל אויס אַן אָרט פאַר דער חתונה: עס וועלען זיין לובלינער, קראַקאָווער און אַ היימישער — טאָמאַשאָווער עולם! עס וועלען קומען גבירים, בעלי־בתים, מיוחסים, לומדי תורה, רבנים און דינים...

און דריי קאַפּעליעס וועלען שפּילען. די לובלינער, די קראַקאָווער און די טאָמאַשאָווער קאַפּעליע וויל אויך נישט אָפּטרעטען.

שטענדיג שטעהט, כמעט שוין הינטער דער שטאָדט, אַ שאַפּע אַ גרויסע, וואו עס האָט זיך איבער'ן ווינטער געטריקענט סוחר'יש האָלץ, וואָס איז שוין היינט ביי דער ווייקסעל, צו שווימען קיין דאַנציג, דינגען די סאַרווערס אָפּ אויפ'ן גביר'ס חשבון די שאַפּע — אַ תיבה אַ גאַנצע, און לאָזען זי אויסמאָלען פון אויסענווייניג מיט אַלערליי בילדער, און הענגען זי אינעווייניג אויס, ווי אַ סוכה, מיט טייערע יריעות — געשפּונענע פאָרהאַנגען, און מען שטעלט טי־שען פון עק תיבה צום עק תיבה, פאַר מענער באַזונדער און פאַר ווייבער באַזונדער, און די ווענט באַהענגט מען מיט העסעס און פאַפּירענע לאָמטערנעס — אַ רחבות פאַר פיערציג מנינים. און אַן אַריינגאַנג, באַזונדער פאַר ווייבער, באַזונדער פאַר סאַרווערס, עקסטראַ פאַר די כלי־זמר, און אַ גרויסער טייער אין דער מיט, מיט אַן אויסגעמאָלטען כתר־תורה אין דער הויך פאַר'ן קראַקאָ־ווער רב און אַנדערע געסט...

און דער טאָג פון דער חתונה איז געקומען, געסט קומען נאָך אַלץ און קומען, מען צושטעלט זיי ביי בעלי־בתים אין די הייזער, יעדערער האָלט זיך עס פאַר'ן גרעסטען כבוד און טרעט אָפּ די שענסטע שטוב. און אַז מען זעצט זיך צו דער גרויסער וועטשערע ביי די טישען, און אַז עס צוברענען זיך די ליכט אויף די טישען אין שבת'ניקעס און אויף די ווענט אין העסעס און פאַפּירענע לאָמטערנעס, און עס צופינקלען זיך ביי די ווייבער די אוירינגלעך מיט די שטערנטיכלעך און ברוסט־טיכער — איז די שאַפּע פול געוואָרען מיט ליכט פון דער תורה — קראַקאָווער און לובלינער לומדים; טאָמאַשאָווער אין דערמיט... אויבען־אַן דער קראַקאָווער רב.

געהען אַ שורה סאַרווערס מיט גרויסע טעלער פיש, הויבען אַן קלינגען זילבערנע גאָפּל־מעסער, מישט זיך אויס מיט'ן פרעהלי־

כען ושומען פון די ווייבער ביי זייער טיש, — שווימט איבער אלעם א שמועס פון תורהביים קראקאווער רב'ס טיש — פאלט אבער אינמיטען אריין די מוזיק מיט א פרעהליכס... דריי קאַפּעליעס, עס הילכט, עס ציטערען פאר פרייד די פלעמלעך אויפ'ן טיש, ארום אויף די ווענט, שפּארט זיך אן דער קראקאווער רב אויפ'ן אנלעהן און שעפּט נחת, א גרויסער מבין געווען אויף מוזיק...

און פון „פרעהליכס" געהען די קאפּעליעס איבער אויף א „וואלאך", פּשוט איבערגעשוואומען, מען האט דעם איבערגאנג נישט געפיהלט — עס שווימט, עס פליסט א „וואלאך" — א קראַקאווער פידעל שפּילט, רעדט דבורים, שליסט אויף די הערצער און גיסט זיך אריין... און דריי קאפּעליעס האלטען שטיל און ציכטיג אונטער... און עס דאכט זיך, א וואסער פליסט, א ווייקסעל האט זיך אויסגעגאסען גלענצענדיג, און וויגט זיך שטיל, און ברומט, און ציטערט לכבוד דעם חתן מיט דער כלה און לכבוד דעם קראקאווער רב מיט די טייערע געסט, און איבער'ן וואסער פליהט ארום, הפלא ופלא, א פויגעל און שפּילט, און שפּילט אזוי זיס־חנ'ודיג־וויינענדיג — א שטילע „יעלה" נאך א „יעלה" און אינמיטען אויסגעשרייען, לוסטיגע, פרעהליכע, געהויבענע — און ווייטער אראפּ צו א „יעלה" — עס איז טאקע א שמחה, נאר מען טאר אין גלות נישט פארגעסען אן גלות השכינה — און ווייטער אן אויסגעשריי פון שמחה: פּארט אזא חתונה, א קבוץ פון לומדים, און דער קראַקאווער רב בראש (א לובלינער חזן האט עס אויסגעשטעלט), און די קאפּעליע ווערט פלוצלונג ווי מיטגעריסען, אלע כלים שפּילען, הויך, הויך, ארויף, ארויף, גלייך מען קלעטערט מיט גרוים שמחה ארויף פון א מדרגה צו א מדרגה, עס רוישט, עס טאנצט, עס בליצט —

און פלוצלונג ווערט אלץ אפּגעריסען מיט אמאל, גלייך אלע סטרונעס און אלע כלים וואלטען געפּלאצט — שטיל, נאר אין דער שטילקייט הערט זיך: בו, בו, בוהה... איין אברהם'ל שפּילט ווייטער, אלע אויגען ווענדען זיך צו זיינע פּלייצעס, — שטיל, קיינער ריהרט מיט קיין ברעם נישט, נאר אברהם'לס האנט ריהרט זיך, ציהט זיך אויס, ציהט זיך איין מיט'ן סמיטשיק:

— בו, בו, בוה, בוהה...

דאָס האָבען די כלי־זמר אומישנע געטאָן, משמח צו זיין דעם עולם אויף אברהם׳לם חשבון...

עס איז זיי אָבער נישט געראָטען...

---

די כלי־זמר קוקען און וואַרטען, דער עולם זאָל ארויספּלאַצען מיט א געלעכטער, נאָר דער עולם קוקט אויף אברהם׳לען און פיהרט איבער די אויגען צום קראָקאָווער רב; מען וועט אין זיין געגענוואַרט נישט לאַכען; די פּנים׳ער רונצלען זיך, די ליפּען קריי־מען זיך אויס, פון די אויגען שפּאַרט ארויס דאָס געלעכטער, נאָר מען קוקט אויפ׳ן קראָקאָווער רב און מען וואַרט, און דער קראָ־קאָווער רב זיצט אנגעשפּאַרט מיט׳ן שטריימעל אויף דעם אנלעהן פון שטול און די ברעמען זענען אראָפּגעלאָזט איבער די אויגען— צי האָט ער נישט איינגעדרעמעלט, דער קראָקאָווער רב?

און דער באַס שפּילט נאָך אַלץ:

— בו, בו, בוה, בוהה...

אומהיימליך ווערט דעם עולם.

פּלוצלונג ווענדען אַלע די אויגען אָפּ פון קראָקאָווער רב צו דער מיטעלסטער טיר. עס הערט זיך פון הינטער דער טיר א גע־רויש, טריט הערען זיך, סאַרוועַרס לויפען צו, עפענען און רופען דערשראָקען ארויס:

— ניין, ניין; עס וועט זיין פאַר אייך אַ ארעמע וועטשערע...

פאַרשטעהט מען, אָרעמע לייט ווילען אריינקומען, דער קראָ־קאָווער רב עפענט די אויגען אויף און וויל עפּעס זאָגען, מן הסתם, מען זאָל אריינלאָזען, ווי דען?

נאָר באותו הרגע באַווייזט זיך אין טיר אַן אַלטער מאַן אין א צוריסענעם ספּאָדעק, מיט צושויבערטע, גרויע באָרד און פּאות, א בעטלער, ווי אַלע בעטלער. נאָר מיט אויגען, וואָס קוקען מיט דער גדולה פון א מלכות, מיט א תנועה פון דער האַנט פון א מלכות— סאַרוועַרס דערשרעקען זיך און רוקען זיך אָפּ פאַר זיין בליק, נישט ווילענדיג, מיט גרוים דרך־ארץ; ער מאַכט מיט דער האַנט — און זיי מאַכען איהם, נישט ווילענדיג, א וואַרע, — דער אַלטער, אנגע־

טאַן און בגדי קבצן שבקבצנים און מיט אויגען און תנועות פון
אַ מלך, קומט אַריין, הינטער איהם געהט אַ חברה בעטלער. און
דער אַלטער קומט אינמיטען שאַפּע אַריין, און שטעלט זיך אַפּ,
הינטער איהם שטעלט זיך אַפּ די גאַנצע חברה קבצנים — אַלע
קוקען פאַרבליפט און שווייגען, דער קראָקאָווער רב אויך, נאָר
אברהם׳ל טוט זיך זיינס, די איבערגעבויגענע פּלייצע, זעהט מען,
ציטערט, די האַנט פיהרט אויף און אַפּ דעם סמיטשיק; און דער
באַס קרעכצט האַרציג און ערנסט:

— בו, בו, בוהה, בוההה...

---

און דער אַלטער מלך אין בגדי קבצנים עפענט נאָך אַ ווײַלע
דאַס מויל — די געסט בויגען זיך איבער׳ן טיש פון פאַרענט, פון
אַנדערע טישען שפּרינגט מען פּלוצלונג, גאָר אַהן אַ שום גערויש,
אויף די נעגעל — מען ווערט צוגעצויגען צום אַלטענס מויל, ווי
אַ מאַגנעט, אַלע אויגען בלייבען הענגען אויף זיינע ליפּען —

און דער אַלטער זאָגט איין וואָרט: חצות!

— קראָקאָווער רב, — מאַכט ער ווייטער, — אברהם׳ל שפּילט
צו חצות... איהר גלויבט נישט, קראָקאָווער רב, וועט איהר הער־
רען... איהר זאָלט זוכה זיין צו הערען, ווי אברהם׳ל שפּילט צו
חצות, איז אייך באַשערט געווען צו טון מיט׳ן לובלינער פּרנס,
טאַמאַשאָוו זאָל זיין אינמיטען וועג... און אייך צוליעב וועלען
אַלע הערען, נאָר נישט אַלע אַזוי ווי איהר! איהר זענט אַ מבין
אויף מוזיק...

— בו, בו, בוה, בוהה — שפּילט זיך אברהם׳ל זיינס — און
דער עולם שווייגט פאַרגאַפט, ווי פאַר׳כשופ׳ט. און דער אַלטער
בעטלער הויבט אויף די רעכטע האַנט און גיט אַ צייכען צום בע־
ליק, נעמט דער בעליק און שפּאַלט זיך, און לעגט זיך אויס, איין
העלפט רעכטס, די צווייטע לינקס, ווי פליגעל פון אַ סוכה.

און עס באַווייזט זיך דער הימעל, אַן אויסגעשטערנטער,
אויסגעפינקעלטער הימעל. איבער דער עפענונג פון דער שאַפּע
שווימט שטיל דורך די לבנה... שטיל איז זי אַריבערגעשוואומען.
און אַזוי ווי זי איז אַריבערגעשוואומען, גיט דער אַלטער בעטלער

נאָך אמאָל א מאָך ארויף מיט דער האַנט, שפּאַלט זיך דער הי־מעל — שווימט אין דער הויך א רחבות פון סאַמעראַדנער ציטער־דיגער ליכטיגקייט, און אין דער ליכטיגקייט, וואָס ציטערט און וויגט זיך, הערט זיך זינגען און שפּילען, די פמליא של מעלה זאָגט חצות, מלאכים־משוררים זינגען, קאַפּעליעס־מלאכים שפּילען, און אַלע שפּילען איין נגון און אברהם׳ל באַס פּאַסט צו צום נגון, שווימט מיט אין זמר פון דער ליכטיגקייט, וואָס וויגט זיך און הויבט און ציטערט אין דער הויך — —

און פאַרציטערט בלייבט דער עולם...

---

און נאָך א וואונק ארויף גיט דער אַלטער, און דער הימעל שליסט זיך. אויפגעהערט האָט די מוזיק, שטערענדלעך שווימען און פינקלען, ציטערענדיג, ווי פון שטילען, טרויעריגען נחת — —

און נאָך א וואונק טוט דער אַלטער און ביידע העלפטען פון דאַך איבער דער שאַפע פאַלען צוריק צו און פאַרשליסען און באַ־העפטען זיך — פאַרשטיינערט זיצט דער עולם, קוים מען אטעמט, און עס הערט זיך צוריק אברהם׳לם באַס.

— בו, בוה, בוההה...

און פּלוצלונג פאַלט דער סמיטשיק מיט׳ן באַס פון אברהם׳לס האַנט ארויס, ער שטעלט זיך אוועק, דרעהט זיך איבער צום עולם און הויבט אן: שמע ישראל! און זאָגט עס מיט דערזעלבער נגינה, מיט וועלכער ער האָט געשפּילט אין הימעל... און ער האָט גערענדיגט און איז געפאַלען חלשות —

דער אַלטער האָט איהם אין דער לופטען געכאַפּט...

— טראָגט איהם אין הקדש אריין! — האָט ער געגעבען די סאַרווערס א באַפעהל...

און זיי האָבען איהם גענומען און ארויסגעטראָגען...

— קראָקאָווער רב, — רופט זיך אן דער אַלטער, אז מען האָט שוין אברהם׳לען ארויסגעטראָגען — נישט אויף א חתונה זענט איהר געקומען, נאָר אויף א לויה. אברהם׳ל איז נתבקש געוואָרען צו דער פמליא של מעלה, עס האָט דאָרט א באַס געפעהלט...

און דער אַלטער איז נעלם געוואָרען מיט אַלע קבצנים...

וכך הוה.

אברהם׳ל באָס איז דעם צווייטען טאָג אין בית־המדרש נפטר געוואָרען און דער קראָקאָווער רב מיט אַלע געסט זענען געווען אויף זיין לויה, און דער אַלטער, זאָגט מען, איז געווען ר׳ לייב שרה׳ס...

אַ כבֿרא איז עס...

ג

# נסים אויפ'ן ים.

אין דער מדינה האלאנד, אין א האלב איינגעזונקענע הייזעל ביים ברעג פון ים, האט געוואוינט אויך א שטומע נשמה — א אידישער פישער מיט'ן נאמען „סאטיע“. אפשר נאך אן עלטער־זיידען סעדיה; נאר פון דעם האט ער נישט געוואוסט, ער האט בכלל זעהר ווייניג געוואוסט פון אידישקייט. פון אבות אבותיו א פישער, פארברענגט טעג און יאהרען אויפ'ן ים, געלעבט — איין איינציגע אידישע משפחה צווישען נים־אידען. וואס זאל ער ווי־סען? סאטיע כאפט פיש, דאס ווייב זיינס שטריקט נעצען און פיהרט די שטוב, די קליינע קינדער וואלגערען זיך אין זאמד און זוכען בורשטין... און אז סאטיע געהט אויפ'ן ים און עס מאכט זיך א שטורעם־ווינט, עס ווערט סכנות נפשות, האט — נישט ער אויפ'ן ים, נישט דאס הויזגעזינד אין שטוב, נישט געקאנט אפילו קיין שמע ישראל מתפלל זיין... האט סאטיע געקוקט שטום אין הימעל אריין; דאס ווייב זיינס שלאגט זיך אין קאפ אריין, אדער שליידערט נאך אפשר א בייזען בליק צום בייזען, פינסטערען הימעל ארויף, און די קינדער ווארפען זיך אויפ'ן זאמד און רופען גלייך מיט אנדערע קינדער: סאנטא מאריא, סאנטא מאריא!

און פון וואנען האבען זיי געזאלט וויסען מעהר? צופוס געהן אין קהלה אריין — איז ווייט, פאהרען האט די ארעמע פאמיליע, וואס האט קוים פרנסה געהאט, נישט געקאנט, און, אחוץ דעם, לאזט דער ים נישט אוועק. סאטיע'ס פאטער, סאטיע'ס זיידע און עלטער־זיידע זענען אומגעקומען אויפ'ן ים, נאר אזא כח האט ער שוין, דער ים: ער איז דעם מענשענס געפעהרליכסטער שונא, און גאנץ אפט א פאלשער שונא, און — ליעב האט מען איהם, און ציהען ווערט מען צוגעצויגען צו איהם ווי מיט צוואנגען... און

מען קאן זיך פון איהם נישט אפרייסען, ווייל מען לעבען אויף איהם און אונטערגעהן אין איהם...

---

נאר איין אידישער מנהג איז אין דער משפחה געבליבען— יום־כפור!

ערב יום־כפור אין דערפריה האט מען אויסגעקליבען דעם גרעסטען פיש, און די גאנצע משפחה איז געגאנגען מיט'ן פיש אין שטאדט אריין, און אפגעגעבען האט מען דעם פיש דעם קהל'־שען שוחט, ביי וועלכען מען פלעגט פארפאסטען און עסען נאכ'ן תענית.

איבער'ן מעת־לעת פלעגט די משפחה זיצען אין האלענדישען מקום־קדוש, צוהערען זיך ווי דער כאר זינגט, ווי דער ארגעל שפילט, ווי דער חזן זאגט אויף זיין אופן און שטייגער... פאר־שטאנען א ווארט האט מען נ י ש ט. געקוקט האט מען נאר צום ארון־קודש, צום פרעדיגער אין דער גאלדענער יארמולקע. האט זיך די גאלדענע יארמולקע אויפגעהויבען, האט מען זיך אויך אויפ־געשטעלט; האט זיך די גאלדענע יארמולקע אראפגעלאזט, האט מען זיך צוריק געזעצט. טיילמאל פלעגט סאטיע פאר מידקייט איינדרימלען, האט איהם א שכן מיט אן עלענבויגען צום אויפ־שטעהן געוועקט...

אט דאס איז געוועזן דער גאנצער יום־כפור. אז עס איז א יום־הדין, אז א פיש אין וואסער ציטערט, און וואס אין הימעל טוט זיך, — פון דעם האט סאטיע נישט געוואוסט. עס איז ביי איהם א מנהג געוועזן, יום־כפור צו הערען כאר און ארגעל א ו מ ג ע ג ע־ס ע ן, און אז נאך „נעילה“ (ער האט אפילו נישט געוואוסט, אז עס הייסט „נעילה“) געהט מען צום שוחט אויף וועטשערע... אסך מעהר האט דער שוחט אליין אפשר אויך נישט געוואוסט — האַ־לאנד!

און באלד נאכ'ן שווארצען קאפע, פלעגט סאטיע מיט'ן ווייב און מיט די קינדערלעך זיך אויפהויבען, געזעגענען זיך מיט'ן שוחט און זיין הויזגעזינד, און אנווינשעווען זיך, און אוועקגעהן און וואנדערען א גאנצע נאכט צום ים. נישט „אהיים“ פלעגט מען זא־גען, נאר — „צום ים“.

און אויפהאַלטען לאָזט מען זיך נישט.

— סטייטש, — טענה'ט דער שוחט מיט דער שוחט'קע: — איהר האָט דאָך אפילו די שטאָדט נישט געזעהן.

פאַרקרימט זיך סאַטיע:

— די שטאָדט!

קיין בעל־דברן איז סאַטיע נישט; דער ים לערענט שווייגען. נאָר די שטאָדט האָט ער פיינט. ענג. אהן לופט און אהן הימעל. אַ פּאַסיקעל צווישען דאָך און דאָך... אויפ'ן ים אָבער — אַ רחבות... עס אָטעמט זיך...

— עס איז דאָך אייער שונא... אייער טויט! — טענה'ט מען צו איהם.

— אָבער אַ גוטער טויט!

ער וויל האָבען זיין פאָטערס און זיין זיידענס סוף — איינגעשלונגען ווערען געזונטערהייט פון ים, נישט קרענקען און גוסס'ען אַ צייט לאַנג אויף אַ בעט... הערען ווי מען וויינט... און דערנאָך באַגראָבען ווערען... אין דער האַרטער ערד... ברר!

קאַלט ווערט איהם, אז ער דערמאָנט זיך פון אַזאַ קבורה...—

און מען געהט צופוס אַהיים, צום ים...

און אז מען געהט צופוס איבער נאַכט, און עס הויבט אָן גרויען דער טאָג, און מען דערזעהט דעם גאָלדענעם אָפּגלאַנץ פון זאַמדיגען ברעג, און דערנאָך בליצט־אויף דער שפּיגעל פון ים, דערפרעהט מען זיך, פּאַטשט מען מיט די הענט...

אַ חתן מיט אַ כלה פרעהט זיך נישט אַזוי...

און אַזוי געהט עס פון יאָהר צו יאָהר...

עס בייט זיך דער פישער, זעלטענער — דער שוחט; מנהג בלייבט מנהג.

און דער מנהג איז אַ סכום הכולל פון פאַסטען, כאָר און אָרנעל, אויסגעמישט מיט'ן גרויסען פיש צו דער וועטשערע נאָך נעילה ביים שוחט, מיט'ן געזעגענען און אַנווינשען זיך...

דאָס אַלץ צוזאַמען איז דער איינציגער פאָדים, וואָס בינדט צו סאַטיע'ן צום כלל ישראל...

---

ויהי היום, איינמאָל פאַרטאָג, קוים געגרויטעלט האָט זיך דער

מזרח, שטיל וועקט זיך אויף דער ים, קוים ער אטעמט, קוים עס הערט זיך זיין ברומען, ער ציהט זיך פויל און נאך פאר'חלומ'ט אויס, און ציהט זיך איין... וואו־ניט־וואו פלאטערט איז דער בלוי־ער לופט א ווייסע פאר פליגעל, שרייט־אויף אן עוף... און ווייטער שטיל... שטילע גלאנצען פליהען איבער'ן ים, גאלדענע פלעקען גלי־טשען זיך איבער'ן געלען זאמד, פארמאכט זענען די שיפער־שטיב־לער איבער'ן ברעג, נאר א טיר סקריפעט, — סאטיע געהט ארויס...

ערב־יום־כפור איז היינט. פרום און ערנסט איז זיין פנים שטיל לויכטען איהם די אויגען: ער געהט טון א מצוה, כאפען א פיש אויף יום־כפור!

און ער געהט צום שיפעל צו און נעמט אן די קייט, מיט וועל־כער עס איז געווען צוגעבונדען צום בארט. די קייט קלינגט, און קולות דערהערען זיך רעכטס און לינקס:

— ניט'ע, ניט'ע!

דאס רופען צו איהם די שכנים, וואס האבען ארויסגעשטעקט די קעפ פון די קליינע פענסטערלעך.

רוהיג און שטיל ליגט ווייט און ברייט אייסגעגאסען דער ים. צוזאמענגעגאסען מיט'ן זוים פון פריש־מארגענדיג לאכענדיגען, פרעהליכען הימעל... קוים ער אטעמט, דער ים, קוים ער רונצעלט זיך ביים ברעג, און ווי ביי א גוטער באבען, טאנצען ליכטיג־גלאנ־צענדיגע שמייכלען צווישען די רונצלען... און עפעס מורמעלט ער, א באבע־מעשה דערצעהלט דער ים די צ׳אווארפענע, מיט לאנגע וואסער־פלאנצען, ווי מיט האר באוואקסענע שטיקער פעלזען, און ער גלעט זיי איבער די האר שמייכלענדיג, שפילענדיג — דער פי־שער אבער קען בעסער דעם ים, און ער גלויבט איהם נישט.

— ניט'ע...

דער ים וויגט זיך און וועט זיך צ׳אווינגען, און פלאצען וועט דער ליכטיגער שפיגעל, און פון שפיל וועט ווערען אן ערנסט, פון שטילען ברומען — געשריי און געפילדער, און פון רונצלען וועלען אויפשטעהן וואלען, וואס וועלען שלינגען שיפלעך און שיפען, ווי קליינע פישלעך דער לויתן...

— ניט'ע...

און א בארוויסער אלטער מאן, מיט א פלאטערדיגען גרויען קאפ אהן א היטעל, מיט אן איינגעשרומפטען פנים, ווי דער ים.

נאָר אהן זיין פאַלשען, זיסען שמייכעל, — קומט ארויס פון א שטיבעל, געהט צו סאַטיע'ן צו און לעגט איהם ארויף די האַנט אויפ'ן אַקסעל:

— זעה!

און ער ווייזט איהם א קליין שוואַרץ פינטעלע, וואָס נאָר א פישער־אויג קאָן דערזעהן, אויפ'ן זוים פון הימעל.

— פון דעם וואַקסט ארויס א וואָלקען...

— כ'וועל פריהער צוריק אין דערהיים זיין, — ענטפערט סאַטיע — איין פיש וויל איך נאָר כאַפּען.

און ערנסטער ווערט דאָס פנים ביי זיין אַלטען שכן:

— האָסט ווייב און קינד, סאַטיע!

— אין א גאָט אין הימעל!—ענטפערט סאַטיע מיט בטחון— ער געהט ז י י ן מצוה טון... און ער שטופּט אָפּ דאָס שיפעל און שפּרינגט אריין...

און לייכט ווי א פעדער טראָגט זיך סאַטיע'ס שיפעל איבער'ן ים, און דער ים וויגט עס ארום, זים־ברומענדיג, אַזוי ליעבליך, און זוימט עס און וויקעלט עס ארום מיט די שענסטע פּערעל, וואָס ער פאַרמאָגט — און דער אַלטער פישער שטעהט אויפ'ן ברעג און מורמעלט:

— סאַנטאַ מאַריאַ, סאַנטאַ מאַריאַ!

---

לייכט טראָגט זיך סאַטיע'ס שיפעל איבער'ן ים — געשיקט וואַרפט סאַטיע אַראָפּ זיין נעץ, און שווער און שווערער ווערט די נעץ, און מיט אַלע כחות ציהט ער זי קוים־קוים ארויס און געפינט אין איהר וואַסער־פלאַנצען, ים־שטערען, — נאָר נישט קיין איינ־ציגען פיש...

דער אַלטער פישער אויפ'ן ברעג האָט דאָס שיפעל שוין פאַר־לוירען פון אויג. סאַטיע ציהט שוין צום דריטען מאָל און צום פיערטען מאָל ארויס די נעץ: נישט לייכט איז זי ארויסצוציהען, אַלערליי וואַסער־פלאַנצען האָבען זיך אין איהרע אויגען פאַרפלאָכ־טען — נאָר קיין איינציגער פיש...

און דער ים ווינט און צוואווינט זיך וואָס אמאָל שטאַרקער, און אויפ'ן הימעל איז שוין ארויסגעשוואומען די זון, נאָר פּייכט

איז איהר גלאַנץ — אַ פאַרוויינטע זון; און דאָס שוואַרצע פּינטע־
לע אין עק הימעל האָט זיך אויסגעצויגען אונטערווייַלעכץ אונטער
דער זון, ווי אַ ברוינע שלאַנג, און ווערט טונקעלער און טונקעלער,
און רוקט זיך צו דער זון...

עס איז שוין האַלבער טאָג, און סאַטיע שווימט און שווימט,
פּרואווט און פּרואווט דאָס מזל. —

— גאָט, טראַכט ער, וויל נישט, איך זאָל דאָס יאָהר מקיים
זיין די מצוה, מען מוז צוריק! און טרויעריג ווערט איהם אויפ'ן
האַרצען: ער האָט געמוזט עפּעס זינדיגען געגען גאָט, וועלכער באַ־
ווילינט נים היי־יאָהר זיין קרבן. און ער נעמט דעם רודער פעסט
אין דער האַנט אַריין און וויל שוין אויסדרעהען דאָס שיפעל צוריק.
נאָר אין דער זעלבער רגע באַקומט ער אַ שפּריץ אין פּנים אַריין.
און ער דרעהט זיך אוים און דערזעהט, ווי אַ גרויסער גאָלדענער
פיש וואַרפט זיך, שפּילענדיג, איבער'ן ים און שפּריצט מיט'ן וויי־
דעל איבער'ן וואַסער.

עה! דעם פיש מוז ער כאַפּען, דעם פיש האָט איהם גאָט באַ־
שערט, גאָט, וואָס האָט זיין ענמת־נפש געזעהן, זיין בענקען, מקיים
צו זיין די מצוה. — און ער דרעהט צוריק אוים, און יאָגט נאָך
דעם פיש...

און דער ים איז שוין צואַווינט, כוואַליעס הויבען זיך העכער
און העכער... אַ האַלבע זון איז שוין מיט אַ וואָלקען באַדעקט, בונ־
טען ווייסע שטראַלען רייסען זיך קווער אַהער פון הינטער'ן וואָל־
קען, און דער פיש שווימט איבער די פּלייצעס פון די כוואַליעס,
און סאַטיע'ס שיפעל נאָך, נאָך... און פאַרשוואונדען ווערט פּלוצ־
לונג דער פיש, צווישען איהם און סאַטיע'ס שיפעל הויבט זי אויף
אַ וואַל, אויפגעבלאָזען, אויפגעיאָגט פון ווינט...

— עס נאַרט מיך, עס בלענדט מיר די אויגען! — טראַכט
סאַטיע און וויל ווייטער אויסדרעהען דאָס שיפעל און שווימען צו־
ריק. אין דער זעלבער רגע לעגט זיך אָבער די כוואַליע, ווי זי
וואָלט מיטאַמאָל איינגעזונקען געוואָרען; כמעט צום שיפעל צו
שווימט צו דער פיש און קוקט אויף איהם מיט גרויסע אויגען,
גלייך ער בעט זיך: נעם מיך, נעם מיך... זיי מקיים מיט מיר די
מצוה, זיי מיך מזכה מיט איהר...

דרעהט סאַטיע צוריק אוים,—פאַרלוירען ווערט דער פיש! אַ

נייע כוואליע שווימט אויף צווישען איהם און דעם שיפעל, און עס הויבט זיך ווידער אן דער „ירגזון“ פון ים! נישט קיין ליעבליך ליעדעל זינגט ער, דער ים, ער כעס'ט זיך: א העזה, אצינד אויף איהם צו שווימען! אויף זיינע כוואליעס צו טרעטען! און גלייך זי וואלט זיך פאר'ן ים דערשראקען, באהאלט זיך הינטער'ן וואלקען די זון... אויף דעם, זעהט אויס, האט נאר געווארט דער ווינט — ער איז באפרייט געווארען, און צויאגט זיך מיט אן אויסגעלאסענעם צארן, און ער שמייסט, און פאטשט ווי מיט ריטער, און רייצט נאך מעהר אויף דעם ים, און דער ים ברויזט און קנאקט, גלייך טויזענטער באסען שפילען אין זיינע נעדערים, קעסעל־פויקען — אין זיינע כוואליעס...

— אהיים, אהיים! — קלאפט ביי סאטיע'ן דאס הארץ, און ער נעמט צוזאמען די נעצען איז שיפעל אריין, און כאפט שטארקער אן דעם רודער, און ארבייט מיט אלע קרעפטען. די ארערען אין דער האנט ווילען פלאצען. ווי א הוילע נוס ווארפט זיך דאס שיפעל אויף און אפ איבער די כוואליעס, פארשווארצט איז דער הימעל, ברוין־צארניג דער צובראכענער ים — און ער ארבייט אלץ — אהיים, אהיים...

פלוצלונג דערזעהט ער, עפעס שווימט צו איהם צו פון דער זייט — א מענשליכער קערפער שווימט, א דערטרונקענער — א פרוי איז עס — פאר איהר שווימען די האר, שווארצע האר — זיין ווייב האט אזוינע האר... פון אונטער די האר באווייזען זיך ווייסע הענט — זיין ווייב האט אזוינע הענט... און א קול רופט:

— ראטעווע! — זיין ווייבס קול... די מוטער פון זיינע קינדער... זי האט איהם געמוזט נאכשווימען אויפ'ן צווייטען שיפעל. זי טרינקט זיך, זי רופט נאך זיין הילף...

און ער דרעהט דאס שיפעל אויס רעכטס און וויל צו צום קערפער, — דער ים לאזט נישט! כוואליעס הויבען זיך אין דער מיט, דער שטורעם רייסט און וואיעט — נאר אין דעם שטורעם הערט ער איהר קול: — העלף! העלף! סאטיע, העלף!...

און ער שטרענגט אן די לעצטע קרעפטען צוזושווימען, און אט איז ער שוין נישט ווייט פון ווייסען פלעק; די האר זעהט ער שוין נישט, נאר דאס שווימענדיגע, זינקענדיגע קלייד... מיט'ן רודער צו דערלאנגען... נאר אין דער מיט, צווישען איהם און זיין ווייב,

הויבט זיך אויף אַ וואַל, שטויסט ז י אָפּ אין איין זייט, דאָס שי־פעל — אין דער צווייטער — — —

— אַ פאַרבלענדעניש! — טראַכט ער, זיך דערמאַנענדיג, אַז דאָס זעלבע האָט ער געהאַט מיט'ן גאָלדענעם פיש; און נישט ווי־לענדיג וואַרפט ער אַן אויג צום ברעג, זעהט ער, ווי עס לייכט זיך שוין אין די פישער־הייזלעך די פענסטער!

— יום־כפור! — דערמאַנט ער זיך, און לאָזט פּלוצלונג אַרויס דעם רודער פון דער האַנט.

— טו מיט מיר, — שרייט ער צום הימעל אַרויף, — וואָס דו ווילסט, יום־כפור רודער איך נישט!...

און דער ווינט רייסט, אין כף־הקלע וואַרפען די כוואַליעס דאָס שיפעל; און סאַטיע, ווי ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם רודער פון דער האַנט, אַזוי זיצט ער רוהיג, און קוקט מיט אָפענע אוי־גען אַמאָל צום פאַרשלאָסענעם הימעל אַרויף, אַמאָל צום קאָכענדיג־שווימענדיגען ים אַראָפּ.

— טו מיט מיר, גאָט, וואָס דו ווילסט! זאָל דיין רצון גע־שעהן...

פּלוצים דערמאַנט ער זיך אַ ניגון פון כאָר, אונטערגעהאַלטען פון אָרגעל, און ער הויבט אַן נאָכצוזינגען דעם ניגון. די דאָזיגע שטומע נשמה האָט נאָר דאָס איינציגע לשון צו רעדען מיט גאָט— און ער זינגט. דער הימעל ווערט שוואַרצער און שוואַרצער, די כוואַליעס הויבען זיך העכער און העכער, שאַרפער נאָך בלאָזט דער ווינט... דאָס שיפעל וואַרפט זיך באַרג־אויף, באַרג־אָפּ, איין כוואַליע וואַרפט עס צו דער צווייטער... איינע רייסט איהם אַרויס און שליידערט איהם אַוועק דעם רודער, אַ צווייטע קומט אָן פון הינ־טען און יאָגט זיך נאָכ'ן שיפעל מיט אַן אָפענעם מויל... דער ווינט רייסט ווי טויזענטער וועלף — און אין דעם גערודער אַריין זינגט סאַטיע דעם ניגון פון „מי ינוח ומי ינוע“... ווי דער כאָר, אונ־טערגעהאַלטען פון אָרגעל...

די כוואַליע שלאָגט אין שיפעל אַריין. סאַטיע וויל שטאַרבען זינגענדיג, נאָר דאָס שיפעל קעהרט זיך איבער, אָבער סאַטיע'ן איז נאָך דער טויט נישט באַשערט...

צוויי ווייסע געשטאַלטען, ווי פון נעבעל געוועבטע, געהען, האַלטענדיג זיך ביי די הענט, באַרוועס, מיט צופלאָסענע האָר און

לייכטענדיגע אויגען, איבער׳ן ים, און ווי סאַטיע דרעהט זיך אי־
בער מיט׳ן שיפעל, קומען זיי צו, הויבען איהם אויף, נעמען איהם
צווישען זיך, און געהען מיט איהם אונטער די אַרעם, און טרעטען
מיט איהם איבער די כוואַליעס, ווי איבער בייטען און בערגלעך.
און פיהרען איהם אַזוי געאַרעמט צווישען ווינט און געטומעל. ער
קוקט און וויל רעדען, עפּעס פרעגען וויל ער — נאָר זיי זאָגען
איהם:

— זינג בעסער, סאַטיע, זינג! דיין געזאַנג וועט גובר זיין
דעם צאָרן פון ים...

---

זיי געהען מיט איהם, און סאַטיע הערט, ווי דאָס שיפעל זיינס
געהט איהם נאָך... ער דרעהט זיך אום — דאָס שיפעל מיט דער
נעץ, און אין דער נעץ איז פאַרוויקעלט דער גאָלדענער פיש...

און אַז זיי האָבען איהם צוגעפיהרט צום ברעג און געלאָזט
איהם אַהיים, האָט ער געטראָפען ביי זיך דעם שוחט מיט דער
שוחט׳קע...

אין שטאָדט איז אַ שׂרפה געווען; ווענען זיי געקומען צו איהם
צו גאַסט...

האָט מען געקוילעט דעם פיש, און — מנהג איז געבליבען
מנהג...

# מלוה־מלכה

איך וויל אייך דערצעהלען א שעהנע, וואונדערליכע מעשה:

פון דער פיערטער סעודה פון שבת קודש — מלוה מלכה, וואס דוד המלך, עליו השלום, האט מתקן געווען...

פון א פשוט'ען עהרליכען איד, וואס האט אויף זיך גענומען די מצוה פון מלוה־מלכה;

פון יענע לייט, וואס האבען דוקא געוואלט אראפפיהרען דעם איד פון זיין דרך, ער זאל כאטש איינמאל אין לעבען נישט קאנען מקיים זיין די מצוה —

און ווי אזוי דער איד איז נצול געווארען פון זייערע הענט.

און א מעשה איז עס מיט א מוסר־השכל:

דער פשוט'ער איד וועט זיך דרש'ענען א קל־וחומר: מה דאך אזא קליינע מצוה, שאדם (וואס א מענש) דש (טרעט) בעקביו (מיט זיינע טריט) מאכט אזא רושם, ברענגט צו אזא נסיון. אנ־דערע, גרעסערע מצוות, אויף וועלכע די וועלט שטעהט באמת, על אחת כמה וכמה.

און דער יודע חן, וואס האט א ידיעה אין ענין פון סעודת דוד המלך, עליו השלום, — דעם וועט דאס גאר אויפגעהן א ליכט אין די אויגען!

ער וועט, נעמליך, זעהן באשיינפערליך, עד היכן הדברים מגיעים, און וואס א נדר, וואס א איד נעמט אויף זיך, באטייט— ווי מען וועט, בעזרת השם, זעהן פון גוף המעשה.

און אצינד הויב איך אן:

## 1.

פארצייטענס, אין א גאליצישען שטעדטעל אין קיר"ה זענען געווען צוויי שותפים.

תבואה־סוחרים זענען זיי געווען; היבשע תבואה־סוחרים:

געפיהרט גרויסע פאדריארען פאר'ן מלכות. געהאלטען אייגענע פערד און וואגען, און א יונג — א שמייסער. און צוויי מויערען געהאט אין שטאדט, יעדערער זיין מויער.

און די שותפים, וואס זענען געווען גלייך אינ'ם מסחר, זענען נישט גלייך געווען אין יהדות.

איז נעמליך איינער פון די צוויי שותפים געווען א חסיד, א ירא שמים און א למדן א גרויסער דערצו. און דער צווייטער — אזוי, א פשוט'ער איד, אן עהרליכער מאן.

פלעגט דער שותף דער למדן זיצען אין דער היים על התורה ועל העבודה און קוים אפשפארען א שעה צי צוויי שעה אין טאג אויף עצות און חשבונות מענין המסחר. און דער צווייטער פאר דאס, דער פשוט'ער איד, פלעגט א גאנצע וואך באדען זיך אין עסק.

פאהרט מען א גאנצע וואך ארום: פון פויער צו פויער, פון פריץ צו פריץ — אויפקויפען קארן; אין די מיהלען אריין — מאלען דאס קארן; אויף די פונקטען דערנאך, צוצושטעלען די מעהל פאר די חיילות.

און די חיילות זענען צוואווארפען אין דער גאנצער סביבה, איבער אלע דערפער, — פלעגט טאקע דער איד אהיים קומען קוים צום מרחץ אויף שבת.

און וואס האט ער, אומשטיינס געזאגט, פון שבת? קוים ער קאן מקיים זיין די מצוה פון „שינה בשבת תענוג"... אוים מענש קומט ער אהיים.

מיד, און דער גאנצער „הר־הא" אין קאפ.

ווייס דאך אבער א איד, וואס דער תוך און דער עיקר איז, נעהט ער און נעמט אויף זיך די מצוה מקיים צו זיין ברוב פאר והדר די מצוה פון מלוה־מלכה!

צו דער מלוה־מלכה פלעגט דער שותף דער חסיד קומען זעהר זעלטען: א פאר מאל אין יאהר, שלא לבייש.

ער פלעגט בעסער זיצען צווישען זיינס גלייכען אין שטיבעל, און עוסק זיין אין ז י י נ ע זאכען.

פאר דאס פלעגען קומען א נ ד ע ר ע שעהנע אידען, אפילו לומדים און אזוי ארעמע לייט, וואס פלעגען אפשר א גאנצע וואך

ווארטען אויף דער מלוה־מלכה, זיך כאטש איינמאל אנצועסען זאט.

און באלד טאקע נאך הבדלה, דער פשוט'ער איד זאגט זיך „ויתן לך", זינגט זיך זמירות (פון געשעפט, ביז נאך דער מלוה־מלכה, רעדט ער נישט), און אין קיך ברענט שוין א פייער, וועל־גערט מען שוין פרישע לאקשען, קאכט מען פרישע פיש, זענגט מען אפ פרישע עופות, וואס מען האט נאר־וואס געבראכט פון שוחט. — אביסעל משקה ווערט, פארשטעהט זיך, אויך נישט פעה־לען — אויף א גביר'שער חתונה דארף מען נישט — נישט שענער, נישט בעסער...

און ביי דער מלוה־מלכה איז ששון ושמחה.

וויים־געדעקטע טישען, אז עס בלאנקט. אויסגעשטעלט כלי כסף וזהב, אלערליי קאלירטע גלעזערנע כוסות, ווי צו'ן א סדר. און ליכט אנגעצונדענע אסך: הן אויפ'ן טיש אין די זילבערנע לייכטער, הן ארום די ווענט אין די זילבערנע העסען.

און די בני בית מיט די אורחים זעצען זיך ארום, אנשים לחוד ונשים לחוד. די מענער אין בגדי שבת ויו"ט, די ווייבער אין טייערע קליידער, אבנים יקרות ותכשיטין, און מען עסט, און מען טרינקט, און מען רופט: דוד המלך, עליו השלום, חי וקים! און — מען לאזט זיך א טענצעל...

מן הסתם געפעלט עס נישט יענע לייט!

האט מען אויף דעם עהרליכען איד אין זיין מלוה־מלכה אן אויג.

2.

ויהי היום — עס איז געקומען א צייט, און די שותפים זע־נען געשטאנען אין א גרויסער סכנה.

געהאט האבען זיי א גרויסען פאדריאד, אויף כמה וכמה אלפים כור קמח פאר'ן חיל אין דער סביבה, און אין קאנטראקט, וואס מען האט געמאכט מיט'ן מלכות, איז געשטאנען, ווי דער סדר־עולם איז, שחור על גבי לבן, א תנאי, אז אויב, חס־ושלום, מען וועט עובר זיין איין טערמין פון שטעלונג, וועט ווערען פאר־פאלען דער גרויסער זאלאג, און דאס מלכות וועט נאך צונעמען ביי די שותפים זייערע מויערען, מיט'ן כלי בית און אלע מטלטלין.

ביז פערד און וואגען; און האט נאך פראוו, ווי פארצייטענס דער מנהג איז געוועזן, זיי אליין צו נעמען און ווארפען אין קייטען אריין, און פארשיקען, וואו דער פעפער וואקסט...

און געוועזן איז עס פונקט נאך א שוואכען ווינטער; געלעגען אן ערד — א נאקעטע. אהן שניי. דער זאמען פון קארן איז אויס־געליפטערט געווארען —

איז נאך ווענינ?

לאזט זיך נאך, באלד נאכ'ן ווינטער, ארויס א קול, אז קיר"ה איז זיך מכין למלחמה געגען תוגר! ווערט נ א ר געלד און טאלער קארן! און נישט בנמצא.

איין פריץ אין דער סביבה, א שררה א גרויסער, האט יא עטליכע הונדערט קארץ קארן, און נישט צוצוטרעטען. ער האט געלאזט זאגען, אז אויב מען וועט איהם נישט ברענגען א דריי, צי גאר א פיער־פאכינען פרייז פאר'ן קארן, וועט ער ארויסטרייבען פון פאלאץ, נאך אנרייצען די כלבים...

מיט אייןווארט — סכנות נפשות: בדיל הדל, און נאך פאר־פאלען צו ווערען אויף כף הקל...

מילא, איז דאך אבער א איד געוואוינט צו צרות, צו סכנות נפשות, איז דאך אויף דעם פאראן בטחון... זיצט זיך מוצאי־שבת קודש דער שותף דער למדן אין שטיבעל און הערט און דערצעהלט מעשיות פון לאדירער. און דער שותף — דער עהרליכער, פשוט'ער איד — ווארט אויף דער מלוה־מלכה, און אויף אורחים, און געהט זיך אזוי אויף און אפ איבער דער שטוב, און ברומט זיך די אליהו'ס...

און ווי ער ברומט אזוי די אליהו'ס, דערהערט ער פלוצלונג פון דרויסען א געזעצעריי איבער'ן ברוק אין גאס; די שויבען קלינגען אונטער: א רייטער יאגט זיך צו צום הויז.

וואס קאן עס זיין? א רייטער פון פאלק? אצינד? פאר מלוה־מלכה?

א רגע כמימרא — דער רייטער איז שוין פאר'ן הויז. ער שפרינגט שוין אראפ פון פערד, בינדט עס צו ביים ציימעל צום דראנג פאר דער שטיב, ער עפענט שוין די טיר — דעם שותפ'ס ווייב רעדט שוין צו איהם.

ער, פאר מלוה־מלכה, ריהרט זיך נישט פון ארט.

ווייזט זיך אויס: עס איז נישט פון פאלק — עס איז א שטאַ־פעט פון א פריץ. טאַקע פון גרויסען שררה, וואס האט דאס קארן — א בריף האט ער אין גרוים איילעניש געשיקט. און דער בריף איז א ישועה פון הימעל: באשר בכן, דער פריץ איז פלוצלונג גע־רופען געווארען קיין וויען, תיכף ומיד צו קומען צום מלכות, האל־בער נאכט מוז ער ארויספאָהרען, נו — פעהלט איהם הוצאות הדרך (פריצים האבען קיינמאל קיין בארען גראשען נישט). על כן, אויב „יאש" (יוסף האט דער איד געהייסען, מילא: יוסף—יוסל, יאש...) אויב יאש וועט תוך כדי דבור קומען מיט מזומנים, קריגט ער דאס קארן בחצי חנם. א מקח, וואס מען הערט עס נישט אין גרעסטען זול.

האט די אידענע איבערגעלייענט דעם בריף אין דער ערשטער שטוב, פאלט זי אריין מיט דער בשורה צום מאן, לויפענדיג צו דער צווייטער שטוב, שרייט זי אין קיך אריין צום משרת, ער זאל גע־שווינד איינשפאנען פערד און וואגען און —

— הערסט, מיין מאן!

וויל דער מאן אבער נישט הערען.

שרייט זי אויס די בשורה אויף א קול:

— כאפ, מיין מאן, פאהר!

להד"ם! מיין אידעל וויל פאר „מלוה־מלכה" נישט פאהרען. ער וועט צוליעב מסחר נישט מבטל זיין זיין מצוה, נישט עובר זיין אויף א נדר!

דער אידענע געפעלט עס אפילו; פונדעסטוועגען זאגט זי:

— נארעלע איינער, איינגאנצען א מייל וועגס, און די פערד זענען אויסגערוהט... און דא שאבט מען ערשט די פיש, מען איז נאך נישט צוריקגעקומען פון שוחט... וועסט נאך, אי"ה, צוריק־קומען צו דער צייט... און ווען אביסעל שפעטער? —

ענטפערט דער מאן יוסף, אז פ א ר מלוה־מלכה מאכט ער קיין מחסרים נישט.

זאגט זי, אז זי וועט שיקען נאכ'ן שותף. אן עהרליכער איד, א למדן, זאל ער זאגען...

און איידער זי רעדט ארויס דאס ווארט — אצבע אלקים! דער שותף דער חסיד איז פונקט געקומען צו מלוה־מלכה.

הערט ער, דער למדן — דער חסיד, וועגען וואס עס געהט,

לאכט ער! — פע, זאגט ער, אפשטויסען בידים א ישועה פון זיין ליעבען נאמען? און — א דבר האבוד, און אזא נס! משוגע מיינע שונאים!"

הייבען זיך אן צוזאמענצוקומען אורחים. העלפען זיי אונטער: באשיינפערליך, א גאט־זאך!

ווערט דער פשוט'ער עהרליכער איד בטל ומבוטל פאר די לייד־טישע אורחים, דער עיקר פאר'ן שותף דעם ירא שמים, דעם חסיד און דעם גרויסען למדן; בפרט אז דער רופט זיך נאך אויס, אז ער פאהרט מיט.

דערוויילע פאהרט, פארביי פאר דער טיר, דער וואגען מיט'ן קנאק. דער יונג שפרינגט אראפ, גלייכט אויס דאס געזעם; דער חסיד כאפט זיך ארויף און זיצט שוין. דער פשוט'ער עהרליכער איד קריכט ארויף — הייסט מען דעם שטאפעט רייטען פאראויס, רייט ער. הילכט וווייטער די גאס פון די טריט פון פערד. שפרינגט ארויף דער שמייסער אויף דער קעלניע, נאך אמאל א קנאק מיט דער בייטש, די בני בית מיט די עטליכע, שוין אנגעקומענע אורחים רופען נאך: אין א מזל'דיגער שעה! דאס ווייב: פאהר געזונטער־הייט און קום געזונטערהייט! דער וואגען ריהרט. דער פראסטער איד — דער שותף לאזט אראפ דעם קאפ. עס צופט איהם עפעס ביים הארץ, עפעס שלעכטע נביאות זאגט איהם דאס הארץ, נאר ער שעמט זיך אויסצוזאגען דעם למדן. — זיפצט ער אפ און שווייגט.

די אורחים מיט די בני בית זענען צוריק אין שטוב אריין, זינגען זמירות...

3.

און גאר אינגאנצען איז דעם פראסטען אידו'ם הארץ קיין שער נביא נישט געווען...

ארויסגעפאהרען זענען זיי אין א לבנה־נאכט: שטערען כחול־הים. אבער קוים האבען זיי געהאט די שטאדט הינטער זיך, האט זיך דער הימעל פארוואלקענט. טונקעל איז געווארען און וואס אמאל טינקעלער.

דער רייטער איז שוין לאנג פארשוואונדען געווארען; ...

פריצ׳יש פערד! די פערדס־טריט הערען זיך נאך א ווײַלע און — פארהילכען!

דערווײַל ווערט נאך טינקעלער, עס הויבט אן בלאזען א צפון־ווינט און יאגט אן נ י י ע עננים. די שטערען לעשען זיך. איינס נאכ׳ם אנדערע ווי קלײנע קינדער־לאמטערענדלעך פון ווינט.

עס ווערט חושך, מען פארלירט דעם וועג, מען שניידט זיך עפּעס אריין אין א וואלד, אויפ׳ן וועג דארף גאר קיין וואלד נישט זיין; פון וואנען האט זיך גענומען א וואלד?

דערווײַל פארלירט דער יונג, דער שמייסער, די בייטש; שפּרינגט ער אראפּ זוכען די בייטש. די פערד שלעפען זיך ווײַ־טער, דער שמייסער קומט נישט צוריק. מען רופט, ער ענטפערט נישט. דער ארעמער פראסטער איד זיצט פאר׳חוש׳ט און האלב פאר׳חלש׳ט פאר שרעק. דער חסיד שפּרינגט אראפּ זוכען דעם שמייסער, און ווערט אויך נעלם אין דער פינסטערניש. דער פראס־טער איד ווערט שוין גאר פאר׳חלש׳ט; שטארקט ער זיך אבער. שטעלט זיך אויף, קריכט ארויף אויפ׳ן געזעס, גלאצט אין דער פינסטערניש אריין מיט די אויגען — ער זעהט נישט.

וויל ער שרייען, קאן ער, פאר גרויס שרעק, נישט ארויס־ברענגען קיין קול. דערווײַל שלאגען אן די פערד מיט׳ן דישעל אן א בוים; דער דישעל פּלאצט, דער וואגען קעהרט זיך איבער. דער איד פאלט ארויס, צו זיין גליק — אויף א בערגעל גראז. די פערד רייסען זיך אפּ פון בוים, און אנטלויפען, משוגע פאר שרעק, אין דער וועלט אריין... עס הילכען א ווײַלע די טריט, די רעדער, און ווערען אויך פארזונקען אין חושך. און דער פראסטער איד הויבט זיך אויף איינער אליין אין דער פינסטער, ער שטויסט קוים מיט די לעצטע כחות א קול פון האלז ארויס, שרייט; קיינער ענטפערט נישט. דער ווינט כאפּט דאס געשריי און צוברעקעלט עס, און צוטראגט עס, און עס ווערט פארזונקען אין געפייפעריי.

וואס זאל, נעבעך, טון א איד? אין א פינסטערען וואלד איי־נער אליין איז ער; מי יודע וואס פאר א חיות רעות עס האלטען זיך אויף אין וואלד; אינ׳ם געפייפעריי פון ווינט, דאכט זיך איהם. ברילען זיי, די חיות...

ענטפערט ער איבער זיין נשמה צום בורא עולם: טו מיט

מיר. ווי דיין ווילען איז, — און הויבט אן שטיל צו זאגען ודוי. נרייט זיין הארץ א איד.

און דער ווינט רוישט, ער הערט זיינע אייגענע ווערטער, זיין אייגענעם ודוי נישט; עס רוישט, פייפט און רייסט די בוימער, די צווייגען.

אבער אט — צווישען די פונאנדערגעריסענע צווייגען, גיט פלוצלונג, א בליץ. אויף א רגע כמימרא באווייזט זיך א ליכט...

מילא, ותחי נפשו! עס מוז דאך זיין דא ערגעץ א הויז! די צווייגען האבען זיך שוין צוריק באהעפט, פארפלאכטען אינ'ם חושך... הויבט ער אן צו געהן צום ארט, פון וואנען דאס ליכט האט זיך איהם באוויזען... און ער איז געגאנגען, און געגאנגען, ביז גאט האט איהם געהאלפען, און ער איז צוגעקומען צו א הויז מיט א ליכטיגען פענסטער.

געלויבט איז זיין ליעבער נאמען!

פונדעסטוועגען צוגעהן גלייך זוכען א טיר, האט ער מורא. א קשיא אויף א מעשה: א הויז אין וואלד, עס קאנען זיין גזלנים, עס קאנען זיין יענע לייט, באהיט און באשירעמט זאל מען זיין... ער וועט נאר א בליק טון אין פענסטער... לאזט ער זיך אראפ אויף אלע פיער, קריכט שטיל און פאמעלעך צום ליכטיגען פענסטער צו, שטעלט זיך, פאמעלעך און מיט גרויס הארצקלאפעניש, אויף, בויגט זיך צו, קוקט אריין, און דערזעהט דאס, וואס איך וועל אייך דערצעהלען אין פיערטען קאפיטעל.

4.

א גרויסע שטוב האט ער דערזעהן, און ער וואלט געשווואוי־רען, זיין שטוב: אינמיטען שטוב שטעהט א טיש, פונקט ווי ביי איהם צו מלוה־מלכה. פונקט אזא טישטוך; פונקט, צו דער האר, אזוינע כלים: זילבער, גאלד און קאלירט גלאז. און טעלער אזוינע, ווי ביי זיין אשה, און אויף די טעלער די זעלבע מאכלים... און פונקט אזוי פיעל ליכט: הן אויפ'ן טיש אין זילבערנע לייכטער, הן ארום די וואנט אין זילבערנע העסען. און די לייכטער זענען זיינע, און די העסען, כהויה דערקענט ער זיי.

איז עס נישט א חלום? גיט ער זיך א צופ ביי דער בארד,

א ריס ביים אויער, א בים אריין אין פינגער. ניין, עס איז קיין חלום נישט!

און ביים טיש, צו איהם הינטער'ן פענסטער מיט'ן רוקען, זיצט א איד. — דאכט זיך, ער אליין! זיין קרומער אקסעל.

רבונו של עולם. א חלום, צי א כשוף, צי גלאט אזוי א פאר־בלענדעניש??!

ווי עס איז, ער מוז אריינגעהן. סיי ווי סיי, א איד זיצט, א טיש צו מלוה־מלכה איז געדעקט; ער וועט געהן, מקיים זיין די מצוה.

און ער איז גובר די שרעק, רייסט קוים אפ די פיס פון דער ערד און געהט ארום הויז, טאפט און געפינט אין דער צווייטער זייט, פונקט קעגענאיבער דעם פענסטער, א טיר! ער עפענט זי מיט א פארציטערטער האנט, דערזעהט דעם איד פנים אל פנים, עס הענגט דארט נישט קיין שפיגעל, ער זעהט דעם איד בחוש, און דער איד איז ער אליין: זיינע בארד־און־פאות, זיינע ברעמען, זיינע אויגען, זיינע באקען, און די יארמולקע מיט'ן קאפטאן זענען זיינע...

ער אליין איז עס.

און דער איד, דאס הייסט, ער אליין, זיצט און קוקט אויף איהם מיט שטילשווייגענדיגע אויגען, גאר פול מיט רחמנות'דיגער שטראף; ווי איינער רעדט: וואס האסטו מיר, וואס האסטו, הייסט עס, דיר געטאן? פון וואנען פאלסט עס דו אוים?...

וויל ער פרעגען, וואס? קאן ער ווייטער קיין קול פון האלז נישט ארויסרייסען. גאר דאס הארץ זאגט איהם: מבטל געווען מלוה־מלכה, עובר געווען אויף א נדר...

און ווי דאס הארץ זאגט איהם אזוי, פארלירען פלוצלונג די כלים אויפ'ן טיש זייער גלאנץ און ווערען ווי פארטריבט; און די ליכט אין די לייכטער און העסען הויבען אן טונקעל און טונקעלער צו ווערען, און ווערען באלד טאקע שווארץ — שווארצע ליכט ברע־נען! און דער איד, דאס הייסט ער אליין, צוזאמען מיט'ן טיש, מיט די מאכלים, מיט די כלים, מיט די לייכטער הויבען אן אלע צוזאמען פאמעלעך, פאמעלעך צו זינקען אין דער פאדלאגע אריין... די שווארצע ליכט־פלעמלעך אין די לייכטער און העסען הויבען אן צו ווערען רויכיג און רויכיגער. און אז דער טיש מיט אלעם ארום איז שוין איינגעזונקען ביז צום אויבערשטען שטח פון טאוועל,

און דער איד, דאָס הייסט, ער אליין אין יענער געשטאַלט, איז שוין אראָפּ מיט דער באָרד, און עס האָלט שוין ביי די ליפּען, האָבען זיך די פלעמלעך מיט אמאָל געטאָן א לעש אויס...

זאָגט פלוצלינג דאָס האַרץ אונטער דעם איד: כאַפּ עפּעס און מאַך ברכה, זיי מקיים מלוה־מלכה! — שטרעקט ער אויס א האַנט, און כאַפּט, איידער דער טיש ווערט איינגעזונקען, א פּרי פון א מעלער אראָפּ, מאַכט „בורא פּרי העץ״; א ביס, א שלונג־אראָפּ, און גיט א געשריי: דוד מלך ישראל חי וקים!

און דאָס האָט געהאָלפען!

כהרף עין איז אלץ פארשוואונדען געוואָרען: די געשטאַלט, דער טיש, דאָס הויז, דער וואַלד, — איינער אליין שטעהט ער ווייט הינטער דער שטאָדט, אויף עפּעס א לאַנקע... און תוך כדי דבור נעמט איהם אָן פון הינטען א האַנט; הויבט איהם אויף, טראָגט איהם אין אויר, צו דער שטאָדט צו טראָגט מען איהם, און מען לאָזט איהם אראָפּ פאַר זיין איינענער טיר. —

5.

שטעהט דער איד מבולבל הינטער זיין איינענער טיר און גלויבט זיינע אויגען נישט.

הערט ער פון אינעווייניג, די אורחים זינגען זמירות, הויבט ער שוין אָן צו גלויבען, — זאָל עס האָבען אזוי ווייניג געדויערט? —

דערהערט ער אָבער, ווי זיין פלונית'טע זאָגט אין קיך:

— שוין אלץ פאַרטיג, — וואָס זאַמט ער זיך, נעבעך?! ווער ווייסט, וואָס מיט איהם איז, נעבעך, געשעהען?...

טראַכט ער: וואָס איז זי נעבעך שולדיג? עפּענט ער אויף די טיר און געהט אריין.

זעהט ער, קיינער וואונדערט זיך נישט.

דאָס ווייב האָט'ם דערזעהן און שמייכעלט.

פרעגט ער: וואו איז דער שותף?

זאָגט מען: נישטאָ!

„גאָר נישט געווען?״ — ניין! — אודאי, ווי אלע מאָל אין שטיבעל.—

און דאָס ווייב זאָגט איהם: וואַש דיך! און רופט באַלד צו

דער קוד; זי הייסט, דער יונג זאָל אריינטראָגען דעם באַרשטש...

פארשטעהט ער נאָך וועניגער:

— דער יונג איז אין דערהיים?

— ווי דען?

— און די פערד?

— שטעהען אין שטאָל. וואו זאָלען זיי זיין? הערסט נישט זייער הירזשען?

ער הערט!

ער הערט אפילו, ווי די פּאַדקאָוועס קלאַפּען אָן דער פּאַדלאָגע; די שטאָל איז נישט ווייט פון שטוב.—

פארשטעהט ער שוין, אז עס איז געוועזען א שפּיצעל פון יענע לייט, אז נאָר מיט'ן „בורא פרי העץ" און „דוד מלך ישראל חי וקים" האָט ער זיך מציל געוועזען פון זייערע הענט.—

הויבט ער אויף די הענט מיט לויב און דאַנק צו זיין ליעבען נאָמען...

און ווי ער דאַנקט אזוי און לויבט גאָט אין דער שטיל, דער־הערען זיך ווייטער פערדס־טריט פון גאַס, הילכט ווייטער אָפּ דער ברוק; א רייטער גענעהנט זיך ראָש צום הויז. און אָט איז ער דאָ, שפּרינגט אראָפּ, קומט אריין, — א זעלנער איז עס, נישט קיין שטאַפּעט — א קיראַסיר.

און האָלטענדיג דאָס צוימעל פון פערד איבער דער שוועל, גיט ער איבער א פּאַפּיר:

דאָס איז געוועזען א פּריקאַז פון גענעראַל.

און אזוי האָט דער גענעראַל געשריבען:

„היות דער חיל רוקט זיך אָפּ קיין וויען, איז בטל דער פּאָדריאַד, דאַרף מען נישט קיין קאָרן."—

פארשטעהט איהר שוין אליין, וואָס פאַר א מלוה־מלכה עס איז געוועזען!

# פדיון שבוים.

שעהנקייט, מיינט איהר, האט איהר אויסגעטראכט, די פריי־
הערדיגע דורות האבען פון שעהנקייט גארנישט געוואוסט? אז
איינרעדעניש! מען האט פון אייביג אן געוואוסט, אז די וועלט
איז אויך א וועלט, אבער נישט יעדערער איז זוכה צוביידע וועל־
טען, און א גרויסער נסיון איז עס; מען געהט אויף א גליטש...

אט איז אמאל געווען איינער צמח, נאך גאר א יונגערמאן.
האט ער באקומען א גרויסע ירושה — האט ער טאקע געפיהרט
א הויז, אויף אלע אידען געזאגט! א פאלאץ אויפגעשטעלט, גע־
מאלטע דירות, פריצ'יש מעבעל, מיט סאמעט און זייד געבעט. די־
לען, ווי שפיגלען רויטע, עס האט געבלענדט! און קריסטאלענע
הענג־לייכטער, און קונציג־געבוינענע העסעם אויף די ווענט, און
מזוזות אויף די טירען אין זילבערנע, עכט־זילבערנע שיידלער מיט
גאלד באפוצט... און א סוכה האט ער זיך געשטעלט א געשניצטע,
מען האט געזאגט: פון פימסענהאלץ. ארום אויף די ווענט—יריעות
געהאפטענע, און אויסגעהאנגענע מיט אתרוגים, לולבים, גראנא־
טען... און אלע יאהר. לכבוד יום־טוב, פרישע. א הויז — א גן־
עדן. און א ווייב האט ער געהאט אן אמת'ע יפה־פיה, א יפת־תואר,
פארטרעטען צו מאלען... האט מען אבער אן יענער וועלט אויך נישט
פארגעסען: האט די יפת־תואר געהאט איהר גרויסע שטוב באזונ־
דער, האט זי די שפיגעל־שטוב געהייסען: גרויסע געשליפענע שפיג־
לען ארום אויף אלע ווענט, און אין שטוב זענען געשטאנען רעד־
לער צום שפינען, און רעמען צום שטיקען און העפטען; פארזא־
מעלט זי ביי זיך אין שטוב, א פאר שעה אין טאג, אויסער שבתים
און ימים־טובים, די יתומות פון שטעדטעל און לערענט זיי שפינען
פון וואל און פלאקס, העפטען און שטיקען מיט זילבער און גאלד.
זי האט דערצו א געבענשטע האנט געהאט, א בריה נפלאה געווען,
און דערביי א חכמה נפלאה און אן אמת'ע צנועה, פלעגט זי זיי

ביים לערנען אויך מדריד זיין, גוטע רעד רעדען און קלוגע רעד, ווי אזוי א אידישע טאכטער דארף זיך אויפפיהרען, וכדומה. דאס איז איהר מצוה געווען. און דער מאן צמח האט זיין מצוה געהאט: אין קרוין־פוילען איז געווען א צייט פון תהו ובהו. איין מלך האט מען ארויסגעטריבען, דעם צווייטען — נאך נישט אויסגעקליבען. און בין מלכא למלכא איז „איש הישר בעיניו“ — איז יעדער שלא־באן געווען א גרענעץ, יעדער „מאיאנטעק“ — א באזונדער מלוכה און יעדער פריץ א קייזער, וואס האט זיך זיין חיל און זיינע תפיסות געהאט. פעהלען דאך, מן הסתם, קיין שלעכטע פריצים. ווילדעווען זיי — און אויסגעלאזט האט זיך ווי דער סדר עולם איז, צו זרע אברהם יצחק ויעקב... האבען געליטען די ישוב'ניקעס. די פאכטער מיט ארענדארען. פאר א שלעכט ווארט — שמיץ, פאר נישט צאהלען א ראטע צו דער צייט — תפיסה, אנגעטאן דיבעס און ארייננעווארפען אין א נאסע הייל מיט ווייב און קינד... האט זיך דער צמח פארנומען מיט פדיון שבוים און פלעגט ארומפאהרען אין די דערפער מיט א בייטעל מיט רענדלעך און אויסלייזען.

איינמאל, ווינטער־צייט איז עס געווען, א גרויסער שניי אנגעפאלען, פאלט אריין צום גביר צמח א מלמד פון א דארף, וואו ער האט ביים ארענדאר געקנעלט. אטעמט קוים פאר שרעק. די אוי־גען קריכען איהם פון אונטער'ן שטערן ארויס, און מיט שוים אי־בער די ליפען דערצעהלט ער, אז היינט פאר־טאג איז מען פון פריץ באפאלען דעם ארענדאר, אנגעטאן דיבעס איהם מיט'ן ווייב און אלע בני בית, פארנומען און ארייננעווארפען אין תפיסה אריין. און ער אליין, דער מלמד, איז קוים אנטלאפען מיט'ן לעבען; מען האט איהם אויך געוואלט פארנעמען, נאר ער האט א פענסטער אויסגעהאקט, ארויסגעשפרונגען און איבער'ן וואלד אנטלאפען. א פויער האט איהם נאכגעווארפען א קלאניצע, אין פוס אריין גע־טראפען, און אט בלוטיגט נאך דער פוס... שיקט מען נאכ'ן רופא צום מלמד, און צמח הייסט איינשפאנען דעם שליטען, ווארפט זיך אריין אין ביבער־פעלץ, פארגעסט נישט מיטצונעמען א בייטעל מיט רענדלעך, זאגט א תפלה קצרה פאר'ן וועג און פאהרט... וואס רע־כענט ער, צמח? דער ארענדאר האט קיין ראטע נישט באצאהלט! פאלט ער אריין צום פריץ — אריין לאזט מען איהם, ער איז דאך צמח, האט עסקים מיט'ן פריץ — לאנג ברייען וויל ער נישט. דער

אָרענדאַר מיט די בני בית קאָנען דערוויייל געפרווירען ווערען אין תפיסה, דער פּראָסט קנאָקס, פאַרשמירטע שויבען! פרעגט ער נאָר: יאַסני פּאַניע, וויפיעל קומט פון אָרענדאַר?

שמייכעלט דער פריץ פון אונטער די וואָנסען און שלעכטע פייערלער שלענגעלט זיך איהם אין די אויגאָנעס: עס קומט איהם ביים אָרענדאַר גאָרנישט... פאַר א חוב וואָלט ער איהם אין תפיסה אַריינגעוואָרפען? פאַלט איין ביי צמח'ן דאָס האַרץ, פרעגט ער: יאַסני פּאַניע, ער האָט דיך באַליידיגט, א שלעכט וואָרט געזאָגט?

— וואָלט ער שוין לאַנג געהאָנגען!

— וואָס דען, יאַסני פּאַניע, וואָס דען? און דאָס האַרץ ביי צמח'ן קלאַפּט, ווי ביי א גזלן.

— גאָרנישט.—זאָגט דער פריץ.—נאָר איך וויים, זאָגט ער, אַז איהר האָט א גרויסע תורה מיט תרי"ג מצוות און אַלע קאָנט איהר נישט מקיים זיין, נעמט זיך יעדער איד צו איין מצוה, צו זיין מצוה, פאַר וועלכער ער איז זיך מקריב, און מען האָט מיר דער־צעהלט, אַז דו האָסט אויף דיר גענומען פדיון שבוים, און דו האָסט א ווייב א יפה־פיה, אַן אמת'ע יפת־תואר, שענער ווי אַלע פּריצות. וויל איך דו זאָלסט מקיים זיין פדיון שבוים... פאַר איין שעה יחוד מיט דיין ווייב! — מאַנס זיין וועל איך זי נישט.

כאַפּט צמח און אַנטלויפט, און פאַרגעסט אַז שליטען און לויפט צופוס. לויפט ער פאַרביי פאַר'ן פריצ'ס תפיסה, געהען גוים מיט קאַסעס אַרום דער תפיסה אויף דער וואַך, און פון תפיסה הערט זיך א גרויסע יללה, און איין פויער לענט איבער די קאַסע פון דער רעכטער אין דער לינקער האַנט און ווישט זיך מיט'ן רעכ־טען אַרבעל די אויגען אויס. „פּאַניע צמח, זאָגט ער, א ביטערער רחמנות, איין קינד איז שוין דערפרוירען געוואָרען..."

כאַפּט עס צמח'ן אַז ביים האַרץ, לויפט ער צוריק צום פריץ: אַז נישט מאַנס זיין, איז ער ביי גאָט אין די הענט — און דער שליטען איז נאָך איינגעשפּאַנט. כאַפּט אויף זיך דער פריץ א בערען־פעלץ, לויפט אַרויס, צמח שטרויכעלט נאָך, דער פריץ זיצט שוין אויבען אַן, כאַפּט אַן צמח'ן. וואָס וויינערט זיך אין דער העלפט, הויבט איהם אויף ווי א קינד און זעצט איהם נעבען זיך, און ניט א זעץ דעם שמייסער אין די פלייצעס אַריין: פאָהר! און

די אפּגעהיטעלטע פערד רייסען אויס מיט אמאָל און מען פאַרשווינדט אין אַ שטויב פון שניי, גלייך שדים וואָלטען געפלוינען...

געקומען, לאָזט צמח דעם פּריץ אין אַ באזונדער חדר אריין, און געהט איבער׳ן קאָרידאָר צום ווייבס חדר, שטעהט די טיר אָפען, שטעהט דאָס ווייב צווישען יתומות און רעדט מיט זיי הארציגע דבורים און לערענט זיי. רופט ער זי ארויס און דערצעהלט מיט גרויס געזויין און הארץ־וועהטאג, וואָס עס איז געשעהען, און ווייזט איהר אָן אויפ׳ן חדר, וואו דער פּריץ ווארט אויף איהר. און איי־דער ער הערט איהר תשובה, ווערט איהם, נישט פאַר אייך גע־דאַכט, נישט גוט, פאַלט ער אנידער אויף אַ שטול און בלייבט חלשות... און אַז ער כאַפּט זיך אויף, פארשטעהט ער נישט, וואָס דאָ איז געשעהען, וואָס ער זיצט אין פּאָדער־הויז אויף אַ שטול און איז אזוי מאַט און באַגאָסען מיט שווייס. עפענט ער אויגען און אויערען, דערהערט ער דעם פּריץ׳ס קול פון אַ שטוב. דערמאָנט ער זיך אַלץ מיט אמאָל, שפּרינגט אויף, לויפט צו צו דער טיר, די טיר איז פאַרמאַכט; בויגט ער זיך איין, קוקט דורכ׳ן לאָך פון שליסעל, זעהט ער, ווי זי זיצט אויף דער סאָפע, ער לעבען איהר אויף אַ פאַטער־שטול, אויפ׳ן טיש — כבוד, און ער האַלט איהרע הענט אין זיינע הענט, און אָט נעמט ער איהרע הענט צו זיין מויל.

— כאַפּט צמח׳ן אָן אַ שרעק, הויבט ער אָן לויפען איבער׳ן פּאָ־דער־הויז, לויפט ער פאַרביי דער שטוב, וואו די מיידלעך זיצען, די טיר איז אָפען, זעהט ער גאָר, אַז זיין ווייב זיצט צווישען די מיידלעך און לערענט זיי, און איהר פּנים שטראַלט מיט חכמה און צניעות — וואָס איז? אַ פאַרבלענדעניש? לויפט ער צוריק צום לאָך פון שליסעל אין יענעם חדר, זיצט זי שוין איבערגעבויגען צום פּריץ, איהר קאָפּ אויף זיין אקסעל, און ער נעמט זי ארום און בויגט צו די יצר־הרע־פאַר׳שכור׳טע אויגען צו איהר בלאַס פּנים, די וואָנסען צו די ליפּען. כאַפּט צמח׳ן ווייטער אָן אַ גרויל, לויפט ער צו יענער שטוב, זיין ווייב איז פאַרט צווישען די מיידלעך, ער זעהט זי באשיינפערליך, און ער הערט איהר קול און טרינקט מיט דורשט איהרע קלוגע רעד:

— אַ אידישע טאָכטער — לערענט זי די יתומות — מוז זיין ריין, ווי אַ קריסטאָל, ווי אַ ריינקייט.

דערהערט ער אבער אַ גערודער פון יענעם חדר, כאַפּט עס

איהם אז און ווארפט איהם אהין. זי זיצט שוין אינגאנצען אויף זיין שויס, נעמט ארום מיט ווייסע נאקעטע הענט זיין רויטען האלז. און מויל גענעהנט זיך צו מויל, ליפען — צו ליפען, אז עס קלינגט... פאקט עס איהם, ווי א שנעון, לויפט ער צוריק, דערהערט ער שוין אויפ'ן וועג איהר זיס־קלינגענדען קול פון דער שפיגעל־שטוב ארויס:

— א אידישע טאכטער דארף זיין שטיל, ווי א טויב, און ריין, ווי א שפיגעל אהן א הויך... פארדרעהט זיך שוין דעם ארע־מען צמח אין קאפ, פאלט ער, א שוויים־באגאסענער, אויף דעם שטול און פארגעסט זיך אינגאנצען...

און אז די שעה פון יחוד איז אריבער, כאפט ער זיך פון זיך אליין אויף. דער פריץ געהט ארויס פון פאדער־הויז, ער זעהט נאך זיין רויטען קארק אין טיר, ווי ער פארשווינדט, דערמאנט ער זיך אלץ, וויל אויפשפרינגען, קומט אבער זיין ווייב, זיס און צניעות'דיג־שטראלענדיג, פון שפיגעל־שטוב ארויס, געהט צו איהם שטיל צו, לעגט די האנט אויף זיין שטערן און זאגט איהם:

— אין זכות פון פדיון שבוים!

ענטפערט ער איהר:

— אין זכות, וואס דו לערענסט די יתומות...

ער האט פארשטאנען, אז דאס איז געווען א סיעתא דשמיא— אויפ'ן יצר־הרע'דיגען פריץ א פארבלענדעניש.—

# דער זווג.

## אדער

## שרה בת טובים.

### 1.

און די מעשה, וואס איך וועל יעצט דערצעהלען, איז אן אויס־טערליש־וואונדערליכע מעשה, און — אן אמת נמור. זי איז אין קיין שום ספר נישט געדרוקט, אין קיין קהל'שען פנקס נישט פארשריבען; איך האב זי בקבלה איש מפי איש און שטאמט פון א גרויסען ארט...

און געשעהען איז די מעשה פארצייטענס, ווען עס זענען נאך אזוי פיעל שטעדט און דערפער נישט געווען; א וועלט מיט „וואלד־אויס, וואלד־איין". און געטראפען האט זיך עס אין מעהרען דער מדינה, א אידישע קהלה איז זעלטען, משפחות־ווייז אין דערפער פארזייט, אין וועלדער צושפרייט, אהן תורה, אהן תפלה בצבור, אויסער ימים נוראים, ווען מען ציהט מיט קינד און קיים אין די ווייטע שטעדט אריין.

זיצט זיך דאמאלט א איד א שווייגער ביי א גראף אין א דארף; פרנסה רינט איבער'ן מויל... 500 קיה מעלקט ער דעם גראפס; זיינע אייגענע אויך אביסעל. האט ער א פולען קעלער מיט פוטער און קעז, א בוידעם מיט תבואות, פלאקס און פער־לעבלעך, און דער טייסטער אין בוזעם וואקסט אין דער דיק, און דאס קניפעל ביי דער שווייגערין באזונדער, און א זוהן וואקסט א געזונטער, א וואוילער, ווי א יונגער בוים אין וואלד.

און פונדעסטוועגען, איינמאל אין א ווינטער־נאכט, זיצט דער שווייגער ביי א וועקסען־ליכט ביים טיש איבער די חשבונות, מיט דעם שפיץ ווייסליכער באָרד צווישען די ציין, דער שטערען נע־

רונצעלט, ווי פון שווערע זאָרג, און קוקט מיט פארנעבעלטע אויגען אין פענסטער אריין...

— דו זינדיגסט, מיין מאַן! — וועקט איהם פון די געדאַנקען דער שוויינערינס קול. פון דער צווייטער שטוב איז זי אריינ־געקומען, צום שלאָפענדיגען זוהן געקוקט, און איהר פּנים שטראַלט.

„הערסט, איבערגעבויגען האָב איך זיך איבער איהם... די בעקלער רויטלען זיך, ווי אַ פרישער פריהמאָרגען און דער אָטעם איז רוהיג און שטיל, און שמעקט נאָך פרישע עפּעל..."

— דאָס איז טאַקע מיין זאָרג, — ענטפערט דער שוויינער.— מען וואוינט אין אַ דאָרף, ווייט פון אַ אידישער קהלה, און יאָהרען ציהען, יאָהרען פליהען, וואו נעמט מען אַ שדוך פאַר אונזער זוהן. ווי אַזוי וועט מען איהם פאַר'קנס'ן?

— גאָט וועט העלפען — טרייסט די שוויינערין, — ער האָט ביז אַהער אונז נישט פאַרלאָזט...

— אָט דאָס איז טאַקע, — מאַכט דער שוויינער, — נאָטס הילף דאַרף מען, און אין וועלכען זכות? קיין יורע ספר בין איך נישט, לערנען לערנען איך נישט, צווישען אידען וואוינט מען נישט, נאָר איין מצוה קאָנען מיר מקים זיין, — הכנסת־אורחים הייסט די מצוה — און זעה! — ער ווייזט איהר מיט'ן בליק צום פענס־טער־צו — איז אָנגעפאַלען אַ שניי פון הימעל, אַ גרויסער שניי. האָט ער די שטעגען פאַריאָגט, די וועגען פארשיט, און טעג און אפשר וואָכען, וועט קיין אורח איבער דער שוועל נישט קומען...

הויבט ער זיך אויף, און געהט ארוים, זעהן, וואָס אין דרויסען טוט זיך. זי נעמט זיך די בעטען צורעכט מאַכען, זאָמט ער זיך אָבער צו לאַנג, ווערט איהר אומעטיג, לאָזט זי אָפּ דאָס בעטגע־וואַנט, געהט צום פענסטער צו און פויקט מיט די דיקליכע פינגער אין דער שויב צום מאַן ארויס.

איז אָבער די שויב געפרוירען, קלינגט זי העל נישט אָפּ; כאַפּט זי די שאַל אויף זיך, און געהט נאָך דעם מאַן פאַר דער טיר. זעהט זי, אַז דער מאַן, וואָס הערט נישט איהרע טריט און קערט זיך נישט אום, שטעהט פארקוקט אויפ'ן וועג פון וואַלד ארויס. קוקט זי איהם, פאַרוואונדערט, נאָך. זעהען זיי ביידע צוזאַמען, ווי איבער'ן פארשאָטענעם וועג פון וואַלד געהט אַ געשטאַלט אַ ווייבערי־שע, אין אַ הויב אַ הויבער, אין אַ טערקישער שאַל. און די שאַל איז

איבער די אַקסעל נאָר פאר שעהנקייט וועגען פאַרוואָרפען. גלייך א לינדע זומער־נאַכט; נישט איינגעוויקעלט איז זי אין דער שאַל, פריי פליהען רעכטס און לינקס די עקען פון איהר. גלייך זיי וואָל־טען איהרע פליגעל געווען... און נישט זי נעהט אין שניי, זי שווימט איבער'ן שניי, קיין פוס פאַלט נישט אריין, לאָזט קיין צייכען איבער.

קוקען זיי אזוי ביידע פאַרגאַפט, ביז די געשטאַלט קומט צו צו זיי און פרעגט, צי קען זי נישט רוהען א שעה ביי זיי אין שטוב...

קומט דאָס פאַר־פאָלק אביסעל צו זיך, קוקען זיך איבער, פיה־רען מיט גרויס פרייד דעם ווייבערישען וואונדערליכען גאַסט אין שטוב אריין, גאָט האָט זיי א גאַסט באַשערט! און ווילען וועקען דעם משרת, הייסען מאַכען ווארעמס א גלעזעל; און די שוואַגערין לויפט צו צו דער שאַנק און עפענט זי ברייט און וויל ארויסנעמען פון שענסטען און בעסטען עסען און טרינקען, און איינגעמאַכטס, און זיסען בראַנפען אביסעל. דער אויסטערלישער גאַסט זאָגט אבער: ניין! זי וועט גאָרנישט פאַרזוכען, גאָרנישט טועם זיין, אז זי דאַרף נישט, נאָר אפּרוהען וויל זי זיך אביסעל, זי געהט אין א נויטיג שליחות... גיט זיך די שוואַגערין אונטער, צינדט־אָן נאָך א וועקסען ליכט, פיהרט דעם גאַסט אין א באַזונדער חדר אריין; ווייזט־אָן אויף א גרויס בעט, אויף בעטגעוואַנט ווי שניי, קישענס פּוכענע, א לייכט ווארעם איבערבעט... און ווילט איהר נישט עסען, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונטערהייט.

שלאָפען אבער, זאָגט די געשטאַלט, וועט זי נישט, נאָר אפּ־רוהען אביסעל, ווייל זי האָט נאָך א ווייט שליחות. און אז די שוואַגערין וויל זי איבערלאָזען אין שטוב, האַלט זי זי איין און פרעגט, וויפיעל עס קומט פאַר'ן חדר, ווארים אוועקגעהן וועט זי שטיל, און וויל קיינעם נישט וועקען, וויל זי איבערלאָזען געלט.

שפּרינגט די שוואַגערין אָפּ טיף געקרענקט: קיין געלט נעמט זי נישט, אויף קיין פאַל נישט... דאָס איז דאָך די איינציגע מצוה, וואָס זיי קאָנען מקיים זיין אין דאָרף; אין דעם זכות נאָר העלפט זיי דאָך גאָט, און וועט — גיט זי מיט גרויס בטחון צו — ווייטער העלפען!

צושמייכעלט זיך די געשטאַלט און פרעגט:

— פעהלט אייך עפּעס דען? האָט איהר נאָך אַ בקשה צו גאָט?

— חס ושלום!... מ׳זע׳מיר, ברוך השם, איך און מיין מאַן געזונט, און אונזער זיהן זאָל לעבען אודאי... און פּרנסה, ברוך השם, איבער׳ן מויל... נאָר וועגען אַ זווג געהט...

און זי דערצעהלט וועגען איהר זוהן, וואָס ווערט 17 יאָהר אַלט... און מען וואוינט אין אַ דאָרף, צו אַ קהלה איז ווייט...

— און וואָס טוט איהר דערצו?

— מען האָפט צו גאָט, מען בעט זיין ליעבען נאָמען... דער מאַן אויף זיין לשון, זי אויף איהר לשון... אַלע געבעטען בעט זי אויס, אַלע תחנות קאָן זי אויסוועניג כמעט, שׂרה בת טובים׳ס אַלע זיסע, הארציגע תחנות... נאָר איינע, דער עיקר, האָט זי שוין מיט טרערען דורכגענעצט, די זווג־תחנה...

— גאָט וועט העלפען, — שמייכעלט די געשטאַלט... — איך בין זיכער, שמייכעלט זי... אַ סמן האָט איהר, קיין געלט פאַר׳ן חדר ווילט איהר נישט, גיב איך אייך אַ מתנה פאַר אייער זוהנס כלה וועגען...

אַזוי זאָגט זי עס, און נעמט דערביי פון אונטער דער טערקי־שער שאַל די מתנה אַפּיר: אַ פּאָר גאָלדענע פאַנטאָפעלעך מיט פּערעלעך באַנעהט... בליצט עס אין דער שוויינערינס אויגען, שטופּט איהר די געשטאַלט די פאַנטאָפעלעך אין דער האַנט אריין און זאָגט:

— „אַ מתנה פון שׂרה בת טובים“, און פאַרשווינדט...

און אַז דער שוויינער האָט זיך נישט געקאָנט אויפ׳ן ווייב דערוואַרטען, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר און נישט באַקומענדיג קיין ענטפער, דערשראָקען די טיר געעפענט, זעהט ער, דאָס ווייב שטעהט אַליין אינמיטען שטוב מיט אָן אָפען מויל, אויסגעגלאָצ־טע אויגען און גאָלדענע פאַנטאָפעלעך אין דער האַנט.

2.

אין דערזעלבער צייט, אין דערזעלבער מדינה מעהרען, נאָר מיילען, מיילען ווייט פון שוויינער, און נישט וויסענדיג פון שוויי־נער, האָט אין אַ טיפען וואַלד אַ איד געוואוינט, אַ קוילען־גרעבער. האָט אַ שטיבעל אין וואַלד און אַז אויוועז נערונגען, אויך ביי אַ

גראף. נאָר דער איד איז אַן אָרעמער געוועזן און אַ שווערע פּרנסה געהאַט: זאַמלען דאָס אָפּגעפאַלענע פון ביימער, זומער — אָפּגעדאָרטע צווייגען, ווינטער — קאָרע געפלאַצטע פון פראָסט און נאָך יעדען געוויטער — דאָס אָפּגעהאַקטע פון דונער און אָפּ־געריסענע פון ווינט, און טראָגען צום אויוועז און אויף קוילען פאַרברענען — קומט ער פאַרנאַכט אהיים אַ מידער, אַ שוואַרצער... האָט איהם אָבער זיין ליעבער נאָמען אַ זיס טעכטערל באַשערט (דער איד איז אַן אַלמן געווען), קומט זי איהם אַקעגען מיט פרייד, און העלפט איהם וואַשען און איבערטון זיך און גיט איהם צו עסען און צו טרינקען און מאַכט איהם פיין דאָס געלעגער צורעכט...

און קאָן ער נישט איינשלאָפען, — און, זייט ער איז אַן אַלמן געוואָרען, טרעפט זיך עס איהם גאַנץ אָפט — צינדט זי אַ קינעל אָן, אָדער, ווען קלאָרע נעכט, שטעלט זי זיך קעגען דער לבנה צום פענסטערל, און לייענט הויך איהרע „הייליגע" ספרים אויף „עברי־טייטש", די מוטער האָט זי אויסגעלערענט, די ספרים בירושה גע־לאָזט: צאינה וראינה, קב־הישר, תחנות פון שרה בת טובים... לייענט זי איהם הויך... ער, אַ פּראָסטער איד, הערט זיך איין, ביז די אויגען קלעפען זיך איהם צו, דאַכט זיך איהם, אַז י ע נ ע לייענט, די מוטער לייענט, און ער שלאָפט רוהיג איין, איינגעווינט פון זיסען קול און די ווערטער די הייליגע...

קומט איהר אַמאָל אַ זעהר הארץ־ווייכיגע תחנה אין דער האַנט אריין, אַ תחנה, וואָס אַ מאַמע זאָגט, ווען זי בעט זיין ליעבען נאָ־מען ווענען אַ זווג פאַר אַ קינד...

„און זעה, ליעבער, הארציגער גאָט, פאַר מיין ליעבער, האַר־ציגער טאָכטער ווענען אַ זווג, אַ זווג אַ כשר'ן"... הויבט דאָס מיי־דעל אָן צו פאַרשטעהן, ווענען וואָס עס געהט, האַקט זי אָפּ און וויל אַן אַנדער תחנה נעמען, בעט זיך דער פאָטער:

— ניין, טאָכטער לעבען, ניין... ווייטער לייען... גיב מיר די הייליגע ווערטער אין מויל אריין, לאָמיך בעטען ביי גאָט פאַר דיר... אַ האַרץ האָב איך, טאָכטערשי, אַ פולס, נאָר, אַ איד אַ פּראָסטער, קיין ווערטער האָב איך נישט...

מוז זי פאָלגען און לייענט ווייטער און ווייטער. ווי שמע־קענדיגער בוימאויל גיסט זיך די תחנה. לאַנג איינגעשלאָפען איז שוין דער פאָטער — זי מערקט עס נישט, ער שנאָרכט—זי הערט

נישט און לייענט... און פלוצלונג וועקט זיך אויף א נישט פארשטא־נען בענקעניש אין דעם מיידעלס הארץ, די יתומ׳ישע נשמה האט זיך עפעס פארבענקט... עס קלאפט דאס הערצעל־קליין, פייכט און נעבעלדיג ווערען די אויגעלעך פארדעקט, די ריין־קינדעריש בלויע, און דאס קול׳עכעל ציטערט און ציטערט און ווערט פון באהאלטענע טרערען פייכט...

און אינמיטען — עפענט זיך די טיר און אין איהר באוויזט זיך א וואונדערליבע געשטאלט... אין א הויב א הויכער און א טערקישער שאל, די אויגען לייכטען אזוי ליטזעליג זיס, אז דאס איינגעשרומפענע פנים׳ל שטראלט.

— טאטע ! — וויל זי דעם פאטער וועקען. לעגט אבער די אלטע די פינגער איבער די לעפצען, ווערט דאס מיידעל שטיל, בלייבט זי, ווי אין א פאר־כשופ׳טען חלום שטעהן. און די אלטע געהט־צו צום טיש און זעצט זיך, און שטרעקט אויס די האנט און ציהט דאס מיידעל זיך צום הארצען צו...

— שרעק דיך נישט, מיידעלע,—זאגט זי — שרה בת טובים בין איך... מיינע תחנות האסטו געלייענט... און עס איז א שטילע נאכט, האב איך אין מיין שטילער רוה דיין זיסען קול געהערט, בין איך געקומען צו דיר און האב דיר א מתנה געבראכט...

און נעמט פון אונטער דער טערקישער שאל די מתנה אפיר :

— זעה, ליעב קינד... אט, סאמעט געשוירענער א שטיק... אויף א בייטעלע צוגעשניטען... און פול, אלערליי קאלירען זיידענע פול, צום אויסנעהען, דאס בייטעלע... און פעדים נאך דערצו זיל־בערנע, און גאלדענע אויך אביסעל, און פליטערלעך דערצו, אויך זילבער און גאלד... און אזוי זעהסטו נייהט מען, טעכטערל, און אזוי ווערט געשטיקט... האלט די נאדעל פעסט, לויף מיט די פינ־גערלעך געשיקט... זעהסט א מגן־דוד׳ל געהט, און אט בליהען בלי־מעלעך ארויס... פרישע, ווי אין װאלד אין זומער־צייט... א תפלין־בייטעלע נעה, א מתנה מאך, פאר דיין באשערטען א מתנה, ווי דיין ליעבע מאמע האט דיין ליעבען טאטען געשענקט...

און די אלטע לערענט, און דאס מיידעלע שטיקט און העפט...

און אז דער פריהמארגען בליהט, כאפט זיך דער פאטער אויף, די טאכטער זיצט אליין אין שטוב מיט א תפלין־בייטעלע אין די הענט, סאמעט, זילבער און גאלד...

3.

און אז דעם שווייגערס זוהן איז אלט געווארען 17 יאהר, האט מען איהם ארויפגעזעצט אויף א וועגעלע און געשיקט אין דער וועלט אריין זיך א כלה זוכען צו שרה־בת־טובים־פאנטאפעלעך...

פאהרט ער וואלד־אויס, וואלד איין, איבער דערפער און שטעדט, כלה־מיידלעך ווי זאמד און ערד — קיין איינער פאסען די פאנטאפעלעך נישט...

פאהרט ער א יאהר, פאהרט צוויי, נישטא און נישטא, פאר־לירט ער די אמונה דערין, קערט ער אהיים; ער וועט טאטע־מאמע זאגען: ס'איז א חלום געווען. אזוינע פיסלעך קליינע זענען נישט פאראן...

פאהרט ער אהיים, און פאהרט, און פאהרט פון וועג אראפ, און פארבלאנדזשעט אין א וואלד, דעמבעם מיט דעמבעס, ריזען ביי ריזען שטעהען, נישט אויס און נישט איין. בלייבט ער שטעהן; פרייטאג איז, די זון געהט אונטער און לאזט זיך, א פייערדיגע קויל, אלץ טיפער און טיפער אראפ, דער אווענט באלט צו — שטעלט ער זיך „שיר־השירים" זאגען, און געהט, שיר־השירים זאגענדיג, אין וואלד ארום, האלט זיך נאר פון וועגעלע נישט ווייט, און פון פערד, וואס פאשעט זיך... און שטיל רוישט, ביים אווענט־ווינטעל, דער וואלד, גלייך ער וואלט איהם „שיר השירים" נאכגעזאגט... און שטיל ווערט און טונקעלער, און פלוצלונג פלאמט צווישען די בוימער א פענסטערל אויף, לויפט ער צו מיט פרייד און קלאפט אן:

— וואוינט דא א איד?

— א איד!

א איד קומט פון שטיבעלע ארויס, באווייזט זיך אויף דער שוועל.

— שלום עליכם, א איד!

— שלום עליכם, — ענטפערט דער יונגערמאן — קאן מען האלטען שבת ביי אייך?

— האלטען יא, — ענטפערט מיט א טרויעריגען שמייכעל דער איד — נאר עסען האב איך נישט וואס...

— עסען האָב איך, — ענטפערט דער יונגערמאַן — און טרינקען אויך — קומט מיט מיר צום וועגעלע צו, פון אַלעם גוטען אנגעגרייט...

אין א שעה ארום נאָך קבלת שבת זיצען זיי שוין ביידע נאָך קדוש ביים טיש... און זינגען זמירות, און עסען... זעהט דער יונ־גערמאַן, ווי פון יעדען מאכל נעמט דער אַלטער און איז קוים וואס טועם אביסעל, און טראָגט באַלד די רעשט פאַר דער טיר ארויס. מיינט ער, פאַר א קעלבעל צי אַן עוף... איז ער דאָך נישט אזוי ארעם דער איד, פארוואס האט ער קיין שבת נישט געמאַכט... א יונגערמאַן, פרעגט ער איהם.

זאָגט דער אַלטער: ניין, אַן ארעמער קוילען־גרעבער בין איך... קיין קאַלב, קיין עופות פארמאָג איך נישט... נאָר א זים טעכטערל האָב איך, באָרוועס געהט זי, נעבעך, שעמט זי זיך באָרוועסערהייט אין שטוב אריינצוקומען... זיצט זי און עסט פאַר דער טיר...

נעמט דער יונגערמאַן מיט הארץ־קלאַפעניש די גאָלדענע פאַנ־טאָפעלעך פון בוזעם ארויס און גיט זיי דעם אַלטען איבער: געהט, מעסט זיי אייער טאָכטער אָן... צי זיי פּאַסען, זעהט...

קומט דער אַלטער צוריק: — זיי פּאַסען...

4.

און ביים רייכען שווייגער איז א חתונה געווען... ער האָט מיט'ן קוילען־ברענער א שדוך געטאָן, און די חופּה האָט מען איז שטאָדט געשטעלט. און אַז מען איז פון דער חופּה געגאַנגען, האָט זיך פּלוצלונג א געשטאַלט באוויזען, אין א הויב א הויכער, אין א טערקישער שאַל, אפּנים אַן אַלטס, נאָר אויגען לייטזעלינע און יונגע, און האָט קעגען חתן־כלה מיט א קוילעטש געטאַנצט...

און נישט אַלע האָבען געוואוסט, ווער דאָס איז...

# אויף דער פרישער לופט.

**א מעשה נורא מיט'ן רבי'ן ז"ל לעבענ'ס אינגסטער שנור.**

פון דער טיפסטער טיפעניש, פון אונטער'ן שאול תחתיה, רייכט זיך איינמאל ארויף און שלאגט זיך אפ אין אלע שבעת מדורות פון גיהנום א קראצענדיג־פייפענדיגער גרילץ:

— „פייראנד!"

דארטען אויך פאראן „פייראנד!"

זענען די לאפיטוטלעך — די אונטערהייצער פון די קעסלען— אונטערגעשפרונגען פאר גרויס פרייד: פייראנד! פריי אויף עטליכע שעה! א יומא דפגרא אין גיהנום! און איינער גרילצט איבער צום צווייטען:

— פייראנד! פייראנד!

און אז עמיץ גיט א פרעג:

— וואס אזוינס?

ענטפערט מען איהם פארדראסיג:

— שבתי־צבי'ס יאהרצייט! דאס הייסט: עם הארץ! ווי קאן מען אזוינס פארגעסען?!

ווערען ראש צוגעווארפען גאנצע בערגלעך קוילען צום פייער אונטער די קעסלען; שלאגען מיט אמאל פון די קעסלען גאנצע וואלקען פון פרישער פארע ארויס; רייסען זיך פון די קעסלען ארויס נייע שרעקליכע געשרייען, פון פחד און יסורים רעים...

לאכען זיי, די לאפיטוטלעך: ווארפען, זינגענדיג און פייפענדיג, די פארטיכער פון די לייבער אראפ, נעמען אויף זיך, מעשה־קונדס, יעדער אן אנדער געשטאלט: ווער פון א מענש, ווער פון א חיה־רעה, פון אן עוף, צי פון א בייזער פליג אדער עפעס א טמא־קריכענדיגס... און קייכען, איינער אויפ'ן אנדערען קוקענדיג, פאר געלעכטער. און לאזען זיך ארויס און ארויף אויף דער אויבערשטער וועלט, אויף א שפאציר, אויף א פארוויילעניש, אויף וואס עס וועט זיך טרעפען.

פייראנד! — ביז די זון וועט אונטערגעהן, ביז די גלאָק וועט אין קלויכטער אויף זייער „מעריב" קלינגען!

אגב, וועט זיך מאכען א געלעגענהייט, א בשר־ודם א פיסעל אונטערצושטעלען, א נישט געוואָרענט נשמה'לע אין נעץ אריינ־כאפּען — וועט מען זיך מיט דער געלעגענהייט באנוצען. דער גיהנום באלוינט מיט א ברייטער האנט: נישט פון איין קעסעל־הייצער איז ארוים א העכט ביז לפני ולפנים: א שר־המשקים ביי ס"ם, א שלעפּען־טרעגער ביי לילית'ן...

פרעהען זיך מיט'ן „פייראנד" די לאפּיטוטלער, שפּרינגען ארוים און ארויף, און צולויפען זיך אויף ארבע כנפות הארץ: זה בכה וזה בכה... עס וועט זיך מעשים טון. —

אין גיהנום־לוח בין איך נישט באהאוונט: ביי א ו נ ז איז א שעהנער זומער־טאג געוועזען — און איין לאפּיטוטעל איז זיך מישב, פארשטעלט זיך פאר א שעהן־חנ'עווריג, געל־גאָלדיג פרעשעל, מיט א גרין־סאמטענעם אונטערשלאק, און לאזט זיך, היפּענדיג און שפּרינגענדיג, אויף אן עקסקורסיע איבער א זומער־וואוינונג אונטער א שטאָדט. — פעהלט איהם, מן הסתם, קיין נחת נישט:

אט זיצט פאר דער סטאנציע א חברה נשים; אפּוואַרטענדיג מענער אדער געסט, בייטעלט מען דערווייל די ווייבערשע קלייען: אויף שכנים ושכנות — אסור לדבר, — באלעקט עס זיך, דאָס פרעשעל; עס זעהט שוין בחוש, ווי די ווייבלעך הענגען אויף יענער וועלט ביי די צינגלעך, ווי זיי וויגען זיך אין וויגען אין אויר... און היפּט ווייטער... זיצען אויף א וואָרענדע אידעלעך, זומער־לעב — אהן די קאפּאטקעלעך, — און די לייב־צודעקלעך, מאנכע אין טליתים־קטנים אפילו, און כאפּען — א קערטעל אויף דער פריי־שער לופט.

שרייט איינער, התפעלות'דיג:

— מלכה־מלך־טויז — א קווענץ! און לעגט א יד־חזקה אויפ'ן טעצעל מיט'ן געלט ארויף —

פייפט איהם אויס דער צווייטער; ער האָט:

— א רויש! א רויש!

ווערט א געשרייערייי:

— א מזל, א מזל פון א איד!

שמעלצט זיך דאס לאפּיטוטעל אין פּוטער; די אידעלעך וועלען שוין פאַרגעסען מנחה צו דאוונען! ער וועט עס געדענקען און אז עס וועט קומען די צייט, עדות זאָגען...

און ער שפּרינגט, ווי א מילגרוים, מיט נחת פול, אין וועלדעל אריין; פון דאָרט יונגע קולות דערהערט: געלעכטער, שטיקלעך ליעדלעך פון אידישען טעאטער, פון דער קאַטערינקע אין הויף...

עס לאָזט זיך וואוילגעהן פון בחורים און בתולות א כנופיא'לע!

בגלוי הראש די בחורים (א שפּאס — אזא היץ!), די בתולות

— בגלוי עפּעס ערגערס... מען געהט שנים, שנים, אויף און אפּ געהט מען. צי מען זיצט אויפ'ן שמעקענדיגען גראָז, אנדערע — פּרקדן, אויסגעצויגען... און אט שפּרינגט מען אויף, א טענצעל וועט מען כאַפּען!

א מיידעל מיט צופּלאָסענע האָר האָט גערופען:

— טאַנצען! טאַנצען!

האָבען זיך בחורים און בתולות אָנגעכאַפּט ביי די הענט: א בחור מיט א בתולה, א בחור מיט א בתולה —

און דאס מיידעל מיט די צופּלאָסטעטע האָר רופט:

— ווער וועט זינגען? ווער וועט זינגען? און דאס קול'כעל איז אנגעשוואָלען פון יצר הרע, און אין די אויגעלעך פלאַקערען די יצר־הרע־פלעמלעך. געפעלט זי דעם פרעשעל זעהר, זעהר; טיי־וועלם־קיים דערשפּירט! ניסען ווילט זיך איהם... שפּרינגט ער נעהנטער צום זוים פון איהר קליידעל צו. דערזעהט איהם דאס מיידעל און דערשרעקט זיך, א פּחד פאַלט אויף איהר. לאָזט זי א קוויטש אַרויס, א שרעקליכען קוויטש, און אנטלויפט. ווי א האָז פאַר'ן יעגער. אלץ אינאיינעם קוויטשענדיג, טיפער און טיפער אין וועלדעל אריין; לויפט איהר איינער, א בחור, נאָך... — דאס געבליבענע יונגוואַרג לאַכט, האַלט זיך ביי די זייטען און קייכט, דער בחור מיט דער בתולה — פאַרשווינדען...

היפּט דאס פרעשעל לוסטיג און לעבעדיג ווייטער, און ווייטער — עס איז איהם היינט אַזויפיעל נחת באַשערט, ער וועט האָבען וואס צו דערצעהלען אין די לאַנגע גיהנום־נעכט, צווישען איין קוילען־אונטערשיט און דעם צווייטען, און קוקט זיך אום — א נייע מציאה: —

איינע אליין, א בלאסע דאמע אויף א שטיין ביים וועג, א בוך אין דער האנט — א היינטיג מעשה־ביכעל. מן הסתם: א העכסט־אינטערעסאנטער ראמאן! זי לעזט און שטיל, דריבנע ציטערט איהר לייב. אין די אויגעלעך וועקען און לעשען זיך די גוטע פינקע־לער; די בליצעלעך, די גוטע!

און איבער'ן בלאסען פנימ'ל בייטען זיך, צינדען און לעשען זיך, בליהען אויף, פארגעהען און צוגליהען זיך אויפ'ם ניי די רעב־טע רויטע פלעקעלעך, און צוגיסען זיך איבער'ן בלאסען האלז־און־נאקען אראפ... און דאס הערצעל הויבט זיך און פאלט —

— אה!

לאזט זיך אבער דערוויל אראפ די זון — א פייערדיגע קויל הינטער'ן וועלדעל. די בוימער־שטאמען גילדען זיך און גילדען, מיט איהר אפגלאנץ באנאסען...

שטילער איז געווארען. און אין דער שטילקייט דערהערט זיך פון נישט ווייטען דארף די גלאק, זייער מעריב־גלאק.

די ארבייט רוהט!

פארשפעטיגט ער, ווערט קאלט זיין קעסעל, פארגליווערט דער פעך, פארפעהלען אין די גיהנום־מהומות זיינע קעסעל־קולות, — ער וואלט זיך שוין נישט אויסגעקויפט; מלקות איז גארנישט!

שפרינגט דאס פרעשעל אפ צום וועג, וויל טוישען די גע־שטאלט און פארשווינדען, און טוט עס נישט, און בלייבט שטעהן — —

עס האט זיך אויף א ווערא'נדרע דעם רבי'נס אינגסטע שנור דערזעהן — — —

ווי קומט דעם רבי'נס אינגסטע שנור אהער? א מעשה שהיה...

דעם רבי'נס אינגסטע שנור, זאל לעבען, איז, מיט זיין ליע־בען נאמענס הילף, מיט אן ערשטלינג די ערשטע קינפעט איבער־געקומען...

א יפת תואר — איינע אין גאנץ קרוין־פוילען; נאר א שוואַ־כינקע, אביסעל א פארצויגענע; ביי דער מחותנת, דער מוטער, פון געבוירענהייט אן א ציטעריגע בת־יחידה געווען. קומט זי אזוי נעשוויכד צו די כחות נישט צוריק...

און עסען עסט עס ציפענדיג, ווי א פייגעלע; וויין צום שטארקען — נישט איבער די ליפעלעך; הוים־קוים א זיפ פון

קדוש און הבדלה... איז זי, נעבעך, בלאס. און שוואך איז זי, און דאס קעפעלע, נעבעך, דרעהט זיך איהר... ציטערט די מאמע, און — שלום בית שאין לשער, — ציטערט דער יונגער־מאן... זיצט ער איבער'ן ספר און פון די אויגעלעך — טראפען נאך א טראפען! רופט מען א דאקטאר, און נאך א דאק־טאר, זאגען אלע: פרישע לופט...

היינט פארשרייבט מען דאך נישט; הימעל און ערד און פרי־שע לופט.

האט אבער ער, זאל לעבען, קיין חשק נישט...

— א נסיון — ברומט ער, א שטיקעל סכנה, זאגט ער.

שטעהט אבער צו דער בן: טאטעשי און טאטעשי! און די מחותנת — די מוטער דעם ווייבעלס:

— סטייטש? צי נעמט דער רבי אויף זיך א נפש? אזא'ן איידעל נפש'ל?!

וואס טוט מען מיט א זוהן? און מיט א מחותנת?...

זאגט ער צו איהר:

— מוזט איהר מיטפאהרען, מחותנת, און אכטונג געבען און, חס ושלום, מאכט זיך עפעס —

און ער, זאל לעבען, רוימט איהר עפעס אין אויער אריין.

און מען פאהרט נאך די אייגענע וואך. דאס ווייבעל, די מו־טער, דאס קינד מיט דער אם...

זיצט עס פונקט דאס ווייבעל, דעם רבי'ן זאל לעבענס שנור, אויף דער וועראנדע אין קיהלען שטילען פארנאכט, און אטעמט די פרישע, שמעקענדיגע לופט. אין שטוב ביים ווענעלע, אין וועלכען דאס קינד איז איינגעשלאפען, זיצט די אם; זיצט און שטריקט איהר זאק די באבעשי — און זי אויף דער וועראנדע קוקט אין עפעס אריין... און, קענטיג, א שטילען נחת שעפט זי פון דעם, וואס זי קוקט אריין. די אויגעלעך גלאנצען מיט נחת, דאס גאנצע בלאסע פנים'ל שיינט, ווי א צווייטע לבנה, פון בלויען ציפיקעל ארויס.

דאס האט דאס ימח־שמו'ניקעל דערזעהן.

— וואס לעזט אזוינס דאס גענאלטע ווייבעלע אינ'ם בלויען ציפיקעל? עס איז א וואכען־טאג, עס איז קיין צאינה־וראינה נישט...

וויל ער צושפרינגען און זעהן... היפט ער עטליכע שריט און

ווייטער קאָן ער נישט... דאָס ספר'ל לאָזט איהם נישט צו. עס שטויסט איהם אָפּ.

באַניסט זיך איהם מיט שוויים דאָס שטערנדעל... כאַפּט עס אַפּיר, און איבער דער פעל אַריבער, אַ פּיסעל נאָך אַ פּיסעל און קראַצט, און קראַצט, גלייך עמיץ וואָלט אויף איהם מיט זיבען־יעהריגען ווייןֿעסיג געטריפט... נאָר אַוועק וועט ער נישט, און זאָל ער אַפילו פאַרשפּעטיגען, און ווען כּף הקל... אַזאַ שטיל־צניעות וועט ער נישט דערלאָזען...

ביני לביני, דערהערט דאָס ווייבעל עפּעס אַ גערודער פון שטוב. קושט זי דאָס ספר'ל האַרציג מיט די ליפּעלעך, פאַרמאַכט עס און לעגט אַוועק אויפ'ן טיש. און צושטראַלט זיך נאָך כשר'ער, און ווענדט זיך מיט די צניעה'דיג־פינקעלדינע אויגעלעך צו דער טיר צו, נאָך אויף אַ גרעסערען נחת וואַרטענדיג...

און דאָס טירעל פון אינעווענינ עפענט זיך שטיל, אַהן אַ סקריפּ, און די אַם, מיט אַ פינגער פון איין האַנט איבער די ליפּען, דאָס הייסט: טסס כ'קינדעלע שלאָפט! — שטופּט פאַר זיך מיט דער צווייטער האַנט דאָס קינדערשע וועגעלע אויף דער וועראַנדע אַרוים... אויף גומענע רעדעלעך, אַ היינטיג־מאָדיש וועגעלע, מען הערט קיין שאָרך נישט —

— און די מאַמעשי? — פרעגט דאָס יונגע ווייבעל, קוים הערעווודיג.

צושמייכעלט זיך די אַם, נחת'דיג:

— ביים זאַק, ביים וועגעלע צוקאָפּענס איינגעדרימעלט... זאָ־לען נאָר די פליגען לאָזען!

ריהרט זיך דאָס יונגע מאַמעלע, שטיל מיט די ליפּעלעך, צום קינדס שטערנדעל צו:

— אַ גוטע נאַכט, אַ זיסע נאַכט, אונטער'ן גוטען מלאך'ס פליגעלע...

און צוריק פאָהרט דאָס קינד. די אַם פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר צוריק... שמייכעלט דאָס יונגע ווייבעלע אַ זיס פאַר'חלומ'ט שמייכעלע איבער'ן בלאַסען פּנימ'ל, און הויבט זיך שטיל, שטיל אויף, און לאָזט זיך, שטיל באַגליקט, צו דער וועראַנדע צו, און בויגט זיך, מיט'ן פולען הערצעלע, איבער'ן געלענדער אַריבער, און הויבט דאָס קעפּעלע, מיט די פרום און נחת'דיג שטראַלענדיגע

אויגעלעך, מיט א זיסען דאנק צום בלויען, שטילען הימעל ארויף...
פארזייהט זיך דער בלויער שטילער הימעל מיט גאלדענע פינקעל־דיגע שטערענדלעך. שטראלען זיי, פינקלען זיי צוריק צום גליקלי־כען מאמעלע אראפּ — קאן עס שוין דאס פרעשעל נישט אריבער־טראגען, שפרינגט עס טיפער צוריק אין וועלדעל אריין. תוך כדי דבור קומט פון דארט, צוריק אויפ'ן וועג ארויף, א אידעלע — א געהער, א שטעקען אין דער האנט, דער סחורה־קאסטען איבער די אקסעל. און ער שפרייזט, איבער דער ברייט פון וועג, גלייך צו דער וועראנדע צו, רופענדיג:

— קויף עפעס, יונג ווייבעלע — — —

זי זעהט איהם נישט, זי הערט איהם נישט...

— קויף עפעס, מאמעלע!

„מאמעלע" דערהערט זי שוין און גיט א לייכטען ציטער. ווארפט דער געהער דעם קאסטען פון די אקסעל אראפּ, און עפענט זיינע פאכען. און רעכענט אויס:

— שפילקעס און נאדעלעך, האר־נאדעלעך און קעמעלעך...

— איך דארף נישט, ליעבער איד!

עפענט ער א צווייטען פאך:

— אט עלעפענביינערנע רייפעלעך, פאר'ן יונג קינדעלע אין מיילעכעל אריין — א שפילעכעל... און אט וועלפענע ציינדעלעך; א סגולה, לייכט דאס ציינדלען איבערצוקומען... און אט, פאר אן עין־הרע, אויפ'ן הענטעל — בענדעלעך... זיידענע, רויטינקע...

אויף דעם ווארפט שוין דאס יונגע מאמעלע אן אויג; זי וויל דאך זאגען:

— נאך צו־פריה, ר' איד...

אבער תוך כדי דבור, ווי זי האט נאר אן אויג געווארפען, האט ער א פאך א נייעם געעפענט, און איהר פאר די אויגען מיט א שנור קרעלען א בליץ געטאן; ווי מילגרוימען גרויסע, רויטע ווי בלוט... און מיט זיינע אויגען — א בליץ, און מיט א קול, א הייס־אנרעדעוודיגע:

— קויף ווייבעלע, קויף!

געלאסען שמייכלענדיג, מאכט זי אוועק מיט דער האנט אויף נישט...

ער טוט זיינס:

— און אַט פּערעל! מיינט נישט, אַז אַרעמער שאַכער. אַט בריליאַנטען אפילו, און איך גיב אויף באַרג! און אַז אַ יונג ווײַבעל פאַרלאַנגט, שענק איך אַמאָל... איהר הערט? איך שענק! פּערעל שענק איך, און בריליאַנטען...

האַקט זי איהם שוין איבער קאַלט:

— אומזיסט אייערע רעד, וועך איהר זאָלט נישט זיין! געהט אייך אייער וועג. מיין צירונג שלאָפט אין וועגעלע אין שטוב. מיין טייער צירונג שלאָפט פון אַ גוטען מלאך באַשיצט... איך דאַרף אייך אין אייער סחורה נישט! געהט אייך, געהט, וועך איהר זאָלט נישט זיין!

אומרוהיג איז זי דאַך, וועגדט זי זיך אָפּ און הויבט אָן, אונטער׳ן פּרייען הימעל, פאַר׳ן שלאָף קריאת־שמע צו לייענען. ווערט נעלם דער שאַכער, צוריק אין וועלדעל אריין. און פון דאָרט רייסט זיך פּלוצלונג אַ יונגער בחור פון די הייגטיגע בחורים ארויס, לאַנגע פּעכינע האָר ביז איבער די אַקסעל; אויגען, ווי די ברענענדיגע קוילען, פלאַמענדיגע; אין איין האַנט עפּעס אַ כלי, אַ מאַרנע, מיט סטרונעס צום גרימפּלען; די צווייטע — ביים האַרץ, עס זאָל נישט אַרויסשפּרינגען.

און ער רעדט צו איהר, זיפצענדיג, און זינגענדיג, פון צייט צו צייט אויפ׳ן אינסטרומענט צוגרימפּלענדיג:

— אַ, בת־מלכה פון הימעל! — דאַס הייגטיגע לשון פון בחורים! — דו פאַרשעמסט מיט דיין זיס בלאַס פּנים׳ל אין הימעל די לבנה, און מיט דיינע זיסע אויגעלעך — די שטערענדלעך אין הימעל!

און ווייטער אַ כאַפּ צום האַרץ:

— און האָסט אַנגעצונדען אַ העליש פייער אין מיין ברוסט... אַ בענקעניש — אין מיין נשמה!

און שיר השירים קאָן ער אויך:

— מיט איינס פון דיינע אויגעלעך האָסט דו מיך באַהאַרצט; מיט אַ שטראַל פון דיינע אויגען דאָס האַרץ דורכגעשטאָכען אוּן נעלעכערט, און אַ וואונד געמאַכט. אין עס טריפט, און טריפט מיין האַרציג בלוט. און נאָר דו, דו מיט דיין זיסער האַנט קאָנסט זי היילען...

זעהט דאס ווייבעל, נעבעך, אז עס וועט קיין עק נישט נעד
מען, האקט זי די קריאת־שמע איבער:

— נארישער בחור, — זאגט זי, — נארישער בחור מיט א מיידעלשען קאפ און א כלי־זמר׳ישער כלי אין דער האנט, — איך בין אן אשת־איש, און האב א ליעבען, ליעבען מאן; פון יחוס — א פאהן און פער. און א תורה־לערנער א גרויסער... און איך האב איהם ליעב, אוי, ווי ליעב! און א יונג מאמעלע בין איך, א גליק־ליך יונג מאמעלע, זיין ליעבער נאמען האט מיר א קינדעלע — א מלאך׳ל באשערט... ווארף נישט קיין ארבעס אויף דער וואנט...

ווערט פון בחור צוריק פראש...

האט זיך אבער נישט דאס פרעשעל אליין פארזאמט; אנדע־רע אויך, האבען אפשר ב ע ס ע ר ע געשעפטען געהאט... קומט אנגעשפרינגען א יאשטשערקעלע, שטעלט זיך ביים פרעשעל אפ:

— אויך פארשפעטיגט?

— און אומזיסט! — ענטפערט דאס פרעשעל פארצאנט, און ווייזט צום ווייבעל צו...

— אי! — איז דאס יאשטשערקעלע מבטל און מאכט צום פראש:

— ביזט א פערד; זיי א פערד! א רייט־פערד, א רייט־פערד פאר א פריץ, א יעגער א שטאלצען.

וכך הוה. פון דעם פרעשעל איז א שווארץ־סאמעטען־מיוחס־דיג פערדעל געווארען, אט שטאמפט עס מיט די דינע פיסלעך, און א רייט־געשפאן — א זילבערענס, מיט גאלדענע פליטערלעך באַ־שפריצט.

און פון דער יאשטשערקע ווערט א פריץ׳ל — א יעגערל; הויך און שטאלץ, און חנ׳עוודיג, ווי שלענגעלעך די וואנסעלעך—

שפרינגט דאס פריץ׳ל — דאס יעגערל אויפ׳ן פערדעלע ארויף, און גיט א ריט איבער׳ן וועג אין דער ברייט, צו דער ווע־ראנדע צו, און גיט א זאג עכט פריצ׳ישדיג:

— עה, אידיש ווייבעל — חנ׳עוודינס! א גלעזעל וואסער ברענג ארויס!

און א פריץ פאלגט מען דאך. ציטערט דאס ווייבעל אי:
ברענגט א גלאז מיט וואסער ארויס, און דערלאנגט מיט א האנ־
א פארציטערטער. נעמט דאס פריץ׳ל דאס גלאז צוזאמען מיט די:

האנט, און דריקט די האנט. און ארויסצורייסען די האנט האט זי נישט קיין כח. און ער קוקט, מיט אויגען פריץ'ישע, הייס און היציגער אין איהרע כשר'ע אויגעלעך אריין, די בליקען זיינע בריהען זי און איהרע ברעמען פאלגען נישט און פאלען נישט אראפ. און זי קוקט, פאר'כשופ'ט, איהם אקעגען — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האט ראך ער, זאל לעבען, עפעס דער מוטער איינגערוימט...

שטעלט זיך אויף דער שלאפענדיגער מוטערס נאז א פליג און זשומט, און גיט א ביס...

שפרינגט דאס אלטע מוטערל אויף; וואו די טאכטער, וואו?

לויפט זי, די בריל אויפ'ן שטערן, דעם זאק אין דער האנט, די שפיזלעך פארלירענדיג, אויף דער וועראנדע ארויס, דערזעהט זי, גיט זי:

— „שרי, קרע שטן!“ — א געשריי —

און שוין —

נעלם געווארען דאס פריץ'ל, די ערד האט'ן איינגעשלונגען...

אז אמת'ע סכנה געווען... אבער נצול געווארען!

# איבער א שמעק־טאבאק.

אז דער בעל דבר איז געזעסען, א פוס איבער א פוס, מיט א ליעבליך־זאמטען שמייכעל, און האט גלאט אזוי, האלב גענעצענדיג, געבלעטערט אין קאנטא־בוך פון לעבעדיגע נפשות, האט ער פלוצלונג א פאטש געטאן מיט די הענט.

ער איז צוגעקומען צום כעלעמער רב׳ס קאנטא — און קיין תמונת אות — א לעדיג בלאט.

אויפ׳ן פאטש, פארשטעהט זיך, זענען זיך דערוויייל אנגעלאפען גיהנום־לאפיטוטען; זיי שטעהען אין טיר, ווי די כלבים, מיט די צונגען ארויס, אוןווארטען אויף א באפעהל.

— שיקט נאר — הייסט דער בעל־דבר, — זמיצען ארויף, געוואר ווערען, צי דער כעלמער רב האט אריכת ימים.

די לאפיטוטען פארשווינדען אזוי שטיל, ווי זיי זענען געקומען, און עס געהט נישט אוועק קיין פיערטעל שעה, קומט א תשובה: געוועזן אין קאמער פון לעבען; דעם כעלעמער רב׳ס פאדים — כמעט נישט מיט׳ן אויג צו דערזעהן — הייננט־מארגען רופט מען איהם!

— זאל אריינקומען דער שרייבער:

טאנצט אריין א גאל־קעפיג שרייבערל, מיט רויט־לויפענדיג־לוסטיגע אויגעלעך, היהנערשע פיסעלעך, א קידה אהין, א השתחויה׳לע אהער; גיט זיך א זעץ אויף דער שווארץ־ברענענדיגער סמאלע־פארלאגע אויף טערקיש — די פיס אונטער זיך; כאפט ארויס פון א י ז זייט בוזים־קעשענע כלי־כתיבה: א נייע קראהענע פעדער פון דער נאדעל; א טינטער מיט רויט־זינגדינען בלוט, אפגעצאפט פון הבא על העריות, פון דער צווייטער זייט, און וויקעלט אויף א פריש אויסגעארבייט שטיקעל אפיקורסות־הויט, שפייט זיך אן אויף דער יד און ווארפט אן אונטערטעניגסטען בליק צום בעל־דבר: פארטיג!

גיט זיך דער בעל־דבר א בויג אוים אויף דעם פאטער־שטול און דיקטירט. דאס שרייבערל שטרעקט ארוים א צונג און מאכט א צוק נאך א ציק. די פעדער לויפט און סקריפעט, און צום בית־דין של מעלה געהט א ראפארט כהאי לישנא:

„היות, אין פסוק שטעהט: אין אדם בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא... און דא איז פאראן א כעלעמער רב, וואס שטעהט מיט איין פוס ביים קבר, און זיין בלאט איז לעדיג! על כן, אויב מען וויל, עס זאל בלייבען „משה אמת ותורתו אמת" — זאל מען דעם כעלעמער איבערגעבען אין בעל־דבר'ס רשות אריין"...

קומט, נאך א קורצען ישוב, פון בית־דין של מעלה א תשובה: „עיין איוב, קאפיטעל א'".

פארשטעהט שוין דער בעל דבר, וואס מען מיינט: טו מיט איהם — הייסט עס, — וואס דו ווילסט, „רק את נפשו שמור" — לעבען זאל ער, ווי לאנג עס איז איהם באשערט.

איז אבער נישט אזוי לייכט, ווי עס רעדט זיך.

קיין אשה, האט דער כעלעמער רב, לא עליכם, נישט; מכמה שנים אן אלמן, קינדער — איסגעגעבענע, און „לא יומתו אבות על בנים", יחזקאל האט נעזאגט — פארפאלען! פון שאף און רינ־דער איז אוודאי נישט צו רעדען — קיין פיצעל ציג ניט צומאל! א הויט האט דער כעלעמער רב סיי־ווי־סיי נישט קיין ריינע, האלט זיך, נעבעך, אין איין קראצען... און גלאט — נעמען א כעלעמער רב מיט יסורים!

— עפעס א תאיה'לע — טראכט דער בעל־דבר און באלעקט זיך, שטרעקט אוים די האנט צום טיש, ריהרט אן דאס גלעקעל פון א חקר'נישען שארבען־קאפ — א פולע שטוב לאפיטוטען!

— ווענוען וועלען מיר שיקען און ווער וועט אונז געהן, צראפ־צופיהרען דעם כעלעמער רב פון וועג?

— ווערט א געשרייעריי: איך, איך, איך — — —

אלע ווילען! מען ווייסט, אז פאר אזוינע קונצען וואקסט מען. ווי אויף הייוועו.

אהער און אהין, ס'קאן קומען צו א געשלעגעריי, בלייבט: א קלפי.

פאלט דער גורל אויף צוויי לאפיטוטען, ווינשט מען זיי מזל־טוב, און זיי ווערען נעלם...

---

אין א שעהנעם העלען טאג, כעלעמער אידעלעך דרעהען זיך ארום אין מארק אהן פרנסה... שטעהען רעדעלעך און רעדען פון פריץ'ס וואלד אין פעלד; פון פויערשע „מעסטלעך", פעלכלער, וואס זענען נאך אויף די האזען, פון אייער, נאך נישט קיין געלעגטע — ניט אונטער זיי פלוצלונג א ציטער די ערד, און זי ציטערט; תוך כדי דבור הערט זיך א קנאק, איינער, דער צווייטער, ממש: א בליץ נאך א בליץ — און עס יאגט אז א בויד און עס דונערען די רעדער... א ווילד־פרעמדע בויד, פארשווימטע פערד, ווי די אריות; און די בויד גיט זיך א לאז דורכ'ן מארק; קוים צייט געווען אפצושפרינגען. און פון פארענט, ביי דער קעלניע, אויסגעבויגען ארונטער מיט'ן קאפ, שטעהט, אהן א בייטש אין דער האנט, אין א היטעל מיט לאפען, מיט א רויטען גארטעל איבער די לענדען, ארומגעדרעהט די לייצעס ארום די הענט, א שמייסער, — ציהט זי איין, די לייצעס אז מאנכמאל גיבען זיך די פערד א כאפ ארויס די קעפ און א שטעל אויף די הינטערשטע פיס. און הינטער איהם — שטעהט א בעל־בת'יש געקליידעטער איד — א קאפטאן, סטראקעס — יענע צייטען! — האלט אין דער רעכטער האנט די בייטש און קנאקט איבער די פערד, אז זיי גיבען זיך באלד א לאז אראפ און פליהען ווי אדלערס — מיט דער לינקער האנט קלאפט ער אלץ נאכאנאנד דעם שמייסער אין רוקען, און פון צייט צו צייט ניט ער נאך מיט'ן מויל א פייף, אז די פערד שפרינגען פון דער הויט און ציהען זיך אויס אינ'ם גאלאפ, ווי די שלאנגען!

און דער שמייסער האלט אין איין שרייען: אידען, בני רחמנים, ראטעוועט! אידען, בני רחמנים, ראטעוועט!

— נו — ראטעווע! גאנצע בינטען פונקען רייסען זיך פון אונטער די פאדקאוועס!

יאגט מען נאך די בויד — מיט צושראקענע אויגען, זאגט מען: „השם ישמרנו", אנדערע קלערען נאך ווענען גומל־בענשען. ווייבער לויפען נאך ארויס פון די קלייטען און שרייען: געוואלד!

מוז אבער די בויד דורכלויפען דאס שעכט־הויז, גיבען זיך א לאז ארויס כלבים, אין שפרינגען די פערד אין די מארדעס; לויפען אריים קצבים און העקער־יונגען, שפרינגען צו און כאפען ביי די לייצעס — גיבען זיך די פערד א שטעל־אפ, אז עס ציטערט אויף זיי די הויט פאר שרעק, זעגען די קצבים און די העקער־יונגען אויף דער בויד!

וואס איז? ווייזט זיך ארויס: א קליין סכסוך'ל... דער אנגעטאנענער ווי א בעל־הבית, מיט'ן לעדערנעם געלט־פאס אויף די לענדען, שרייט, אז דער שמייסער איז משוגע געווארען, וויל דוקא פאשען, און ער איילט זיך אויפ'ן יריד מיט ברילייאנטען... קריגען די לייט אביסעל דרך־ארץ — און דער שמייסער טענה'ט, אז ניט ער איז דער שמייסער, נאר טאקע יענער... אלא וואס? אויפ'ן וועג, אין וואלד קומען זיי ממרחקים און פאהרען קיין מרחקים, איז ער איהם ביינאכט אין וואלד באפאלען, צונעלענט א מעסער צום האלז, גענויט זיך איבערצוטון און ער וויל איהם צו'גזל'ען די ברילייאנטען, דאס געלט, די בויד מיט די פערד... אלץ! דעריבער, אז ער האט דערזעהן א אידישע קהלה, האט ער אנגעהויבען צו שרייען... און יענער לייקענט אלץ שטיין און ביין; להר"ם און להר"ם! — דרעהט מען איבער פערד און וואגען, טרייבט קוים אפ די כלבים און מען פארפאהרט צום רב.

הויבט זיך אן א חקירה ודרישה, הערט דער רב אויס יעדען באזונדער. לאזט מען קודם כל אריין דעם טוען, דעם, וואס איז אנגעטאן ווי א שמייסער. הערט איהם דער רב אויס, און זאגט: א פנים — נשמיות שבגשמיות; א לשון פון אן אמת'ען בעל־ענלה... און דער קול אליין איז אויך נישט פון חדר ארויס... א קול פון וואלד, פון פרייען פעלד און — אויף סוסים!

פונדעסטוועגען הוקר'ט ער ווייטער:

— וויפיעל סחורה האט איהר אין בויד?

— איך ווייס? כ'פיהר עפעס חשבונות? אז עס הארץ בין איך, רבי! גאט האט געהאלפען — האנדעל איך מיט ברילייאנטען!

— און וויפיעל געלט האט איהר אין בייטעל געהאט?

— איך צעהל נישט; כ'וויל, ס'זאל אריינקומען די ברכה...

דאכט זיך שיין, זיכער א בלבול! דער רב, פונדעסטוועגען, קרעכצט אפ, און מען לאזט אריין דעם צווייטען: א פנים פון א

בן תורה. דער רב גיט איהם א טאפּ אין לערנען, גיט ער מיש אויס ש"ס ופוסקים. נאָר אינמיטען דערינען גיט ער א זאָג: „רבי! וואָס טויג לאַנג טענה'ן, זעהט!" — און ער גיט א שיט אויס פון גאַר־טעל: סאמע גאָלדענע רענדלעך, רויטע פלאַמען קאָלערען זיך אי־בער'ן טיש — „און — העלפט פון די בריליאַנטען קריגט איהר אויך, נאָר זאָגט, ס'איז מיין!"

גיט זיך דער רב א שטעל אויף, און גיט א קוויטש:

— גז—לן!

לויפט דער עולם אריין — ווישט מען זיך די אויגען! וואו טועו, וואו נטען, וואו רענדלעך? — נעלם געוואָרען, נישטאָ קיין בויד, קיין פערד — די ערד האָט זיי איינגעשלונגען!

קלערט כעלם: צי עס איז געווען א חלום, צי, רחמנא לצלן, א כשוף; דערוויילע ברעננט מען א תשובה דעם בעל־דבר. זאָגט ער:

— שוטים! חורש וואָלט ער אפשר גענומען, אבער נישט ביי א מלתא דעבידא לגלויי! — עס וואָלט אמאָל ארויס, ווי בוימאויל אויפ'ן וואסער... מען וואָלט איהם אפּגעצויגען און נאָך אריינגע־זעצט אין תפיסה! א נאָר איז ער!

זעצט מען איין די נארישע לאַפּיטוטען אויף א יאָהר קוילען מיט סמאָלע; מאכט מען נאָך אן אסיפה, שרייט מען שוין נישט: איך, איך! נאָר צוויי פון די גרעסערע, איינער עפּעס א גרויסער חריף, דער צווייטער — א זקן ורגיל, נעמען אויף זיך די זאַך...

---

צווישען ימים נוראים, א קאַלטער, חשך'דיגער רעגען־טאָג; כעלם ווייקט זיך אין בלאָטע, דער הימעל, איבער איהם, טריפט מיט מרה־שחורה, קומט אן צוגעהן עפּעס א איד א בעטלער, הויט־און־ביין, רחמנא לצלן... אן אויסגעהונגערטער און אויף קוליעס, איין פוס — אונטער זיך... שלעפּט ער זיך פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, פון קלייט צו קלייט... און באקומט אין צעהנטען הויז אן אלט שטיקעל ברויט, צו וועלכען ער האָט גאָר קיין ציין נישט; אין צוואַנציגסטען — אן אפּגעריבענעם גראָשען, וואָס גליטשט זיך פון דער האַנט ארויס, — כעלם דאַרף נישט קיין פרעמדע קבצנים.

האָט היימישע און בכבוד'יגע, און אַלערליי באַהאַלטענע אָרעמע לייט, אַלע אַלמנות ויתומים פון שוחטים, דיינים, רבנים און אַנדערע כלי־קודש...

שלעפּט ער זיך אַזוי אַרום. איין טאָג, דעם צווייטען טאָג,— די נאַסקייט און די קעלט נעמען איהם דורך; די וואַטע, וואָס עס קריכט פון מלבוש אַרויס — טריפט, די אויגען קריכען איהם פון די לעכער אַרויס; און פּלוצלינג, אינמיטען מאַרק — דער איך פאַלט! איין קוליע — רעכט, די צווייטע — לינקס, און ער ליגט אין דער מיט — און שוים איבער'ן מויל...

אידען בני רחמנים לויפען. מן הסתם, צו, דער — מיט וואַסער און שפּריצט, דער — מיט אביסעל ראָזשינקעס־ווייַן, יענער— מיט אַ מעסער, די ציין אויפצורייסען און אַ פּאָר טראָפּען אריינצולאָזען... אַנדערע שרייען: כעלם איז סדום! און דער איד הויבט דערווייל אָן צו גוסס'ען...

מען וועט דאָך איהם נישט לאָזען, חלילה, שטאַרבען אין גאַס! ווערט אַ שאלה, וואוהין? — טראַגען זיך די בעלי־בתים אָפּ — אַנדערע האָבען נישט וואו, געהט פּונקט פאַרביי דער רב, זאָגט ער: צו מיר! מן הסתם צו מיר! —

מען האָט איהם נאָך קיינמאָל נישט אַזוי פייל פון בוינען געפּאַלגט...

לעגט מען דעם גוסס אין רב'ס בעט אַריין, ליגט ער, ווי אין דער היהנער־פּלעט — דער רב זיצט ביים טיש, קוקט אין אַ ספר אַריין, וואַרפט אַלע פּאָר שורות אַן אויג צום חולה — אין גאַס דרעהען זיך אַרום אידען, טאָמער וואָס, זאָל מען זיין גרייט... עס פאַלט צו די נאַכט — דער רב וויל זיך שטעלען מעריב דאַווענען, דערהערט ער, דער חולה רופט. געהט ער צו איהם מיט גרויס רחמים צו, בויגט זיך איהם איבער'ן מויל און הערט, — ער רעכענט: אַ צוואת שכיב מרע...

— רבי, — בלאָזט פון די ליפּען אַרויס דער חולה, — איך בין אַ גרויסער בעל עברה... און איך וויל אַזוי נישט שטאַרבען. כ'וויל מיך פאַר אייך מתודה זיין...

וויל דער רב אַריינרופען מענשען. כאַפּט איהם דער חולה אָן ביי דער האַנט: חס ושלום, חס ושלום! — אונטער פיער אויגען וויל ער...

דערצעהלט ער איהם, אז כל ימיו איז ער א בעטלער געוועז און — א פאלשער בעטלער. געגאנגנען נאך ברויט פאר ווייב און קינדער, און האט קיינמאל קיין ווייב און קיין קינד נישט געהאט... געבעטעלט אויף הכנסת כלה פאר עלטערע טעכטער — און שטענדיג געוועז אליין, ווי א שטיין אין פעלד... צוזאמענגענומען אויסצוהאלטען ישיבות — און קיין שום תלמיד חכם האט דערפון קיין שום טובת־הנאה נישט געהאט... אויף ארץ־ישראל — נישט אוועקגעשיקט קיין פרוטה! פאר ר׳ שמעון בר יוחאי׳ס קבר — און זיך אין בר־זעם אריינגעשטעקט... מיט ארץ־ישראל־ערד געהאנדעלט, און הינטער׳ן פלויט גענומען... וכדומה...

און ארויסגראבלענדיג א לייזוועגטענעם בייטעל פון בוזעם, זאגט ער: און דאס האב איך אנגעזאמעלט!

און גיט אן עפען אויף: סאמע באנק־צעטלעך — און — איינס אין איינס — הונדערטער!

— דאס — זאגט ער — גיב איך אייך איבער, רבי, אלס געצאהלט, — אויף צדקה, לפי ראות עיניך;

גיט נישט דער בעלעמער רב א שפרונג אפ צום פענסטער, רייסט עס אויף און גיט א געשריי ארוים: אידען, קומט אריין צעהלען צדקה־געלט! — גלייך, ער וואלט איננער געווארען מיט 50 יאהר —

לויפט מען אריין — קיין באנק־צעטלען, קיין גוסס — נאר א צורודערט בעט און צוויי אויסגעהאקטע שויבען...

קלערט מען ווייטער: א חלום, צי, חס ושלום, — כשוף; דער בעל־דבר שטעהט מיט אן אפענעם מויל און זאגט:

שוין נ י ש ט קיין מלתא דעבידא לגלויי...

---

דער שווארצער עולם איז צורודערט!

זאגט לילית: ער וועט קומען אויף מ י י נ ע הענט — אלטע מיטלען!

איז אמאל דער בעלעמער רב נישט בקו הבריאה, שיקט ער דעם שמש נאכ׳ן פעלדשער, ער זאל איהם לאזען אביסעל אדער. די געבליטענע אפצוציהען... און שטעלט זיך דערווייל, צו שקיעת

החמה איז עס געווען, מנחה דאַוונען. — שטעהט ביי דער וואַנט שמונה עשרה — עפּענט זיך די טיר, קומט אַריין אַ מויד מיט אַ שאלה. דער רב דאַוועננט, וועט זי וואַרטען. דרעהט זי זיך אַרום, געהט אויף און אָפּ — דער רב קוקט זיך נישט אום... פאַרגעסט זי זיך כּכלומר'שט, הויבט אָן עפּעס אונטערצוזינגען... און האַט, פאַרשטעהט איהר מיך, אַן אַ מ ת ק ו ל ב א ש ה !... נו—הערט ער זי? ווערט זי, מכלומר'שט, מיד, כאַפּט און זעצט זיך, אַזן צו־ווינט זיך אויפ'ן בענקעל; ס'בענקעל סקריפּעט... נאַריש — ווען אַ שלאַנג קומט איהם בייסען, ריהרט ער זיך אויך נישט פון אָרט! ווערט די מויד שוין אביסעל בייז, און לויפט האַסטיגער ווייטער איבער דער שטוב. געהט אוים דער רב שמונה עשרה, זאָגט ווייטער, שפּייט אוים, זאָגט אָפּ די רעשט... זעצט זיך צום טיש, און מאַכט גאַנץ געלאַסען: ווייז דעם עוף! ווייל זי איהם געבען דעם עוף אין האַנט אַריין, זאָגט ער איהר ווייטער גאַנץ געלאַסען: לעג אויפ'ן טיש... אַ אידישע טאָכטער, מוסר'ט ער זי מיט גוטען, דאַרף וויסען, ווי אַזוי מען דערלאַנגט... לעגט זי... עפּעס אַ היהנדעל. זאָגט ער: דערצעהל! דערצעהלט זי באריכות, ווי מען האָט די הוהן ביי אַ גויה געקויפט, אהיים געבראַכט, ווי די הוהן איז אַנטלאָפען, ווי מען האָט זי געכאַפּט... און לאַכט דערביי, און זעצט אוים די ציינדלעך, אין דער קול קלינגט אָפּ אין אַלע ווינקעלעך, און פון די ציינדלעך איז כּמעט אַ שיין דורכגעפלויגען, אַזוי ווייס זענען זיי געווען... און רעדענדיג און לאַכענדיג דרעהט זי זיך אַזוי אַרום טיש... און אַרבעל האָט זי קורצע, פאַרקאַשערטע; הענט — נאַקע־טע, ס'העמד פון פאַרענט אויפגעריסען, און דאָס לייב, — זי האָט זיך מיט עפּעס אויסגעשמירט, — שמעקט מכל המינים בשמים! — און זי סטאַרעט זיך... און ריהרט זיך אָן אָן טיש, אָן בענקעל, אָן רב'ס האַנט... קוקט ער אויף דעם היהנדעל, לויפט זי און שטעלט זיך איהם פון הינטען, און קוקט אַריבער, און ריהרט אָן מיט דער מאַרדעטשקע דעם קאָפּ... און דער אָטעם וואַרעמט איהם דורך די יאַרמולקע... בלאָזט אויפ'ן נאַקעטען האַלז און — אַלץ בחנם! דער רב הערט אוים, וואַרפט נאָך אַמאָל אַן אויג, וואו מען דאַרף, און זאָגט: כּשר! און דו, — זאָגט ער, — מיידעל, היים דיר רע־דען אַ שדוך!!!

פליהט אַרוים די מויד מיט דער הוהן דורכ'ן פענסטער...

שמייכעלט דער רב. ער האט שוין פארשטאנען, וואס עס באַ־
טייט — און גאַרנישט.

---

און דאָרט איז ווייטער אַן אסיפה. זעה בכה וזה בכה. רופט זיך אַן נאָך אַ יונג לאַפּיטוטעל, ערשט אויף דער לערען. נאָך קיין איין פעדער נישט אין קאָפּ און קיין איין צאָן ארום האלז, רופט ער זיך אַן און זאָגט: —

— האָט דער כעלעמער רב גאָר קיין תאוה נישט?

— איינגאַנצען אויסגעטאָן! — ענטפערט מען.

— האָט גאָרנישט ליעב?

— אפשר אַ שוויץ־באָד ערב שבת...

פּויזע. גיט ער נאָך אַ פרעג: האָט ער נישט עפּעס אַ מנהג, אַ געוואוינהייט, קנעטען, למשל, קיילעכלעך פון ברויט ביים בענ־שען?...

— מען האָט איהם נישט געזעהן עסען! מן־הסתם נ י ש ט...

איין לילית דערמאַנט זיך, אַז ווען ער האָט איהרע בשמים דערפיהלט, האָט ער געכאַפּט אַ שמעק טאַבאַק!

— גענוג! — זאָגט ער — און נעמט רשות — ואיננו!

אַ מנהג ישן האָט דער כעלעמער רב געהאַט, יעדען ערב שבת נאָכ'ן באָד, ארויסצוגעהן אין פעלד אריין, — געהאַט שוין אַ וועג צווישען ווייץ און צווישען קאָרן — און צו זאָגען בעל־פּה שיר השירים. און וויל ער איז געווען אַ איד אַ פאַר'חוש'טער, און האָט מורא געהאַט, ער זאָל נישט פארגעהן צו ווייט, האָט ער זיך איינ־מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעמאָסטען מיט די טריט דעם וועג, און געמאַכט זיך אַ סימן אַן אַ בוימעל... „מה נאה אילן זה", האָט ער נ י ש ט געזאָגט, כאָטש אויפ'ן בוימעל זענען געוואַקסען פּירות ווי די קרעלען... נאָר פאַר אַ סימן... פלעגט ער האַלב שיר־השירים אָפּזאָגען אויפ'ן וועג ביז צום בוימעל, אנידערזעצען זיך, נעמען אַ שמעק טאַבאַק פון קאָרענעם פּושקעלע, אָפּרוהען זיך אַ ווײלע, און אויפשטעהן, געהן צו קבלת שבת, און אָפּזאָגען די צווייטע העלפט שיר השירים צוריקוועגס... און פלעגט קומען פּונקט צו קבלת שבת!...

איינמאל, איידער דער רב איז אנגעקומען, באוויזט זיך אויף דעם ארט א דייטשעל, מיט א קאפעליוש, מיט הויזען אין גרינגע פאסען, און גיט א ריים אויס דאס בוימעל און גיט עס א טראג־איבער א שטיק ווייטער, און זעצט זיך אונטער'ן בוימעל פון יענער זייט, און זיצט — א שמאל דייטשעל — מען זעהט עס נישט ארויס.

קומט אן דערווייל דער רב צום ארט, וואו דאס בוימעל איז געשטאנען — האלב שיר השירים אפגעזאגט, און צום בוימעל איז נאך ווייט !... איז ער זיך מצער : רעכענט ער, ער האט געזאגט שלא בכונה. נעמט ער אויף זיך באלד א תשובה. עס האט זיך איהם, ווי אלע מאל, פארוואלט א שמעק טון... דאס הארץ חלש'ט איהם — ער וועט נישט נעמען, ביז ער וועט נישט צוקומען צום בוימעל ! ער איז אפילו שוין אביסעל מיד... נאר משנה זיין וועט ער נישט... און ער געהט קוים, ער קומט צום בוימעל צו. אזוי מיד איז ער געווען און אזוי האט זיך איהם פארגלוסט א שמעק טאבאק — ממש די אויגען זעהען נישט ! נאר געלויבט השם יתברך — ער זיצט שוין אונטער'ן בוימעל ! כאפט ארויס פון בוזעם דאס קארענע פושקעלע, עס ציטערען איהם אזש די הענט, — גיט עפעס פון הינטען א בלאז, ס'קארענע פושקעלע פאלט איהם פון דער האנט ארויס ; שטרעקט ער אויס די האנט — עס גיט א בלאז, מן הסתם — א ווינטעל, — דאס פושקעלע קאלערט זיך ווייטער, ער ציהט זיך אויס אויף דער ערד, שטרעקט ווייטער אויס די הענט — ס'פושקעלע קאלערט זיך, און קריכט נאך : דער שמעק־טאבאק ציהט איהם... קריכט ער אזוי אויף אלע פיער... שמייכעלט דאס דייטשעל אונטער'ן בוימעל פון יענער זייט און הערט נישט אויף צו בלאזען. פלוצלונג גיט ער א כאפ ארויס דאס בוימעל... און כהרף עין שטעלט ער עס ווי־דער, וואו עס איז געשטאנען... דער רב האט נישט אוספעיעט צו כאפען ס'פושקעלע... ער בלאזט ווייטער... דער רב גיט א קוק : דאס בוימעל שטעהט פאר איהם ווייט ! מיינט ער, אז ער איז פארטראכטערהייט, פארקראכען צו אן אנדער בוימעל, — הויבט ער אויף די אויגען צום הימעל — אויסגעשטערענט ! ער האט אפילו שקיעת החמה נישט באמערקט... אזוי האט איהם דער שמעק טא־באק געצווינגען ! — אמת, זעהר א ליכטיגע נאכט געווען... מילא,

עס איז מעהר, ווי א תחום שבת — אין שטאָדט אריין וועט ער נישט געהן, שפייזען וועלען איהם די קראָהען, וואָס האָבען אליהו הנביא געשפייזט... נאָר כאַפּען ס'פּושקעלע — מוז ער...

און ער קריכט נאָך... און דאָס דייטשעל בלאָזט, ס'פּושקעלע קאָלערט זיך... — כ'וועל אייך לאַנג נישט ברייען, ער איז אריבער איבער א תחום שבת!...

דאָס לאָפּיטוטעל האָט באלד א גרעסערע שליחות באקומען!

פאר'ן אוועקגעהן, האָט ער צום שווארצען עולם געזאָגט:

— איבער א בארג פאלט מען נישט... געשווינדער שטרויכעלט מען איבער קליינע תאוה'לעך.

# דאָס פּאַרטוך.

מיט די פיס שטאַלפּערט אַ מענש אויף דער ערד; מיט׳ן קאָפּ שפּאַרט ער צום הימעל.

ווענדט זיך עס נאַר אין דעם, וואו דאָס האַרץ איז!

ביי די פיס, און זיין גליסטונג איז צוב עפר ואפר, —

אָדער ביים קאָפּ, און עס גאַרט צו די עולמות העליונים...

איז אַ איד מקיים „מאשפות ירים אביון" — ער הויבט אויף די גליסטונג פון מיסט. ער טוט אַז אַ גאַרטעל, טיילט דעם גוף אויף צוויי און זאָגט: דאָס האַרץ געהער אַרויף צום קאָפּ! האָבען אויף איהם טאָקע קיין שליטא נישט קיין שדין ולילין און קיין דבוקים, רחמנא לצלן...

און נשים טראָגען צוליעב דעם איינענעם — פּאַרטיכער!

ואל יהי ענין הפּאַרטוך קל בעיניך. איהר זאָלט דאָס פּאַרמוך פאַר גרינג נישט האַלטען, —

הערט אַ מעשה, וואָס איז געשעהען אין ראַכיוו.

— — — — — — — — — — — — — —

ראַכיוו איז אַ שטעדטעל נישט ווייט פון אַפּט; פון אַפּטער, זכר צדיק לברכה, האָט איהר אודאי געהערט.

צושפּרייט איז עס ביים ברעג פון דער ווייקסעל; לעבען לעבט עס פון געהיליץ, וואָס קומט פון די אַרומיגע וועלדער און געהט איבער דער ווייקסעל קיין דאַנציג; דאַמאָלט אַ גרויסער מסחר געוועזן.

זענען געוועזן דאַנציגער סוחרים, אין די גרויסע פּעדערען גע־נאַנגען. מקיים געוועזן „וחי אחיך עמך"; האָט פון זיי געלעבט דער מעקלער, דער שרייבער אין וואַלד, דער שיפער, וואָס פיהרט די מעסערים ביז דער קעניגסבערגער מיהל, וואו עס נעמט זיי שוין איבער דער דייטש, און — דאָס גאַנצע שטע־טעל.

ווינטער, עס שטעלט זיך אַ שליט־וועגס, ציהען זיך שוין פון

די וועלדער, איבער'ן שטעדטעל צום ברעג צו, פוהרלער מיט אלער־ליי געהילץ: באלקען, שוועלען, אונטערלאג. צוריק־צו־וועגס אהיים, שטעלט זיך דאס פייערל אפ אין מארק. לייזט דער שענקער פאר אביסעל בראנפען מיט פארבייסעכץ, לייזט דער אייזענקרעמער פאר א שטיקעל אייזען, פאר א קאסע... לייזט די שטעל פאר זאלץ, פאר שמירעכץ... דער קאוואל (אויך א איד) פאררעכט אדער שלאגט אן א פאדקאווע, די זיצערין — פאר א בייגעל פאר א חולה־ילד.

רייך מאכט נישט דער פויער; לחם לאכול גיט ער.

געהען אוועק די פאר חדשים, הויבט אן לאזען דער פראסט. א ווארעם ווינטעל בלאזט, יאגט אפ די עננים, די זון הויבט אן ארויסצוקריכען פון פוטערפאס; זומער־לעב זאגט אן זיין קו־מען; פאקט זיך דער היימישער שיפער, קומען מיט די רענצלעך שיפער פון די ארומיגע שטעדטלעך. לייזט דער גאסט־הייזער; גרייט מען זיך אין וועג ארײן, קומט מען ווייטער אן צום סוחר, קויפט מען איין בשר געריכערטס, פעטס, זאלץ, גרויפען, א פע־סעלע י"ש — צידה לדרך פאר די פליסען, וואס ארבייטען אויף די מעסער... הויבט באלד אן צו רודערען ביים ברעג. פויערלעך קומען פון די דערפער, יעדערער מיט זיין נעץ, א פישעל צו כאַ־פען, און מיט זיין פענדעל, דאס פישעל צו בראטען, און שמעלען זיך, איבער דער גאנצער לענג פון ברעג, יעדערער זיין שטרויען ביידעל אויף. —

שטעהט אין ראכיווער מארק, פון כעלות ביז מנחה, אין דער לופט א געקלאפעריי פון העק און האמער. דאס שלאגט מען אויפ'ן ברעג דאס געהילץ צוזאמען...

אמאל, אינמיטען דער נאכט — עס הויבט אן פלוצלונג צו דונערען: די ווייקסעל ריהרט, דאס אייז פלאצט. דער ווינט טרייבט טאוולען אויף טאוולען, גארען אויף גארען. נאך עטליכע טעג: דער ווינט האט זיינס געטאן, די זון—איהרס, דער פויער האט גע־האלפען מיט קילאף און לאפאטע, — אפגעשוואומען דאס אייז, באפרייט געווארען דער טייך, מען לאזט אראפ די מעסערס, עס שווימען אנדערע פארביי...

עס לעבט דער ברעג און קאכט; די ארעמע אידענע פון שטעדטעל ציהט היונה פון דער שטעל ביים ברעג; פארקויפט

אויבס, געווירץ, זאַלץ; בגנבה — דעם ביטערען טראָפּען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איהר מיינט אודאי, איך האָב אינ'ם פּאַרטוך פאַרגעסען! הויבט זיך נישט אָן. איך האָב אייך פריהער געוואָלט אויסמאָה־לען ראַכיוו, וואו די מעשה איז געשעהען.

אָט, אין דעם ראַכיוו איז אמאָל נפטר געוואָרען אַ דין, אי־בערגעלאָזט האָט ער דוקא נישט קיין סך: איין אַלמנה און אינ־גאַנצען איין יתומה... קהל האָט באַלד אויפגענומען אַ אַנדערען דין, און דער האָט זיך מתחיב געווען, אָוועקצוגעבען דער אַלמנה מיט דער יתומה אַ פיערטעל שכירות. האָט ער נישט מקיים געווען. קיין שרפ"ט האָט דאָס שכירות נישט באַטראָפען, אַ מטופל אַ גרוי־סער איז ער געווען. שרייט די אַלמנה צו קהל, לאָזט נישט אויס־נעמען... בלייבט, מען זאָל איהר געבען עטליכע גולדען, זי זאָל זיך מאַכען אַ שטעל ביים ברעג. גראַד אַ אידענע געשטאָרבען, באַ־פרייט געוואָרען אַ שטעל. וכך הוה, די אַלמנה מאַכט זיך אַ שטעל, דאָס מיידעל טראָגט איהר נאָך די קיישלעך אַהין און צוריק. און גיט איבער'ן טאָג אַכטונג אויף קונים'ס הענט. און — קיין מעשה נישט. אַז דער דין האָט געלעבט, האָט זיך אויך נישט איבערגע־גאָסען, ביים הערינג פלעגט מען זיך די פינגער אָפּשניידען... און פאַר הונגער, זאָגט מען, איז נאָך קיינער פון דער וועלט נישט גע־גאַנגען... נאָר דאָס מיידעל! דאָס מיידעל וואַקסט ווי אויף הייי־וועז, קיין עין הרע; שפּאַרט פון קליידעל אַרויס... עס רויטלען זיך די אַנגעפּילטע בעקלעך, גלייך מען וואָלט זי געצויגען אויף מילך מיט האָניג, אויף מאַרציפּאַנעס. און אויגאַנעם האָט זי... די פויערען גאַפען, ציטערט די אַלמנה פאַר אַן עין־הרע; מאַכען זיך אמאָל אַ גוי'ש גלייכווערטעל, שטעכט עס זי אין אַלע גלידער, ריהרט זיך צו אַ פויער מיט דער יד, שפּרינגט זי אויף, אַן אָפּגעבריהטע, וואַרפט זיך מיט די נעגעל צו די אויגען...

און וואָס וועט זיין דער סוף?

ווייטער שרייען צו קהל, נישט לאָזען אויסנעמען? מען וועט זי הערען?

זיפצט זי, די אַלמנה. קוקט זי אין הימעל אַריין און זיפצט...

זיפצט זי נישט אומזיסט. פאַראַן אַן אויער, וואָס הערט! און איינמאָל, מוצאי שבת, נעהערט ביי אַ שכן הבדלה, מען קלערט,

ארויסצוגעהן צום ברעג צי נישט? עפענט זיך די טיר. „גוט וואך"
— פיניע דער שדכן איז אריינגעקומען. „גוט וואך, גוט יאהר".
שטאמעלט די אלמנה. זי גלויבט איהרע אייגענע אויגען נישט.
„זעצט אייך, ר' פיניע... שרה'לע, וויש אפ דאס בענקעל..."

די טאכטער שרה'לע מאכט זיך נישט הערענדיג, קעהרט זיך אפ אין א זייט, ווארפט אפילו א בייזען בליק אויף ר' פיניען. ר' פיניע שמייכעלט: אלע טוען אזוי! דאס בענקעל ווישט אפ די אלמנה אליין.

— וואס ברענגט איהר פאר א גוטס, ר' פיניע?

אין הארץ קלאפט איהר, ווי ביי א גזלן. ר' פיניע זעצט זיך, צוטיילט די בארד אויף רעכטס און לינקס, צושמייכעלט זיך נאך אמאל און זאגט:

— זעהר פיעל גוטס!

— דהיינו?

— דהיינו... מאהלט אייך, אז ר' מענדעל דער אלמן איז אהיים געקומען פון וואלד... איך יאג איהם שוין לאנג נאך: א איד דארף נישט זיצען אזוי לאנג אהן א ווייב... טאקע א צנועה געוועזן, טאקע געבענשטע הענט, טאקע, טאקע... אבער אזוי לאנג אהן א ווייב זיצט מען נישט... און די קינדערלעך... ממש א רציחה... איבער־געגעבען א פינף קינדערלעך א שכנה, זי האט אליין איהרע זעקס... א איד קומט אהיים אויף שבת — די קינדערלעך צודראפעט, אויס־געהונגערט...

א י ד יאג, איך שטעל אונטער ב ע ל י ־ ב ת י ם... ער לעגט אלץ אפ. ס'טייטש, כאפ איך איהם אן ביי א לאץ, איהר זייט דאך שוין קיין יונגערמאן נישט... אם לא עכשיו, אימתי? בע, מע... ער האט קיין צייט נישט... ענדיגען אין וואלד, פארטיג ווערען ביים ברעג... א נעכטיגער טאג! איך זאג איהם א שדוך, פארצייכענט ער אין ביכעל, ער וועט נאכפרעגען, — הויבט זיך נישט אן! דער שדוך ווערט פארלוירען אין ביכעל צווישען די קוביקען...

דעם פרייטאג איז ער אהיים געקומען פריהער פון וואלד. בא־קוקט דאס געהילץ אויפ'ן ברעג... האט ער עמיצען דערזעהן!

— וועמען?

ר' פיניע נעמט א שמעק טאביק:

— אייער בת־יחידה...

שרה'לע, וואס איז געשטאנען ביים בעט, ווארפט זיך ארויף אויפ'ן געלעגער מיט'ן פנים צו דער וואנט.

— אלע אזוי, אלע אזוי! — שמייכעלט פיניע.

— איז וואס? — פרעגט די אלמנה, כמעט פארציטערט.

— איז וואס? איז גארנישט... שבת איז שבת... נאך הבדלה, שיקט ער מיך רופען. „געה, זאגט ער, צו דער דין'טע און רעד א שדוך. איך פאהר, זאגט ער, צוריק אין וואלד אריין. (דאס פוהרעל איז געשטאנען פאר דער טיר.) און אז איך וועל, אם ירצה השם, צוריק קומען, וועל איך אהין געהן מיט א מנין, מיט כבוד...

ר' פיניע נעמט אן א שמעק טאביק... די אלמנה ווארט מיט אן אפענעם מויל, ביז ער ענדיגט:

— און שרייבען תנאים, אם ירצה השם!

שרה'לע גיט פלוצלונג א הארציג געשריי.

פאלט צו איהר די מוטער צו, האלזט זי און קושט זי איבער געוואלד:

— טאכטערשי, אזא מזל, אזא שמאלץ־גרוב... מ'זע'מיר דאך נאר דעם חסר נישט ווערט... נייערט, דיין טאטע האט זיך גע־מיהט...

שרה'לע רייסט זיך אויס פון דער מוטערס ארעם, שפרינגט אויף פון בעט און לויפט ארויס מיט א געוויין פון שטוב...

די אלמנה בלייבט צושראקען. צושמייכעלט זיך אבער באלד, דערמאנט זיך: זי האט אויך אזוי געטאן... אלע מיידלעך שרע־קען זיך אזוי...

— אלע אזוי, אלע אזוי! — ברומט אונטער ר' פיניע, זאגט „א גוטע וואך"! קושט די מזוזה און געהט ארויס...

די אלמנה בלייבט שטעהן פארטראכט. קוקט דורכ'ן פענס־טער, מיט גרויס דאנק, צום הימעל ארויף און מורמעלט אלץ אינ־איינעם:

— א גאט־זאך! א גאט־זאך!

און עס וואלט אפשר געווען א „גאט־זאך", ווען נישט דאס פארטוך...

— — — — — — — — — — — —

און — ווען נישט דער ברעג...

ווארים געהט אונטער די זון, ווערט „ששון ושמחה“ ביים ברעג.

די ארבייט ווערט אוועקגעלעגט. יעדער פויער לעגט זיך אַז פון די געהילץ־שפּענער, פאר זיין שטרויען־ביידעל, א פייערל. נעמט זיך פון ביידעל זיין פענדעל ארויס און בראט זיך אפּ זיין פיש. עסט אפּ. א שעהנע נאכט איז, „עזן־יעקב“ לערענט ער נישט... הויבט מען אן זינגען... געפינט זיך שוין ביי איינעם א פייפערל, ביים צווייטען — א פידעל, הויבט מען אן שפּילען, נעמט מען א קאפּ, מאכט מען א טענצעל... ווערט — הו—הא!

געהען יונגע לייט און בחורים שפּאצירען אביסעל אדער באַדען זיך, שטעלען זיי זיך אפּ, הערען זיך איין, קוקען זיך צו... אמאל מיידלעך אויך... קיין גוטס קומט פון אזוינע זאכען נישט ארויס. א מיידעל, אז קיינער זעהט נישט, קומט אמאל נעהנטער... דערזעהט מען זי פון ברעג, מאכט זיך א פויערל א שפּאס... אמאל שלעפּט מען זי אין רעדעל אריין... מאלע וואס עס טאכט זיך, רחמנא לצלן...

און אמאל, מיט יאהרען צוריק, איידער אונזער מעשה איז געשעהען, האט זיך פארלאפען א מ א ו ס ’ ע מעשה, גאר א מאוס’ע... און דוקא מיט א בעל־בתיש טעכטערל, א כלה־מיידעל...

מען האט אויף איהר געמורמעלט. געזעהן מחזקות מאכען ביים ברעג. מען האט גערעדט און גערעדט, ביז עס איז אנגעקומען צו פאטער־און־מוטער. גלויבט מען נישט, נאר מען פאסט אויף. מען זיצט שוין פארנאכט אין דער היים; דער פאטער דאווענט אין דער היים מנחה־מעריב. איין טאג — גארנישט, דעם צווייטען טאג, — גארנישט... דעם דריטען אבער, זי קאן זיך, אפנים, נישט איינהאלטען, זי נעמט די שאל.

— וואו אהין געהסטו?

זאגט זי, צו א חבר’טארין...

נעמט מען צו די שאל:

— דו געהסט צום ברעג!

— זאל זיין צום ברעג, וואס איז אייער דאגה?

א ווארט צו א ווארט, די בחור’טע איז מודה: זי טאנצט דארט, זי זינגט... זי האט דארט א פויער א געליעבטען, ער וועט מיט איהר חתונה האבען, זי וועט זיך שמד’ען...

נעמט מען די בחור'טע און מען בינדט זי צו מיט שטריק פון דער וועש ארום אויבען צום בעט. גישט אנדערש א דבוק! בעלות, וועט מען זי פיהרען צום אפטער...

ביים ברעג דערוויייל: וואו איז מלכה? (מלכה האט זי גע־הייסען.) עס איז אהן איהר אומעטיג. זי טאנצט אזוי שעהן און זינגט. און אז זי צולאזט די האר איז—איי־איי!

שיקט מען נעוואר ווערען... לויפט טאקע איהר „קאכאנעק"!

קומט ער צוריק מיט א געוואלד: ער איז ביים הייזעל געוועז, דורכ'ן פענסטערל אריינגעקוקט... און דערצעהלט כהויה. ווי זיין „קאכאנא מאלקא" איז געבונדען, דאס מויל מיט א שמאטע פאר־שטופט, און מען שלאגט... שפרינגט דער עולם אויף, ווי איין מענש, לויפט מען ראטעווען די „קאכאנא מאלקא". לויפט מען דורך דעם מארק, ווערט א מהומה, גוים באפאלען! ראמט מען אפ פון די שטעלען, פארקלאפט מען די קלייטען, פארהאמערט און פארריגעלט מען זיך אין די שטובען...

מען שטעהט אויף אין דערפריה: מלכה—צוגענומען, די מו־טער—א חולה מסוכן, דער פאטער—איבער נאכט גרוי געווארען... זיפצען די אלטע: גלות...

די יונגע אבער שרייען: „הכזונה...?" און ווי ווייטער שטעהט... נעמט זיך צוזאמען א מחנה בחורים, כאפט מען שטע־קענס און שטיינער און מען לויפט צום ברעג, אפשלאגען די אי־דישע מאכטער...

ווערט א מלחמה ביים ברעג. און יד ישראל תקיפה, קנאת השם צבאות. טוען אבער די פויערען צואוויסען אין פארשטאדט אריין. קומט מען זיי צו הילף מיט ווידלעס, מיט כלבים... גבורי ישראל האבען געווענדט דעם נאקען... קוים מיט'ן לעבען ארוים... מלכה'ס מוטער איז דעם טאג געשטארבען... דער פאטער האט פארהאמערט דאס הייזעל און איז אוועק אין דער וועלט אריין... און ערשט צום ווינטער צו, אז די פויערען האבען פארלאזט דעם ברעג און אהיים געגאנגען יעדערער אין זיין דארף אריין, צו זיין פויערטע און זיינע ילדים, ווייסט מען נישט, וואס עס איז גע־שעהען: צי איז זי, איבער דער צייט, די פויערען נמאס געווארען, אדער זיי האבען מורא געהאט, זי זאל נישט מיטלויפען מיט זיי אין דארף אריין, און האבען זי אין טייך אריינגעווארפען, אדער

אַ פאַרלאָזטע האָט זי זיך אַליין אַ מעשה אָנגעטאָן, — געגוג פאַר ימים נוראים האָבען זי די פישער אַרויסגעצויגען פון טייך אין אַ נעץ, — מיט אַ שטיין אויף אַ שטריק אַרום האַלז, און אַנגעלאָפּענע, קוים צו דערקענען...

דעם גוף האָט מען באַהאַלטען הינטער'ן פּלויט; פון דער זינ־דיגער נשמה איז אַ דבוק געוואָרען!

די ערשטע האָט זי סליחות־צייט דערזעהן און אַלטע גבאי'טע. קוים מיט'ן לעבען אַנטלאָפען און אין עזרת נשים כהויה פאַר־צעהלט: געזעהן, פון בית־עלמין איז זי אַנגעקומען פון הינטער'ן פּלויט. געהט איבער'ן מאַרק, קומט צום פּאָטערם הייזעל צו, קלאַפּט אין טיר, וואַרט אַ ווײלע. מען ענטפערט נישט, געהט זי צום פענסטערל צו, פּויקט אין די שויבען. מען ענטפערט נישט. הויבט זי אָן שרייען: טאַטע! מאַמע! און צוקראַצט זיך דאָס פּנים מיט די נעגעל...

באַלד דערנאָך איז עמיץ אין שטעדטעל אוועקגעפאַלען. שיקט מען דאָס דינסט־מיידעל אין דער אַפּטייק אַריין נאָך צענים. קומט זי נישט צוריק. אין דערפריה געפינט מען זי לעבען הייזעל אַ פאַר־חלש'ט, דערמינטערט מען זי, דערצעהלט זי:

געזעהן... אויגען ברענענדיגע, ווי די גלאָוונעס, שוואַרצע האָר צופלאָסען איבער ווייסע תכריכים... און גראַבעלט מיט די נעגעל אין טיר. און קרעכצט: טאַטעשי, מאַמעשי! און געהט דערנאָך צום פענסטער, און קראַצט די שויבען — טאַטעשי, מאַמעשי!

דערנאָך האָבען זי שוין אַנדערע אויך געזעהן...

און נאָך אַנדערע, ביז מען האָט זיך צוגעוואוינט צום.דבוק... און אַהן אַ פאַרטוך געהט אין ראַכיוו קיין אשה פאַר דער טיר נישט אַרויס, זאָל דער דבוק קיין שליטא נישט האָבען. —

— — — — — — — — — — — —

און אַז אַ זווג איז קיין רעכטער זווג נישט, מאַכט זיך אַזאַ מעשה:

איינמאָל פאַרנאַכט, שרה'לע טראָגט אין שטוב אַריין די קײשלעך, די מוטער האָט זיך ביי אַ קראָם פאַרהאַלטען, קלערט שרה'לע דערווייל פייער צו מאַכען, נאָר איידער וואָס, איידער ווען, פאַלט אַריין די מוטער מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה:

— וועסט שוין מעהר, טאכטערשי, קיין קיישלער נישט טראַ־גען, צום ברעג נישט געהן.

שרה'לע ווערט בלאס:

— וואס איז, מאמעשי?

— וואס איז? דיין חתן איז געקומען פון וואלד! געשיקט אנזאגען די בשורה. ר' פיניע האט מיך פאר דער טיר געטראפען... באלד קומט ער, מיט מנין, מיט כיבוד, ווי ער האט צוגעזאגט...

גיט זיך שרה'לע א ווארף צום בעט מיט א גרויס געוויין...

— וויין, טאכטערשי, וויין, א גוט מזל בעט דיר אויס! דיין מזל וועט אויפשיינען, ווי די זון, און איך וועל לעבען דיר אויך אויפגעריכט ווערען...

— און הערסט, טאכטערשי, ער ברענגט טאקע כיבוד. אבער פטור בלא כלום וויל איך נישט! איך וועל אויך עפעס געבען. האב איך א פאר הערינג געברענגט, וועל איך קוילען, און קארטאפעל אין די מונדירען וועל איך אפקאכען...

פארבארגט שרה'לע איהר פנים אין קישען אריין...

— ליג, ליג, טאכטערשי... איך אין דיינע יאהרען האב אויך געוויינט, אויך געמיינט, גאט ווייסט וואס, און געשראקען זיך אויף וואס די וועלט שטעהט...

און זי נעמט זיך צו דער ארבייט, לעגט אן א פייער, שטעלט צו די קארטאפעל... דאס פייערל קנאקט אזוי לוסטיג, דאס טעפעל הויבט אן זידען, מען דארף שוין זייערען, דערמאנט זיך פלוצלונג די אלמנה: זאלץ! פארגעסען...

— טאכטערשי, שרה'שי, קרוין מיינע, טו א טובה דער מאמען, לויף ארוים נאך אביסעל זאלץ...

און זי פאלט צו איהר צו, אז יענע ענטפערט נישט. און בעט, און גלעט, און קושט, און איז גוזר בכבוד אם.

— א'נישט, זייער דו די קארטאפעל, וועל איך לויפען נאך זאלץ...

הויבט זיך שרה'לע אויף און געהט נאך זאלץ...

געהט אוועק א מינוט, צוויי, דריי, די קארטאפעל שוין אפ־געזייערט, זי קומט נישט צוריק. און די קראם איז פאר'ן הויז! לויפט די אלמנה צו דער טיר צו, קוקט אויפ'ן הויף ארוים, מען זעהט נישט שרה'לען... רופט זי: שרה'לע, שרה'לע! קיינער ענט־

פערט נישט. דערשרעקט זי זיך, כאפט זי די שאַל און לויפט ארויס. דאס הארץ זאגט איהר, אז עס איז, חס ושלום, אן אומ־גליק געשעהען...

און א מאמעס הארץ איז א שטיק נביא...

עס איז טאקע אן אומגליק געשעהען:

אין בעט ליגענדיג, האט זי זיך, אפנים, געווארפען, איז מעהר לויז געווארען און אויפגעבונדען זיך דאס פארטוך. האט זי עס, געהענדיג, אין הויף פארלוירען און נישט געפיהלט, און נישט אויפ־געהויבען, און איז אזוי ארויס פאר דער הויז־טיר צו דער קראם...

און אין מארק האט זיך, ווייזט אויס, ארומגעדרעהט דער דבוק... געוואלט אין עמיצען אריין, געזוכט אן אשה אהן א פאר־טוך... און שרה'לע איז פונקט ארויס אהנעם פארטוך... און אזוי ווי זי איז צוגעקומען צו דער קראם, און אזוי ווי זי האט געעפענט דאס מויל צו זאגען: זאלץ, האט זי גאר א געשריי געטאן, ווי די ערלים ביים ברעג:

— הוא—הא!

דער דבוק איז איהר אריין דורכ'ן אפענעם מויל!

און זי גיט זיך א ריס אראפ דאס טיכעל פון קאפ, צושיטען זיך איהר די האר איבער'ן האלז און נאקען, און עס פלאמען איהר, ווי די שווארצע קוילען, די אויגען אויף. —

און גיט א שפרינג ארויס פון קראם... און צולאזט זיך מיט א קול און זינגט אן אויסגעלאסען ליעדעל פון ברעג, און א לאז א טענצעל איבער'ן מארק... און נאך אמאל:

— הו—הא!

און — פייל פון בויגען צום ברעג...

אז די מוטער איז ארויסגעקומען, איז שוין דער מארק געווען ווי פארשטארט. נאר די קרעמערין האט איהר קוים, מיט א פאר־שטארטען פינגער, געוויזען צום ברעג. —

— — — — — — — — — — — — — —

זי וועלען שוין קיין גבורי ישראל נישט ראטעווען... מען גע־דענקט יענע מלחמה... עס דרעהען זיך נאר ארום אלטע אידען, דער אהן אן אויער, יענער מיט א האלבער נאז... און מען קרעכצט...

איז דאך אבער די אלמנה א מאמע, לויפט זי אליין!

קומט זי, טרעפט זי די טאכטער אין א מיט רעדעל. מיט איי־

נאָקעטער האַנט אַרום האַלז, מיט דער צווייטער אַ יונג פויגעל אַרומגעכאַפּט... זי טאַנצט מיט איהם! דאָס פייגעל פּייפט, די פי־דעל שפּילט, דאָס רעדעל אַרום פּאַטשט צו מיט די הענט, טופּעט מיט די פיס...

אַ מאַמע איז אַ מאַמע, רייסט זי זיך אין רעדעל אַריין:

— מענשען, — שרייט זי, — מענשען־רוצחים, מענשען־גזלנים! זעהט איהר דען נישט, אַז עס איז אַ באַזעסענע, אַ דבוק...

„אַפּענטאַנאַ“ — שרייט זי אויף פּויליש...

פאַר דער מאַמען רוקט מען זיך אָפּ; פאַר איהר קול דער־שרעקט מען זיך. „דבוק“ מאַכט אַ רושם. דאָס פייפערל בלייבט שטיל, די פידעל פאַרשווייגט. און זי לויפט צו דער טאָכטער צו, רייסט זי אָפּ פון פויגעל, איהם שטויסט זי אָפּ אַן אַ זייט.

און שרייט צום עולם:

— זעהט, — שרייט זי — די אויגען איהרע... די האָר די צופּלאָטענע זעהט... דעם גאַנצען גוף, ווי ער טרייסעלט זיך... אַ משוגעת, אַ דבוק... מיט וועמען טאַנצט איהר? וואו זענען אייערע אויגען געווען?

— נאָך קיין האַלבע שעה נישט, קלאָגט זי, אַז דער דבוק איז אין איהר אַריין...

— תנאים געזאָלט זיין, — צעוויינט זי זיך, — צודריקען־דיג די טאָכטער צום האַרץ — אַ שמאַלץ־גרוב... האָב איך זי נאָך זאַלץ געשיקט... איז מאַרק איז אין איהר דער דבוק אַריין, אפשר מלכה׳ס דבוק...

דאָס מאַכט נאָך מעהר רושם...

די פויערען טראָגען זיך אָפּ אין די הייזלעך אַריין... די מוטער דריקט פעסטער די טאָכטער צום האַרץ:

— שרעק דיך נישט, טאָכטערשי, צאַפּעל נישט אַזוי, מאָרגען טרייבט מען דיר, מיט זיין ליעבען נאָמענס הילף, דעם דבוק אַרויס...

און פיהרט זי, אַ האַלב טויטע, אַהיים...

---

דער אפטער, זכר צדיק לברכה, האט צומארגענס זיין שטע־קען דעם אלטען ראכיוועד רב צוגעשיקט און אנגעזאגט, ווי אזוי ארויסצוטרייבען דעם דבוק...

און באלד אין דערפריה האט מען זיך גענומען דערצו.

מען האט אין־שול־אריין געקלאפט, פול איז שוין די שול, און ווייבער — אין עזרת נשים פול...

און מען האט א טהרה־ברעט געבראכט, אויפ'ן שלחן פון בעלעמער געשטעלט, און שרה'לען אויפ'ן ברעט ארויפגעלעגט, און מיט א שווארץ טוך בארעקט.

און מיט'ן אפטער, זכרונו לברכה'ס, שטעקען איז באלד דער־נאך דער אלטער רב אויף די טרעפלעך צום ארון־קודש ארויף, מיט'ן פנים זיך צום בעלעמער געשטעלט... און ער קוקט, און מורמעלט וואס מען דארף, און גיט פלוצלונג דריי מאל מיט'ן שטעקען אין טרעפעל א קלאפ, און א געשריי:

— דבוק ארוים!

אויפ'ן עולם פאלט אן אימה. דער דבוק אבער שווייגט:

רופט ער נאך אמאל:

— דבוק ארוים... איך בין גוזר; דבוק ארוים!

דער עולם ציטערט, אין עזרת נשים חלש'ט מען; דער דבוק שווייגט.

אבער צום דריטען מאל, אז דער אלטער רב האט דערמאנט די פמליא של מעלה און געזאגט, ער וועט איהם לעגען אין חרם אריין, און אז דער אפטער וועט מסכים זיין, —

ערשט דאמאלט האט דער דבוק א קרעכץ געטאן פון אונטער'ן שווארצען טוך:

— כ'קאן נישט, רבי!

— פארוואס?

— ווי ארום, רבי, זאל איך ארוים? דורך דער טיר? שטעהט דארט די בעל־הנס־פושקע און דער נר תמיד ברענט!

— דורכ'ן פענסטער!

— אלע שויבען זענען גאנץ...

פונקט האט א גלעזער פאר עטליכע טעג אויף דער לאטעריע געוואונען און נייע שויבען אריינגעשטעלט...

כאַפּט דער רב דעם שטעקען, וואַרפט אין פענסטער אַריין.
אויף פּיצפּיצלעך האָט די שויב געפּלאַצט — — —

און דער דבוק איז אַרויס...

נאָר אז מען האָט דאָס שוואַרצע טוך אויפגעדעקט, איז שרה'לע געלעגען — אַ טויטע...

# דער ארענדאר.

## קאפיטעל 1.

**אז ארענדאר א קמצן**
**און תפלות פון אן אשת.**

אין פוילען דער מדינה, הינטער צויזמער, וואס ביי דער ווייקסעל, האט געלעבט א איד אן ארענדאר.

איז דער ארענדאר געווען א גרויסער חשובביים פריץ, און דער פריץ איז א גרויסער מאגנאט געווען, איז ער, דער ארענדאר, געקומען צו גרוים עשירות.

האט ער געהאט פאלווארקעס מיט וואלד און פעלד, און הערט־שאפטען פון שאף און רינדער, און הייזער, און ברוי־הייזער, און מיהלען, אויף וואסער און ווינט; און מזומנים גאר פיעל, אחוץ חובות ביי לייט...

מילא, אז זיין ליעבער נאמען שענקט מזל, איז אודאי גוט.

איז אבער דער איד א גראב נפש געווען, און א קמצן א גרויסער, און נישט געוואוסט פון קיין צדקה: נישט מיט ליד, נישט מאיר־בעל־הנס, נישט מעות חטין, גארנישט, — און לאזט נישט קיין אורח איבער דער שוועל.

א ווייב האט ער געהאט דוקא אן אשה צנועה וחשובה, פלעגט ער איהר אנטאן געברוינטע לייד, פאר א גראשען צדקה, וואס זי פלעגט טון אהן זיין וויסען, פייניגען פלעגט ער זי דערפאר.

וואוילע קינדער האט ער געהאט, — אפנים, אין דער מוטער אריין געראטען, — האט ער די אינגלעך אין חדרים אריין, אין שטאדט אריין נישט געשיקט; עס זענען איהם די פערד א שאד געווען. און ביי זיך קיין רעכטען מלמד נישט געהאלטען, נאר א בעלפער בחצי חנם, וואס האט זיי קוים עברי אויסגעלערענט.

האָט פון דעם די אשה נאָך מעהר צער געהאַט.

פלעגט זי גאַנצענע טעג וויינען זיך מיט די טרערען אין האַלז. ביינאַכט מיט די טרערען, די שטילע, אויסנעצען די קישענס. און ערשט ימים־נוראים, אַז מען פלעגט קומען אין שטאָדט אַריין, האָט זי אין עזרת נשים זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ, די וועלט איינגעריסען.

און א תפלה אַן איינאיינציגע האָט זי געהאַט אויף די ליפען און אינ'ם צוּאוועהטאָגטען האַרץ:

„זאָל זיין ליעבער נאָמען זיך מרחם זיין אויף איהר מאַן און איבערבייטען זיין האַרץ צום גוטען. זאָל ער נישט זיין אַזוי אַריינגעטאָן אין דער תאוה פון עשירות און אין עולם הזה פון אכילה ושתיה... זאָל ער די נשמה אויך ניט פאַרגעסען. זי זאָל, חס ושלום, אַז עס וועט קומען די צייט, נישט פאַרפאַלען ווערען אויף כף הקלע...“

און אַזוי האָט זי געבעטען:

„זעה, רבונו של עולם, גוטער גאָט, האַרציגער גאָט, ער זאָל באַצייטענס נאָך תשובה טון...“

„זאָל ער מיט א ברייטער און פולער האַנט צדקה געבען, זאָל ער א מכניס אורח ווערען, און זאָל מחנך זיין די קינדערלעך אין גאָטס וועג, און מגדל זיין לתורה ולחופה, ולמעשים טובים...“

וואָס קאָן מעהר טון א צובראָכען האַרץ פון א אידענע?

## ק א פ י ט ע ל 2.

אַז אָרעמער נעהער לאַכט
און דער אַרענדאַר געהט זיך באָדען.

איינמאָל, פרייטאָג ביינאַכט.

זומער־לעב געווען. א טאָג — א גאָלדענער.

זיצט דער אַרענדאַר, מיט דער גאַנצער משפחה, אונטער'ן פרייען הימעל, אין גערטעל פאַר'ן הויז, ביים אָנבייסען.

א דעמב א ריז, מיט צולאָזטע צווייגען איז אין גערטעל געשטאַנען; האָט מען אינ'ם שאָטען פון דעמב דעם טיש געדעקט.

מיט כל טוב; פיש, פלייש און צימעס, און א שטראַדעל; ביים פריץ אויסגעלערענט. און א פלעשעל אַלטען מעד ביים טיש; כיד הגביר.

זיצט ער זיך אויבען־אַן דער ארענדאר. שעפּט נחת פון דער אכילה. פארטרינקט מיט׳ן אלטען מעד, און איז מקבל תענוג פונ׳ם עולם הזה. סמאַטשקעט מיט די פעטע ליפּען, —

קומט, פון צווישען די בוימלעך אין גערטעל, פלוצלונג ארויס אַן ארעמער געהער, מיט׳ן פעקעל אויף די אַקסעל...

וואָס טראָגט ארום א געהער? בענדער און בענדלעך, קעמע־לעך, נאָדלען און האָר־נאָדלען, און שפּיעלצייג פאַר קינדער... וכדומה אַזוינע קלייניגקייטען...

דערזעהט ער די משפחה ביים טיש, שטעלט ער זיך שטיל אָפּ, לאָזט אראָפּ דאָס פעקעל פון די פלייצעס, גלייכט זיך אביסעל אויס — אַן אלטער גרויער איד געווען, און א שוואַכער, נעבעך. בעט ער זיך, דער ארעמער געהער:

— קויפט עפּעס, אידען, לאָמיך פאַרדינען אויף שבת...

וויל זיך צו איהם די אשה אויפהויבען; וואַרפט אויף איהר דער ארענדאר א בייזען בליק, בלייבט זי, נעבעך, זיצען...

— זעהט — מאַכט דער געהער — די זון איז שוין אַזוי הויך, און איך האָב נאָך אויף שבת קיין סימן און קיין צייכען נישט.—

— אוועק! — טרייבט דער ארענדאר, טרינקענדיג...

— שענקט מיר כאָטש — רופט זיך אָן דער געהער — א בי־סען אין מויל אריין. די נשמה צו דערכאַפּען... כאָטש וואַסער א טראָפּען; ס׳ברענט אַזוי די היץ...

שלינגט די אשה די געזאַלצענע טרערען און שווייגט. קאָנען די קינדער נישט צוזעהן דער מוטערס צרות און דעם געהערס נויט. און הויבען זיך אויף, און געהען אוועק פון טיש, טיפער אין גער־טעל אריין, און דער ארענדאר שפּרינגט אויף מיט גרויס גרימ־צאָרן:

— בעטלער־קבצנים, האָב איך פיינט, הערסט? ! כ׳רוף דעם משרת, ברעכט ער דיר א ביין!

הויבט דער געהער צוריק אויף דאָס פעקעל אויף די פלייצעס, קרעכצט אָפּ און, האַלטענדיג אין געהן, פרעגט ער:

— און פאַר גאָט, ארענדאר, האָט איהר גאָר קיין מורא נישט?

— ניין!

און ער צופראַלט זיך, דער עם־הארץ:

וואָס קאָן איהם גאָט טון?

וועט ער שיקען אַ פייער פון הימעל און אָוועקלאָזען די הייזער, ברייט־הייזער און די מיהלען, מיט די שפייכלערס מיט תבואות — מיט׳ן רויך, בלייבען איהם נאָך אַלץ די פאָלוואַרקעס מיט וואַלד און פעלד...

און דער אַלטער מעד שטייגט אַלץ מעהר און מעהר אין קאָפּ אַריין, און ער באַריהמט זיך ווייטער:

און זאָל ער יאָהרען־לאַנג נישט לאָזען וואַקסען אין פעלד. בלייבט איהם נאָך אַלץ די והותר: מזומנים אין קאַסע. וועקסלען אין טייסטער...

און זאָל ער שיקען גנבים, זיי זאָלען אויפּברעכען די קאַסע און צונעמען אַלץ... מאָנט ער אַלץ די חובות אָפּ... זיין פּריץ איז דער שופט. און וועט איהם גלויבען אויפ׳ן וואָרט.

צוואָויינט זיך די אָרעמע אשה, די ווערטער הערענדיג. אויף אַ קול. און גנעהט אָוועק פון טיש... צולאַכט זיך פּלוצלונג דער געהער און נעמט זיין וועג. און פאַרשווינדט צווישען די בוימער. און דעם אַרענדאַר ווערט עפּעס אין אַלע אברים הייס.

נעמט ער אַ האַנטוך פון שטוב אַרויס און געהט זיך באָדען צו דער ווייקסעל...

## קאַפּיטעל 8.

### אַ פויגעל לאַכט און דער אַרענדאַר בלייבט אַ נאַקעטער.

באָדט ער זיך אַזוי און קיהלט זיך, און שעפּט נחת פון קאַלטען וואַסער, און שווימט — אַ יונג מיט ביינער געוועזן! — מיט׳ן וואַסער, קעגען וואַסער, און אַרום און אַרום דער קעמפּע, וואָס איז אין דער מיט פון דער ווייקסעל הינטער צווימער, און מאַכט קונצען אַלערליי: אויפ׳ן רוקען און טריט־וואַסער, און לעגט „שטילע הענט" — —

דערהערט ער פלוצלונג פון דער קעמפע, פון צווישען די ני־דעריגע בוימלעך, וואס וואקסען דארט, א פויגעל־קול, פארנעמט עס איהם, דער קול; ער האט נאך אזא שפּילען פון א פויגעל נישט געהערט...

האט ער דאך תאוה צו אלעם; מוז ער דעם שפּיל־פויגעל האַ־בען, אין שטוב אין א שטייגעל האלטען. אזא שפּיל־פויגעל האט דער פריץ נישט!

שפּרינגט ער אויף דער קעמפע ארויף — דערזעהט ער דעם פויגעל...

אויף א צווייגעל פון א נידעריגען בוימעל איז ער, דער פוי־געל, געשטאנען. און, אחוץ דעם זיסען קול, א פויגעל — א פארנע־מעניש; א גאלדענער פויגעל. און רוהיג שטעהט ער זיך, דער פוי־געל, און זינגט זיך זיין ליעד, גלייך ער זעהט זיין שונא נישט.

שלייכט ער זיך, דער ארענדאר, צום בוימעל צו, און שפּרינגט אונטער מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט און כאפּט — לופט אין דער פויסט אריין. דער פויגעל האט זיך איבערגעהיפּט אין דער שטיל, אויף א צווייג — אן אנדערען, אויפ'ן בוימעל פון דער צוויי־טער זייט...

געהט ער נאך, דער ארענדאר, אויף די נעגעל. שפּרינגט ער ווייטער אונטער, היפּט דער פויגעל ווייטער שטיל אוועק, און שטעהט שוין אויף אן אנדער בוימעל. שלייכט ער זיך ווייטער צו, היפּט דער פויגעל, ביי זיין שפּרונג, צו א דריטען אוועק, און שטעהט שוין ווייטער, און שפּילט! שלייכט ער זיך איהם אלץ נאך און נאך, פון צווייג צו צווייג, פון בוימעל צו בוימעל... ער שפּרינגט, דער פויגעל היפּט... אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז דער ארענדאר פאלט אין כעס אריין און רופט צום פויגעל אזוי:

— ווארט, ווארט! כאפּען וועל איך דיך שוין, מיך וועט נישט מיך מאכען קיין פייגעלע, נאר שוין נישט דיין זינגען וויל איך אצינד, איך האב דיך שוין פיינט! דערווערגען וועל איך דיך, פייגעלע, און ווארפען פאר מיין הונט...

צולאכט זיך פלוצלונג דער פויגעל ווי א מענש, און גיט א שאס ארויף אין דער הויך, און פארשווינדט אונטער'ן הימעל.

בלייבט דער ארענדאר שטעהן פארטומעלט. עס דאכט זיך איהם, אז דאס איז דער זעלבער קול, מיט וועלכען דער ארעמער

געהער האט געלאכט. לאזט ער זיך, מרה־שחורה'דיג, צוריק אין וואסער אריין און שווימט, שוין אהן גבורות און קונצען, צוריק איבער דער ווייקסעל, צום ארט, וואו ער האט זיך אויסגעטאן. און געפינט די זאכען נישט!

## קאפיטעל 4.

דער ארענדאר נעמט ביי זיין
אייגען הויז קצבה און אנט־
לויפט צום פריץ.

אז דער ארענדאר האט דערזעהן, אז די זאכען זענען נישטא, האט ער, ווי דער שטייגער איז פון א גראב נפש, אנגעהויבען צו פלוכען אויף א קול.

שילט ער דעם גנב, וואס האט איהם איבערגעלאזט אין איין הויט.

דערנאך לויפט ער אויף־און־אפ ביים ברעג פון דער ווייקסעל און שרייט, און רופט. — ענטפערט איהם א צוריסענער דעמפי־גער ווידער־קול פון נאהנטען שיטערען וועלדעל.

די זון האלט אין זינקען; קיין לעבעדיגע נשמה אויף וויזע און פעלד — לאנג שוין אפגעשטעלט די ארבייט — —

א מעסער*) קומט אן צו שווימען איבער דער ווייקסעל; פון דארט וועט ער קיין הילף נישט באקומען. און ער וועט דאך נישט געהן א נאקעטער איבער דער פארשטאדט. מען וואלט געלאפען אויף זיין בייז וואונדער; געמיינט: משוגע געווארען דער ארענ־דאר...

דערווייל דערשפירט ער הונגער: נאכ'ן באדען מיט'ן שווי־מען, און אזוי לאנג אין מויל נישט געהאט.

און קעלט דערצו: צוגעפאלען א קיהלער אווענט; עס קלאפט איהם א צאן אן א צאן...

דערמאנט ער זיך, אז הונגער און קעלט זענען צוויי קבצנ'ישע

---

*) פאס, טראטווע.

זאכען; ווערט ער אומרוהיג. באפאלט איהם נאך א גרימצארן אויף זיך אליין: ווי לאזט זיך א מענש אזוי אראפפיהרען פון וועג פון א נארישען פויגעל; ווארפט ער זיך אויף דער ערד מיט א שטומען כעס. —

און די אראפגעלאזטע זון קוקט ארויס פון דער ווייקסעל מיט א ברענענדיגע ראנד, גלייך זי שפעט אויס איהם.

די אידישע הייזלעך אויפ׳ן רוקען פון בערגעל הויבען אן דער־ווייל אויפצושיינען, און די פענסטערלעך בליצען שבת׳דיג, נחת׳־דיג.

אין פארשטאדט צינדען זיך פאמעלעך אן די קליינע פויערישע פענסטערלעך און פרעהליך טאנצען די פייערלעך; פייערלעך ווייזען זיך אויך אויף די שווימענדיגע פאסען איבער דער ווייקסעל.

קומט איהם אויס, אז דאס אלץ איז איהם להכעיס...

איז וועניג, שווימען נאך אן אין דער שטילקייט קלאנגען פון אלע זייטען: פון שטאדט — „קבלת־שבת“; פון פאר־שטאדט — דער געזאנג פון פויערישען יונגוואַרג אין גאס; אויף א פאס שפילט עמיץ מאנדאלינע; א פייפערל העלפט אונטער...

און ער מוז דא ליגען אין געהאקטע וואונדען.

צורייצט עס איהם נאך מעהר.

ליגט ער אויף דער ערד, און בייסט די נעגעל פאר כעס, אזוי לאנג, אזוי בנייט, ביז אלץ איז שטיל און אויסגעלאשען געוואָ־רען, און הויבט זיך אויף, און לויפט אהיים אויף הינטער־וועגען, איבער די וויזען; נעץ ארויס, נעץ אריין...

קומט ער, אהן אטעם און קוים א לעבעדיגער צו צום הויז, איז עס שוין איינגעהילט אין חושך: טיר און טויער פארהאמערט, די פענסטער — פארמאכט און פון אינעווייניג פארלאַדענט...

פאלט ער ערשט רעכט אין כעס אריין:

— כאליעו שוין; נישט געווארט אויפ׳ן בעל־הבית!

ער וועט זיך שוין אפרעכענען מיט אלע; מיט דער פלונית׳טע דער עיקר... דעם משרת וועט ער ארויסטרייבען ווי א הונט...

און גיט א לויף צו צום טויער, און הויבט אן קלאפען מיט די פויסטען.

לויפט פון קיך, אויפ׳ן הויף ארויס, דער משרת מיט א גע־שריי:

— עה, דו שלעפער איינער! דא איז נישט קיין אורחים־הויז!
דער בעל־הבית וועט דערהערען, הייסט ער דיר ברעכען א ביין!

פאַלט עס דעם ארענדאר, ווי א בליי אויפ'ן הארץ; די ווער־טער האָט ער דעם ארעמען געהער געזאָגט: „ער וועט איהם היי־סען ברעכען א ביין!".

דערווייל איז דער משרת צוגעקומען און ארויסגעקוקט דורך א שפארע פון טויער. דערזעהט ער א נאַקעטען, כאפט ער זיך אָן ביי די זיימען פאר געלעכטער:

— א נאקעט משוגעת, כאַ־כאַ־כאַ!

לאכען דעם ארענדאר אין די אויערען: דער משרת, דער גע־הער און דער פויגעל צוזאמען. לויפט ער אוועק צום פענסטער פון זיין שלאף־שטוב —

— גיטעלע, — קלאפט ער אָן, — גיטעלע, עפען מיר אויף...

דערהערט ער, ווי א קול פון א מאנספערשוין, נאר עפעס אזוי עהנליך צו זיין איינענעם קול, פרעגט אין שטוב מיט גרויס וואונ־דער:

— גיטעלע, ווער קאָן דיך עס רופען ביינאכט, און איהרצט דיך אפילו נישט?!...

— כ'ווייס נישט, מיין מאן, — הערט ער גיטעלעס ענטפער, — עפען אויף לאדען און פענסטער, און גיב א קוק, — אפשר האט זיין ליעבער נאמען, וואס האט דיך איבערגעביטען, דיר א מצוה צוגעשיקט...

„איבערגעביטען? ווען? ווי אזוי פארביטען?" ארבייט אומ־זיסט דעם ארענדארס מוח. עפענט זיך דערווייל, פון אינעווייניג, יער לאדען, דערנאך דאס פענסטער, און עמיץ קוקט ארויס — —

ווערט דער ארענדאר שוין גאר צוטומעלט: זיין פנים, זיין העמד, רויט אויסגענעהט, — אויך נאכגעמאכט דעם פריץ! —
און זיין שלאף־מיצעל מיט'ן זילבערנעם קווייטעל —

און „יענער" — הערט ער — זאגט:

— געה נישט צו, גיטעלע, עפעס א נאקעט משוגעת... א רחמנית! דערלאנג מיר פאר איהם עפעס, די חרפה צוצודעקען; נאר אלטווארג, גיטעלע, ער וועט אין זיין משוגעת סיי ווי סיי אלץ פון זיך אראפרייסען...

— גיב, גיטעלע, א העמד, א פאר קליידערען... און א היטעל,

— מיט'ן בלויזען קאפ איז ער אויך! — און א חלה, גיטעלע,— ער איז אודאי אויסגעהונגערט, נעבעך!

בלייבט דער ארענדאר פארשטיינערט, און אין א ווײלע ארום זעהט ער מיט אויסגעגלאצטע אויגען, ווי „יענער" ווארפט איהם דאס אלץ ארויס! און דאס פענסטער ווערט באלד פון אינעווייניג פארמאכט און פארלאדענט...

— אן אומגליק האט מיך געטראפען, — ברעכט זיך דער ארענדאר די הענט, — עפעס א שווינדלער געקומען, פארשטעלט זיך און צוגענומען מיין האב־און־גאב...

לויפט ער צום לאדען פון דער קינדער־שטוב, קלאפט אן און רופט:

— יענקעלע, משה'לע, שיינדעלע! אייער טאטע קלאפט! עפענט אויף! ס'האט איהם אן אומגליק געטראפען...

זענען, אפנים, די קינדער נאך נישט געשלאפען.

ענטפערט יענקעלע פון בעט ארויס:

— מאכט נישט קיין חוזק, איד... מיין טאטע איז ערשט די רגע דא געווען... די קישענס מיר פארריכט...

משה'לע באריהמט זיך:

— מיט מיר קריאת־שמע געלייענט...

שיינדעלע מיט'ן קלינגענדיגען קול'כעל באשטעטיגט:

— יא, יא! און אונז אלע דריי, צום ערשטען מאל, געקושט... א „גוטע־נאכט" געזאגט...

מיט מיר וועט ער אלע אווענט קריאת־שמע לייענען! — באריהמט זיך משה'לע ווייטער.

און יענקעלע שיט צו זאלץ אויף די וואונדען:

— און היינט איז שטאדט געווען, דער טאטע! פאר אונז א מלמד באשטעלט; ר'וועט קומען מוצאי־שבת, באלד נאך הבדלה וועט ער קומען; יא, יא!

גיט נאך שיינדעלע, נאך א ישוב, צו:

— הערט, ר' איד! נארען דארף מען נישט... נאר אויב עס פעהלט אייך עפעס, האט קיין מורא נישט, קלאפט אן ביים טאטי־שעס פענסטער... ווארים, די מאמע זאגט, אז גאט, ברוך הוא, האט אויסגעהערט איהר געבעט, און דעם טאטען איבערגעביטען, א גוטען, וואוילען טאטען האבען מיר אצינד! —

— „שלעכט, דא איז א שרעקליכער שווינדעל געשעהען!“ — פלאמט אויף אין ארענדארס מוח, — אפגענארט דאס ווייב, די קינדער! מען מוז, כאטש האלבער נאכט, לויפען צום פריץ! אין קייטען וועט ער איהם פארשיקען!“

## קאפיטעל 5.

דער ארענדאר באקומט שמיץ
און שלאפט איין אין ראוו
ביים וועג.

וועט ער דאך נישט לויפען נאקעט, און די געדערים ליגען איהם נישט אויף איין ארט; לויפט ער צוריק צום ערשטען פענס־טער, כאפט און מאכט צוויי־דריי בים פון קויליטש, ציהט אויף זיך אריף די בגדים, טראכטענדיג דערביי מיט כעס:

„אהא! דאס האט די פלונית'טע, אהן מיין וויסען, פאר די שנארערס אנגעגרייט! באצאהלט וועט ווערען מיט'ן פריץ'ס הילף — מיט פראצענט!“

און ער לויפט.

לויפט ער איבער'ן גערטעל און שלאגט זיך, אין איילעניש, אן אן א בוים; פונקט אן דעם בוים, אונטער וועלכען דער ארעמער געהער איז געשטאנען.

— תליון מיינער! — שרייט ער אויס, — גלייך יענער וואלט נאך דארט געשטאנען, און לויפט ארויס, מיט שוויים באדעקט.

צום פריץ איז א מהלך. זומער איז די נאכט נישט קיין גרויסע, קומט ער צו צום הויף, הויבט שוין אן גרויען דער טאג.

זעהט ער דורך די אייזערנע שטאכעטען, אז דער פאלאץ איז באלייכט; עס רודערט זיך אין פאלאץ. אין גרויסען, ברייטען הויף שטעהט געשפאנט דעם פריץ'ס קאטש. די פערד הירזשען און קלא־פען מיט די פאדקאוועס אן די שטיינער, — דער פריץ קומט ארויס. זעצט זיך אין קאטש אריין, מען עפענט דאס טויער... א קנאק מיט דער בייטש, די קאטש ריהרט פון ארט. — ארום דער קאטש רייטען פייער פון פריץ'ס קאזאקלעך, מיט שטורקאצען אין די הענט; נאך

דער קאַטש — די רעשט...

מען פאָהרט אַרויס פון טויער.

מיין אַרענדאַר קלערט נישט לאַנג, גיט זיך אַ וואָרף פאַר די פערד אין דער ברייט, דער שמייסער האָט קוים צייט געהאַט איינ־צוהאַלטען די פערד.

— וואָס איז? — פרעגט דער פריץ פון קאַטש אַרויס.

לויפט צו צום אַרענדאַר אַ קאָזאַקעל און בויגט צו איהם אַראָפּ דעם שטורקאַץ, קוקט און ענטפערט צו דער קאַטש צו:

— עפּעס, אַן אָרעמער איד!

שפּרינגט אויף דער אַרענדאַר:

— פריץ־לעב, חלילה, נישט קיין אָרעמער איד... איך, דיין אַרענדאַר, מיט אַ נויטיג משפּט... סכנת נפשות! אַ גנב, אַ שווינד־לער —

— ווער עס איז, — האַקט איהם דער פריץ איבער, בייז,— איך פאָהר צום סיים, —

און אַז דער אַרענדאַר וויל נישט אָפּטרעטען:

— זאָל ער געהן צום רב! טרייבט איהם פון וועג!

קאַרגען די קאָזאַקלעך פאַר אַ איד קיין נאַהייקעס נישט; קאָלערט זיך דער אַרענדאַר, אונטער די שמיץ, פון וועג אַראָפּ, אין ראָוו אַריין...

די קאַטש איז פאַרשוואונדען.

שטיל איז געוואָרען. און דער געשמיסענער, צוואָועהטאַגטער אַרענדאַר שלאָפט איין אין ראָוו ביים וועג...

## קאַפּיטעל 6.

פון ראָוו צום רב,
פון רב אין הקדש אַריין.

נישט לאַנג איז דער אַרענדאַר געשלאָפען אין ראָוו...

קוים האָט זיך רעכט גערויטעלט דער מאָרגען, און פון די פענס־טער אין פּאַלאַץ, די געביידען אַרום פּאַלאַץ, און פון די ווערבעס

אין ביידע זייטען טראַקט האָבען זיך אויפגעהויבען פייגעל, גאַנצע שאַרען מיט אמאָל, און געלאָזט זיך מיט גערויש און געפּילדער אַרויף, אַרויף צום ליכטיגען הימעל...

האָט עס איהם אויפגעוועקט. פאַרשטעהט ער נישט, וואָס ער טוט דאָ? וואָס עס ברעכען איהם אַזוי אַלע ביינער? ווי קומט ער צו ליגען און שלאָפען אין ראַוו? וואָס פאַר קליידער טראָגט ער עס? וואָס פאַר אַ בייזער חלום חלומ'ט זיך איהם?

פליהט גראַד אַ פייגעלע נידעריג פאַרביי, מאַכט אַ ראָד אַרום זיין קאָפּ, קוקט איהם מיט די לוסטיג־לאַכענדיגע אויגעלעך אין פּנים אַריין; דערמאָנט ער זיך פּלוצלונג אַלץ מיט אמאָל, און כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ...

מען האָט איהם באַ'גנב'עט און באַשווינדעלט, און דער פּריץ, דער שופט, איז אַוועק קיין וואַרשוי צום סיים! איבערגעלאָזט איהם, ווי אַ יתום...

פאַלט איהם איין: אַז מען מוז דערווייל אָפּראַטעווען די חובות ביי לייט.

לויפט ער צו דער פאַרשטאַרט, קלאַפּט אָן ביים ערשטען בעס־טען פויערישען בעל־חוב —

— עה, וואַסיל, כ'דאַרף גראַד נויטיג געלט, גיב מיר אָפּ דעם חוב, אַדער אַ ראַטע אויפ'ן חוב —

קוקט וואַסיל דורכ'ן פענסטערל אַרויס און פרעגט:

— ווער ביסטו, איד? וואָס פאַר אַ חוב האָסטו ביי מיר?

— דערקענסט מיך נישט? איך בין דאָך דער אַרענדאַר!

צולאַכט זיך וואַסיל אויף אַ קול און קומט אַרויס מיט דער גאַנצער משפחה פאַר דער טיר.

— געפעלט אייך — פרעגט ער — אַזאַ משוגעת? טראָג דיך אָפּ, איך רייץ אויף דיר אָן די הינט...

לויפט דער אַרענדאַר צום צווייטען בעל־חוב, און טרעפט איהם שוין פאַר דער טיר.

מיט גראַבעלס צום היי געהט ער. דערזעהט איהם דער פויער, לויפט ער צו צום פענסטערל, פויקט מיט די פינגער דורך דער שויב אין שטוב אַריין און רופט:

— עה, קינדער! קומט אַרויס, וועט איהר זעהן אַ משוגע'נעם איד...

אין אזוי איבער דער גאנצער פארשטאדט. מען לויפט אויף זיין בייז וואונדער; מען ווארפט איהם נאך שטיינער און שטעקענס; די הינט רייסען איהם די פאלעס.

קוים א לעבעדיגער איז ער פון פארשטאדט ארויס, אין שטאדט אריין געקומען, און לויפט צו די אידישע בעלי־חובות...

און ער האט שוין די עצה נישט צו זאגען, אז ער איז דער ארענדאר. זאגט ער, דער ארענדאר האט איהם געשיקט נאך געלט! און גיט סמנים, און ווייסט דאך און קאן געבען אמת'ע סמנים... טרייבט מען איהם פון טיר צו טיר ווי א סוטה: א איד— א משוגעת, סומט שבת נאך געלט!

זעהט ער, אז ער איז אינגאנצען פארלוירען, זעצט ער זיך אנידער אינמיטען מארק אויף א שטיין און וויינט אין הארץ אין דער שטיל, מיט טרוקענע אויגען —

דער עולם געהט פארביי ראוונען, ווייזט אויף איהם איינער דעם צווייטען:

— נעבעך, א משוגענער איד... ווער ווייסט, פון וואנען...

איינגלעך שטעלען זיך אפ... מען ווארט נאר, די עלטערע זאלען אוועקגעהן אין שול אריין, וועט מען זיך נעמען צום משוגעת... מען זאמעלט שוין שטיינדלעך אין די טאשען אריין.

כאפט ער זיך אויף און אנטלויפט בייצייטענס בארג־אראפ, צום וואסער צו. דערזעהט ער זיך אינ'ם וואסער, דערקענט ער זיך נישט! גאט, ווי ער זעהט אויס: צואוואָרפען די האר, צו־קנייטשט און צוקנוידערט דאס פנים, איינגעפאלענע ברענענדיגע אויגען... און עפעס גרויער איז ער געווארען איבער נאכט! כאפט איהם אן א גרויל: עפעס איז ער אזוי עהנליך געווארען צום ארע־מען געהער, וואס ער האט ערשט נעכטען פארטריבען...

לויפט ער, ווי משוגע, ביים ברעג פון דער ווייקסעל, א גאנ־צען שבת, אויף און אפ, ביז די זון איז אונטערגעגאנגען, — דער־מאנט ער זיך פלוצלונג, אז דער פריץ האט איהם געהייסען געהן צום רב. ער וועט דעם פריץ פאלגען, ער האט קיין אנדערע עצה נישט. — לויפט ער צוריק דורך הינטערגעסלעך אין שטאדט אריין צום רב, געהט שוין דער רב ארום איבער דער שטוב נאך הבדלה.

פאלט ער אריין מיט א געשריי:

— רבי, איהר מוזט מיך ראטעווען!

דערלאַנגט איהם דער רב קודם כל — „שלום“ און פרעגט, ווער עס איז.

בלייבט ער שטעהן:

— רבי, איך בין דאָך... דער ארענדאַר בין איך דאָך... — שטאַמעלט ער שוין מיט א נישט־זיכערען קול. צווייפעלט ער שוין אליין, צי ער איז ווירקליך דער ארענדאַר.

קוקט אויף איהם דער אלטער רב א לאַנגע ווייַלע מיט גרויס רחמנות, און זאָגט דערנאָך אַזוי:

— דעם ארענדאַר — זאָגט ער — קען איך זעהר גוט... זיצט דערווייל, רב איד...

זעצט ער זיך, דער ארענדאַר, דער רב קענגענאיבער.

— פאַרשטעהט איהר מיך, — זאָגט דער רב, נישט אראָפּ־לאָזענדיג פון ארענדאַר דאָס רחמנות'דיגע אויג — ער איז ביי מיר פרייטאָג נאָכ'ן אָנבייסען געוועזן, דער ארענדאַר...

הערט ער אין געהאַקטע וואונדען, און דער רב פאַרצעהלט:

— ער האָט זיך, הערט איהר, שטאַרק געענדערט, דער ארענ־דאַר; גאַר איבערגעביטען...

— ווי הייסט? — וויל אויפשפּרינגען דער ארענדאַר.

לעגט איהם דער רב א האַנט אויף אַן אַקסעל און זעצט איהם צוריק, און פאַרצעהלט ווייטער:

— געוועזן... געוואָרען אין פּשטות אַריין, אָהן גאוות... אסך גע־רעדט... מענשליך... אידישליך... און איבערגעלאָזט דערנאָך, א חיבש ביסעל געלט פאַר אָרעמע לייט... און אויף הלבשה פאַר תלמוד־תורה־קינדער... איהר הערט? אפילו צוגעזאָגט צו געבען האָלץ פון וואַלד, צו פאַררינכטען די שול... און געבעטען, איך זאָל איהם, מוצאי שבת נאָך הבדלה, ארויסשיקען א גוטען מלמד פאַר די קינדער...

דערמאָנט זיך דער ארענדאַר אַן די קינדערס רייד און עס כאַפּט איהם אַן א ספּאַזם אין האַלז, און ער קאָן שוין קיין וואָרט נישט ארויסברענגען —

און דער אלטער רב נעמט צונויף אין איין האַנט אַריין ביידע שפּיצען פון דער גרויער באָרד, און קוקט אויף איהם א לאַנגע ווייַ־לע מיט באַרמהאַרציגע אויגען, און ענדליך זאָגט ער:

— מילא, דער ארענדאַר זענט איהר נ י ש ט... אלא מאי,

איהר האט אן איינרעדעניש... איז עס א שטראף פון זיין ליעבע נאמען, מוז מען אננעמען פאר ליעב... און דעריבער ראט איך אייך, מיין ליעבער איד, געהט אין הקדש אריין... עס האלטען זיך דארט אויף א חברה ארעמעלייט, נעכטיגט מיט זיי איבער אין הקדש — און אין דערפריה וועט איהר באקומען קצבה גלייך מיט אלע ארעמע אידען, און וועט אייך לאזען מיט זיי צוזאמען איבער דער וועלט... צו דער פרנסה וועט איהר גראד טויגען...

— רבי'צין! — רופט דער רב, זיך אויפהויבענדיג, אין דער צווייטער שטוב אריין, — גיב דעם איד א גלעזעל ווארעמס... און אז ער וועט עס אויסטרינקען, זאג דעם שמש, ער זאל איהם אפ־פיהרען אין הקדש אריין... און זאל ער, למען השם, זעהן, ער זאל האבען א שמיקעל נעלעגער אויף איבערנאכט. ער וועט נעכטיגען, דער איד... זאל ער האבען גוט צו שלאפען... איך מוז געהן וועגען א מלמד פאר'ן ארענדאר...

און שפעטער, אז דער שמש איז צו איהם צוגעקומען, נעמען אין הקדש אריין, האט זיך שוין דער ארענדאר שטיל אונטערגע־געבען און געלאזט זיך פיהרען...

## קאפיטעל 7.

בייא חברה קבצנים —<br>א חתונה — אריין אין<br>אייגענעם בעט.

דער ארענדאר האט זיך אונטערגעגעבען.

ער האט שוין פארשטאנען, אז דאס האט איהם זיין ליעבער נאמען געשטראפט פאר די רעד...

ער האט טאקע נישט צוגענומען דאס פארמעגען בייא איהם, נאר — איהם פון פארמעגען...

— פארפאלען!

און שוין יאהרען־לאנג, אז ער געהט ארום מיט די קבצנים איבער דער מדינה, פון ישוב צו ישוב, פון הויז צו הויז, פון טיר

צו טיר. מיט א בייטעלע אויף „גדולים"*) און „פרוטות" אין קעשענע, און א טאָרבע אויף שטיקלעך ברויט און חלה איבער'ן האלז.

אין דער התחלה האָט ער די גוטע צייטען געטריבען פון זיך מיט געוואלד... דערנאָך זענען די זכרונות מטושטש געוואָרען...

ער פלעגט זיך נאָך אמאָל אויסכאַפּען ערגעץ אין אַן אורחים־חויז און א געשריי טון:

— משרת! שפּאַן איין צום פּריץ!

אָדער:

— גיטעל, היינט מאַך א שטראָדעל!

אָדער אראָפּשרינגען פון געלעגער:

— סאָקאָל! (אַזוי האָט זיין הונט אמאָל געהייסען) עמיץ דרעהט זיך ארום הויז!

און לייזען א פּסק פון חברים:

— האַלט ס'מויל, משוגע'נער!

משוגע'נער האָט מען איהם גערופען...

מיט דער צייט אבער זענען די חלומות פון די גוטע יאָהרען אויך פארשוואונדען...

נאָך א יאָהר און נאָך א יאָהר, האָבען די אַלטע צייטען איהם אליין אויסגעזעהן, ווי א חלום...

און ער האָט אויפגעהערט צו גלויבען אין חלום, מאַלע וואָס...

ווער ווייסט, ווער ער איז, פון וועמען ער שטאַמט, פון וואַנען ער קומט... ער האָט מיט דער צייט זיין נאָמען פארגעסען; צייט ער האָט אויפגעהערט צו שרייען ביינאַכט, רופט מען איהם „שטיל משוגעת", איז דאָס זיין נאָמען... ווען איז אַזוינער עולה־תורה?

נאָך א צייט מיט יאָהרען איז ארוים אין דער סביבה, וואו די חברה קבצנים האָט זיך געדרעהט, א קלאַנג, אז ערגעץ אין א ווייטער שטאָדט וועט זיין זעהר א רייכע חתונה, מיט א גרויסער אָרעמער סעודה.

קלייבט זיך די חברה קבצנים אהין צו דער חתונה; געהט „שטיל־משוגעת" אויך מיט דער חברה צוזאַמען.

איז אין שטאָדט אריין א מהלך געווען... און אין יעדער

---

*) גראָשענס.

קהלה שטעהט מען אביסעל. נעכטיגט מען אין אורחים־הויז, מען נעמט „קצבה“ און עפעס אנצובייסען אויפ'ן וועג...

קומט מען אביסעל שפעטלער.

קוים צייט געהאט צו לויפען אין מרחץ אריין, זיך אויסצור־וואשען, די בערד אויסצוקעמען און אפרייניגען די מלבושים. די ארעמע סעודה איז גרייט, אין א סאלע די טישען געדעקט, מיט אלעם גוטען — צוויי פעסער ביער געעפענט, א פאס מעד, אחוץ פלעשער מיט י"ש...

זעצט מען זיך ארום די טישען.

דער מחותן מיט דער מחותנת'טע, און די כלה אין דער מיט — אויבען־אן; די סעודה איז געווען פון כלה־צד...

זיצט „שטיל־משוגעת“ און ווארפט אן אויג אויפ'ן טיש: באקאנטע טעלער, באקאנטע מעסער און גאפעל, און לעפעל... ער קוקט זיך בעסער צו: זיינע אותיות ביי דער פריוו...

הערט ער, ווי די מחותנת'טע זאגט:

— עסט, אידען, און טרינקט געזונטערהייט, און בענשט מיר די כלה מיינע, און ווינשט גוטע יאהרען דעם זווג...

דערקענט ער דעם קול — גיטעלעס קול.

הויבט ער די אויגען אויף; זיין טאכטער שיינדעלע איז די כלה —

הויבט דער מחותן אויף א כוס און רופט:

— לחיים, אידען, לחיים!

איז עס זיין אייגענער קול פון אמאל...

דערשרעקט ער זיך, ווערט איהם נישט גוט. פאלט ער ארונ־טער אויפ'ן אנלעהן פון בענקעל, —

זאגט דער מחותן צו צוויי פון די סארווערס, וואס דרעהען זיך ארום טיש:

— נעמט דעם איד, וואס עס איז איהם, לא עליכם, נישט גוט געווארען, אין דער שטוב אריין, וואו עס ברענט אין אויווען, און טוט איהם אויס, און לעגט איהם אין בעט אריין... און איך וועל נאכקומען זעהן, צי מען וועט, חס ושלום, נישט דארפען א מומחה — א רופא, צי א דאקטאר...

קרימען זיך די סארווערס אביסעל — נאר, אז דער מחותן הייסט, פאלגט מען...

אין א מינוט ארום, ליגט שוין אונזער ארענדאר אין זיין שטוב, אין זיין בעט, אויף זיין קישעו, אונטער זיין איבערבעט, און קוקט פארדולט אין פייער פון אויווען אריין... איז עס א בייזער ווידער חלום געוועו?...

די סארוועדם געהעו, דער מחותן קומט אריין און פרעגט:

— נו, פעהלט אייך עפעס, אורח־לעב?

— ניין... און פארמאכט די אויגען...

און אין א ווײַלע ארום עפענט ער זיי ווידער:

— איך וויל אייך עפעס בעטעו, בעל־הבית! איהר זאלט אויף מיר קיין פארדאיבעל נישט האבען...

— חס ושלום! — ענטפערט דער מחותן מיט א וואונדערליכען שמייכעל, — זאגט נאר בפירוש, וואס איהר ווילט... דער גרעסטער נחת פון א מענש איז, אויב ער קאן עפעס צוליעב טון א צווייטען...

קרעכצט דער בעטלער אפ און זאגט:

— זאגט מיר, כ'בעט אייך: ווער איז דער חתן אייערער און וואס?

ענטפערט דער מחותן, מיט דעם זעלבען שמייכעל און גאר נישט פארוואונדערט אויף דער שאלה — א רב'ס א זוהן, אליין א למדן א גרויסער, און א מזג טוב — מיט אלע מעלות...

ציהט זיך דער בעטלער אוים איבער'ן בעט:

— מעג איך שוין שטארבען! — זאגט ער, און הויבט אן צו ציטערען אויפ'ן גאנצען לייב.

— ניין, אורח־לעב, — זאגט דער מחותן לאכענדיג... — מען שטערט נישט קיין אידישע שמחה! מען שטארבט נאר נישט... אייך איז נאר קאלט, זעהט, וואס איך טו...

און ער כאפט דעם אורח'ס אנטון פון בענקעל אראפ און ווארפט עס אין פייער אריין...

דאס פעטע אנטון צופלאקערט זיך אויפ'ן פייער.

— איהר, זאגט דער מחותן, — וועט נעמען אויף זיך מ י י־ נ ע, דאס הייסט, א י י ע ר ע מלבושים — גענוג שוין געליטען...

און כהרף עין, ווארפט ער פון זיך די מלבושים אראפ און ער אליין פארשווינדט...

## דאָס אַכטע און לעצטע קאַפּיטעל.

עגדע גוט — אַלעס גוט.

איז מיט אמאָל דעם אַרעמען אַרענדאַר אויסגעגאַנגען אַ ליכט אין די אויגען...

האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין אַפּגעקומען, אַז עס האָט זיך געענדיגט די שטראָף...

לויפט ער מיט גרויס פרייד גאָט אין האַרץ...

און עס באַנייען זיך איהם פּלוצלונג די כחות, און ער שפּרינגט אַרויס פון בעט, כאַפּט אויף זיך די איבערגעלאָזטע קליידער, און לויפט אַרויס — אַ מחותן צו די אַרעמע געסט...

זאָגט ניטעלע מיט אַ ליעבען שמייכעל:

— נו, מיין מאַן, נישט גלייכער אַזוי?

און שיינדעלע פאַלט איהם אויפ'ן האַלז:

— טאַטעשי! אוי, אַ גוטער דו ביסט, טאַטעשי!

און קראַנקען אָרעמאַן האַבען עפּעס אַלע נאַר פאַרגעסען...

# דריי קיכלעך.

בימי המלך שלמה — אין די צייטען פון מלך שלמה האט גע־לעבט אַ אלמנה, אַן אָרעמע, מיט'ן נאָמען שונמית.

און געלעבט האט די אלמנה שונמית אין אַ סוכה פון אַלטע ברעטער, באדעקט מיט אַ סכך פון צווייגען און בלעטער פון פאַל־מען־בוימער, אין אַ פישער־דאָרף, ביים ברעג פון ים הגדול.

און געשפייזט האט זיך די אלמנה מיגיע כפיה — מיט שטרי־קען און פאררעכטען די נעצען פאר די פישער אין פישער־דאָרף.

ויהי היום — איז געקומען די צייט פון ווינטען און שטורעם־ווינטען. קיין שיפעל געהט נישט אין ים אריין, קיין נעץ ווערט נישט פארשפרייט, איז די אלמנה געבליבען אהן אַ ביסען ברויט.

וועט זי דאָך נישט גערען אין די אָרעמע פישער־הייזלעך אריין בעטען ברויט; עס פעהלט אומעטום. ווענדט זי זיך ו ו י י־ט ע ר פון דאָרף.

עטליכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויסען הויז מיט אַ גרויסען געהויף, האט געוואוינט אַ רייכער איד. וואָס איז געבענשט געווא־רען פון זיין ליעבען נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכטבאַרע גערט־נער און גאַנצע וועלדלעך אויילבערטען. און מיט הירטען שאָף און רינדער, און טויל־טירען און קעמלען.

הויבט זי זיך אויף, די אלמנה שונמית איינמאָל אין דער פריה, זעהט, אז דער הימעל איז אַ בייזער. די לופט — ווינטיג, פארשטעהט זי, אַז זי מוז שוין אָנקומען צו מתנת בשר ודם, באַ־דעקט זי זיך מיט אַ אַלטער שאַל, וואָס זי טראָגט בייטאָג און דעקט זיך מיט איהר צו ביינאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרף ארויס אין וועג אריין, צום רייכען איד.

קומט זי קעגען מיטאָג צום געהויף, טרעפט זי דעם רייכען איד פאַר דער טיר. געהט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, ריהרט דריי מאָל אַן מיט'ן שטערן די ערד פאַר זיינע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואס בוקסט דו דיך פאר מיר, אשה, שטעה אויף און זאג, ווער דו ביסט און וואס איז דיין פארלאנג.

זאגט זי איהם: „איך בין די אלמנה שונמית פון פישער־דארף ביים ברעג פון ים.“ און דערצעהלט איהם וועגען איהר נויט. שוין לאנג קיין ביסען ברויט אין מויל נישט געהאט: און בעט א לעבעל ברויט.

„די נשמה צו דערהאלטען!“

ווייזט ער איהר, וואס אין געהויף טוט זיך.

— זעה, אשה, אט שפאנט מען ערשט מיינע קעמלען און מויל־טירען אויך. פון ירושלים קום איך, איך האב שלמה המלך'ס פאלאץ געזעהן! א פאלאץ — א פארבלענדעניש! און מען לאזט יעדען אריין. און איך בין אריינגעקומען. אין א גאלדענער קרוין, אויף זיין גאלדענער שטול איז שלמה געזעסען. ארומגערינגעלט מיט שרים און זקנים, און פאלק. און ער האט פאר זיי תורה און חכמה געזאגט. פערעל האבען זיך געשיט פון מויל.

און הער, וואס ער האט געזאגט, אשה!

„ושונא מתנות יחיה“ — האט ער געזאגט.

ווער עס וויל לעבען, נעמט קיין מתנות נישט. ווער עס נעמט אומזיסט, פארקירצט זיך זיינע יאהרען, וואס זיין ליעבער נאמען האט איהם באשערט. דו ווילסט זינדיגען, אשה, און איך וויל נישט זיין קיין שותף צו דיין זינד. גאט איז א דין אלמנות, ער וועט עס מיר נישט פארגעסען, אז איך האב מיטגעהאלפען צו פאר־קירצען דיינע יאהרען...

אומזיסט גיב איך נישט.

— אויב אזוי — זאגט די אשה, — גיב נ י ש ט אומזיסט; ב א ר ג מיט א לעבעל ברויט. אדער לייה מיר אביסעל מעהל, וועל איך עס מיר אהיימטראגען און אפבאקען, און דאס לעבען דערהאלטען, און דאנקען דיר און בעטען פאר דיין לעבען...

— דאס אויך נישט, אשה! — ענטפערט דער עושר געלאַ־סען. „עבד לוה לאיש מלוה“, האט שלמה המלך געזאגט. ווער עס לייהט, קויפט א קנעכט. און קנעכט קויף איך מיר פ ר ע מ ד ע, נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב... איך וויל אייגען פלייש און בלוט, בפרט אן אלמנה פאר קיין קנעכט נישט האבען... איך בארג

דיר נישט, איך לייה דיר נישט...

פרעגט די אשה:

— זאָל איך פאַלען פאַר הונגער פאַר דיינע פיס, דאָס וועט בעסער גאָט געפעלען, דעם דין אלמנות?

— דו וועסט, אלמנה שונמית, — ענטפערט ער איהר נאָך געלאַסענער, — פאַר מיינע פיס פאַר הונגער נישט פאַלען... העל־פען וועל איך דיר, ווי גאָט איז מיר ליעב! נאָר העלפען וועל איך דיר מיט אַן עצה: געה און זיי זוכה פון הפקר!

— וואָס מיינט איהר דערמיט? הפקר איז אין מדבר, צום מדבר איז דריי טעג, און וואָס געפינט מען דאָרט? גרעזלעך אויס־געטריקענטע? טרייבט איהר שפּאָס פון אַן אָרעמער אלמנה און פאַרכט אייך נישט פאַר דעם, וואָס לעבט אייביג און וועגדט פון יתומים מיט אלמנות קיין אויג נישט אָפּ!

— איך שפּאַס נישט, אשה! — ענטפערט ער. — גאָטס־פאָרכטיג בין איך פון געבורט, און נישט צום מדבר נאָך גראָזען שיק איך דיך.

— נייג צו דיין אויער, אשה, און הער! מיין קאַמער איז אַצינד לער. די הונדערט זעק מיט'ן ווייסען ווייצען־מעהל ווי שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, קיין ירושלים אָפּגעפיהרט, צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אריין. און די ברעטער, וואָס האָבען זיך אונטער די זעק געבויגען, זענען פריי. אָבער ווייס, גאַנץ ווייס זענען די ברעטער; באַדעקט מיט'ן שטויב, מיט וועלכען די זעק האָבען געשטויבט. דער שטויב איז הפקר, דער שטויב איז נישט מיין. געה, על כן, אין קאַמער אריין, וויש דיר די ברעטער אָפּ, זאַמעל דעם שטויב פון ווייסען ווייצען־מעהל ווי שניי, נעם אהיים, לעג אַן אַ פייער, — קלויב שפּענדעל אויפ'ן וועג — און באַק דיר דיינע קיכלעך אָפּ, זאָל זיין ליעבער נאָמען אריינשיקען די ברכה אין דיין שטויב פון מעהל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

---

האָט די אלמנה שונמית געטאָן, ווי דער פרומער און רייכער מאַן האָט איהר געראָטען. האָט זי אָפּגעשאַרט אין אָפּגערייניגט דעם שטויב פון מעהל פון די ברעטער אין רייכען פרומענס קאַמער.

אויפ'ן וועג צוריק האט זי פון ווינט פאריאגטע צווייגלעך געפונען; אהיים געקומען, שוין נאכט געווען. האט זי פון די צווייגלעך פייער געמאכט, דאס מעהל מיט וואסער געמישט און געקנאטען, זענען דריי קליינע ברויטעלעך ארויס, האט זי די דריי ברויטעלעך ביים פייער קוים אפגעבאקען, און נאט פאר זיינע חסדים לויבענדיג, וויל זי נעמען דאס ערשטע ברויטעל צום מויל, — עפענט זיך מיט אימפעט פלוצלונג פון דרויסען די טיר, איןביידעל פאלט אריין א מענש מיט א געשריי!

— ראטעווע א מענש פון טויט, שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאט...

און ער דערצעהלט אין שרעק און איילעניש:

א שרפה איז אויסגעבראכען אין זיין דארף. אין מיטען דער נאכט, ווען אלע זענען געשלאפען, האט אויסגעבראכען די בראנד. א פייער איז פון הימעל געפאלען... און דער שטורעם האט דאס פייער איבער'ן גאנצען דארף צוטראגט... אלץ איז פארברענט. ער איינער איז פון די פלאמען פייער און די זיילען רויך מיט'ן לעבען ארויס. אלץ איז געווארען א רויב פאר דער בראנד: מאן, ווייב און קינד, און שאף און רינד, און האב, און גאב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער ארום, פון פייער געיאגט, פון שרעק געטראגען און אהן א ביסען ברויט...

דערלאנגט איהם די אלמנה דאס ברויטעל פון מויל אוועק און זאגט איהם:

— געה ארויס, איך בין איינע אליין, און עס... און דערהאלט דיין נשמה...

געהט דער אנגעקומענער ארויס און פארשווינדט אין דער פינסטערניש פון דער צוגעפאלענער נאכט.

דאנקט די אלמנה זיין ליעבען נאמען, וואס האט זי מיט ברויט באשענקט און נאך א מצוה, א מענש ביים לעבען צו דערהאלטען, באשערט, און וויל דאס צווייטע ווייכע ברויטעל נעמען צום מויל.

עפענט זיך נאך אמאל מיט אן אימפעט די טיר, און א צווייטער מאן פאלט אין דער אלמנה'ס ביידעל אריין, מיט דעם זעלבען געשריי:

— ראטעווע א מענש פון טויט...

ער איז אַ רייכער מאַן געווען, הירטען, שאָף און רינדער אין סטעפּ געפּאַשעט, אין רייכע געצעלטען מיט ווייב און קינדער גע־וואוינט, און יונגען געזונטע ביי שאָף און רינד געהאַלטען.. פּלוצלונג זענען בעדואינען, ווי אויף די פליגעל פון ווינט, אנגע־פלויגען אויף זייערע פערד, מיט בויגען געשפּאַנטע אין די הענט, פון אַלע זייטען זיי אַרומגערינגעלט, מיט אַ האַגעל פיילען באַשיט, די יונגען מיט ווייב און קינד געטויט, די הירטען אַפּגעפיהרט. און מיט זיי אין ווייטען ברייטען סטעפּ פאַרשוואונדען... און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אַפּצוקלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך, איינער אַ לעבעדיגער, פון צווישען די טויטע אויפגעהויבען, און בלאָנדזשעט שוין דריי טעג און דריי נעכט אַרום, אָהן אַ בי־סען ברויט, איידער ער איז צו איהר ביידעל געקומען —

— דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסען צום מויל, אַ׳נישט פאַל איך אַ טויטער צו דיינע פיס...

דערלאַנגט איהם די אלמנה שונמית בתשואת חן דאָס צווייטע ברויטעל, גאַט לויבענדיג און דאַנקענדיג פאַר דער צווייטער גרוי־סער מצוה, וואָס ער האָט איהר באַשערט. הייסט איהם אויך אַרויסגעהן עסען פאַר דער טיר, ווייל זי איז איינע אַליין אין ביידעל, און ער טוט אַזוי, און פאַרשווינדט אויך אין דער פינס־טערער נאַכט...

נעמט זיך די אלמנה שונמית צום דריטען ברויטעל און וויל עס שוין געגעהנען צום מויל. רייסט זיך פּלוצלונג אויס מיט באַ־גייטע כחות פון צפון דער ווינט און רייסט איהר ביידעל איין. צו־פאַלען זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליהט ערגעץ אַוועק דער סכך. און דער ווינט רייסט דער אלמנה דאָס דריטע ברויטעל פון דער האַנט אַרויס און שליידערט עס אין ים אַריין...

און ערשט דאַמאָלט שטילט דער ווינט. שטעהט די אלמנה און טראַכט...

דער ווינט האָט זיך געלעגט, שטיל איז דער ים. איבער זיין וואַסער, ווי איבער אַ שפּיגעל, גליטשען זיך די ערשטע שטראַלען פון דער אויפגעהענדיגער זון. באַלד וועט זיך אויפכאַפּען דאָס דאָרף. אָפּבינדען מיט פרייד די שיפלעך ביים ברעג, פאַרשפּרייטען נעצען... קינד און קייט וועט אַרויסלויפען באַגלייטען די פישער.

און מיט פרייע געשרייען רופען: אוים הונגער, געלויבט זיין ליי־בער נאמען! עס וועט זיין ברויט.

אבער נישט וועגען דעם טראכט די אלמנה.

אז אנדערער געדאנק עגבערט אין איהר מח.

— וואס האט גאט פון איהר געוואלט? וואס האט גאט מיט איהר, דער אלמנה, געטאן? —

— וואס האט מיר גאט געטאן? — עגבערט איהר אין מח.

איין ברויטעל האט ער איהר צוגענומען פאר אן אנטלאָ־פענעם פון פייער. רעכט, זאל זיין געלויבט זיין נאמען!

דאס צווייטע פאר א גערעטעטען פון גזלנים, אויך גע־לויבט זיין ליעבער נאמען. ער האט געגעבען, ער האט גענומען. פאר א בילכערען פון איהר...

אבער דאס דריטע ברויטעל? אויסצורייסען ביי אן אלמנה פון מויל און שליידערען אין ים אריין!

דאס איז איהר אוממעגליך צו פארשטעהן...

און עס פאלט איהר איין, אז אפשר ווייסט גאר גאט נישט דערפון, אז דאס האט דער ווינט אליין, מיט זיין אייגענעם ווי־לען, אהן גאטס וויסען און נעגען זיין ווילען געטאן, זיין ליעבען נאמען, וואס שפייזט אלמנות און יתומים, להכעים!

אנדערש קאן נישט זיין!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גזלן, נישט שענקען, זי וועט דעם ווינט פארקלאגען...

פאר וועמען?

פאר דעם מלך שלמה.

פאר איהם וועט זי האבען א דין תורה מיט'ן ווינט, קיין ירושלים וועט זי געהן.

אפגעקלערט, פארדעקט זי דאס פנים מיט דער צוריסענער שאל און לאזט זיך אין וועג אריין.

פארהונגערט איז זי און פארשמאכט, נאר דער גערעכטער צארן טראגט זי אויפ'ן ווייטען וועג. און זי איז געקומען — קיין ירושלים.

קומט זי, פרעגט זי נאך, ווייזט מען איהר, וואו דער מלך שלמה הויזט. לאזען די שומרים אריין; שלמה המלך'ס טירען זענען אפען פאר אלע, בפרט פאר אלמנות. קומט זי אין זאל אריין

און פאלט פאר'ן מלך שלמה, וואס זיצט אויף זיין שטול, אויפ'ן פנים!

— אדוני המלך — זאגט זי — א דין תורה האב איך.

— מיט וועמען? איך זעה, דו קומסט אליין.

— מיט'ן ווינט, — ענטפערט די אלמנה, און הויבט צו איהם דאס פנים אויף, און דערצעהלט איהם איהר טענה.

— גוט, — ענטפערט דער מלך שלמה — דיין פנים איז דיין עדות: עס איז מיד, און אין דיינע אויגען ברענט דער הונגער. וועסט דו דיך צו אלעם ערשטען דערפרישען. זעץ דיך דערווייל, אשה, אין א ווינקעלע; מען וועט דיר דערלאנגען ברויט און וויין. עס, טרינק און דערהאלט דיין נשמה, דערנאך וועסט דו הערען דיין פסק.

געהט זי אפ אין א ווינקעלע. דערלאנגט מען איהר ברויט מיט וויין. עסט זי. קומען דריי פרעמדע מענער אריין. דריי פרעמדע מע־נער, מיט זעקלעך אויף די אקסעל. צום מלך שלמה דארפען זיי.

— וואס איז אייער פארלאנג, פרעמדע מענער? און וואס טראגט איהר אין די זעקלעך אויף אייער אקסעל?

דערצעהלען די מענער אזא געשיכטע:

ישמעאלים סוחרים זענען זיי. האנדלען מיט צירונג טייערע און כלים, און בשמים די טייערסטע, און זענען זאלבעדריט גע־פאהרען אין א שיפעל איבער'ן ים... ווינטען זענען געווען. אומ־רוהיג איז געווען דער ים, זענען זיי אבער שטארקע און געניטע לייט, שרעקען זיך פאר קיין ווינטען נישט, שווימען זיי וואל־ארויף, וואל־אפ...

האט אבער, איינמאל פארנאכט, אנגעהויבען דאס שיפעל צו נעצען... געלעכערט איז ערגעץ געווארען דאס שיפעל, און מיט וואס צו פארשטאפען איז נישט דא. שרייען זיי, אפשר וועט מען דער־הערען פון ברעג און קומען צו הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינט כאפט זייערע געשרייען און צוּוואַרפט זיי איבער'ן ים, די וואלען כאפען אויף און אנטלויפען מיט זיי אין דער נאכט אריין...

און דאס שיפעל נעצט און הויבט אן זינקען...

שרייען זיי צו גאט. צו זייער גאט; ער הערט נישט. רופען זיי צו אנדערע געטער. צום גאט פון מואב, צום גאט פון פלשתים, צו נאך געטער. קיינער ענטפערט נישט. האבען זיי זיך דער־

מאנט, אז עס איז דא נאך א גאט, א גאט פון ישראל... פרואווען זיי און רופען:

— גאט פון ישראל, ענטפער אונז אין דער נויט! און א נדר טוען זיי: דאס גאנצע גאלד און זילבער, וואס מיר האבען גע־לייזט, גיב'מיר דיר אוועק פאר אונזערע נפשות. נאר ראטעווע אונז! ראטעווע, גאט פון ישראל...

און אין דער רגע האט זיך דער ווינט א ווארף געטאן און עפעס פון ברעג אין שיפעל אריין מיט א געוואלדיגען כח אריינגע־שליידערט, פונקט אין לאך פון שיפעל אריין, און האט עס פאר־שטאפט...

און באלד האט זיך געלעגט דער ווינט און מיר זענען בשלום צוגעשוואומען צום ברעג...

האב מיר ביי לייטען זיך נאכגעפרעגט: וואו הויזט דער אידישער גאט. מיר ווילען אונזער נדר מקיים זיין?

האט מען אונז אנגעוויזען ירושלים...

זענען מיר מיט אונזערע זעקלעך קיין ירושלים געקומען און אין די גאסען די מענשען אויסגעפרעגט: וואו איז אייער גאט, מיר ווילען איהם זעהען! האבען לייט אונז געענטפערט, אז דעם גאט פון ישראל זעהט מען נישט...

— מיר דארפען איהם דאנקען, כבוד אפגעבען, און א מתנה דערלאנגען...

האבען זיי מיט די אקסלען געדריקט; אנדערע האבען אונז אויסגעלאכט...

און עלטערע לייט, וואס מיר האבען באגעגענט, זיי זיך פאר־טרויט און אן עצה געפרעגט: וואס טוט מען מיט אונזער נדר, וועמען גיט מען, עס זאל פאסען צום אידישען גאטס ווילען. די זעקלעך מיט זילבער און גאלד, האבען קיין באשייד נישט גע־וואוסט. נאר איינער פון זיי, דער עלטסטער, האט אונז גערא־טען, מיר זאלען זיך ווענדען, גרויסער האר און מלך, צו דיר, דו ביסט, האבען זיי געזאגט, דער קליגסטער אויף דער גאנצער וועלט, און דו וועסט וויסען אונז צו ראטען, ווי אזוי אונזער נדר מקיים צו זיין, צו טון מיט'ן גאלד און זילבער לויט דעם ווילען פון גאט פון ישראל.

האבען זיי געענדיגט און געבוקט זיך, און דער מלך שלמה פרעגט:

— האט איהר, פרעמדע לייט, באטראכט, וואס דער ווינט האט אייך פון ברעג אין שיפעל אריינגעשליידערט, מיט וואס ער האט דאס לעבעל פארשטאפט, איהר זאלט נישט אונטערגעהן?

— מיר האבען געזעהן, גרויסער מלך. ארויסגענומען און גוט באטראכט, א קליין ברויטעל איז עס געווען, א ווייך, נישט דערבאקען ברויטעל... מיר האבען עס געבראכט, דיר צו ווייזען, מלך...

און דער עלטסטער נעמט דאס ברויטעל פון בוזעם ארויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מלך שלמה די אלמנה שונמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איהר ברויטעל?

דערקענט זי; איהר ברויטעל. —

פסק'ענט דער מלך שלמה, מען זאל איהר געבען די דריי זעק־לעך געלד און זילבער. טוען אזוי די לייט, דאנקען און געהען.

און צו דער אלמנה ווענדט זיך דער מלך שלמה:

— נעם דאס געלד מיט'ן זילבער. פאר דיין דריט ברויטעל האט דיר גאט באצאהלט, און זיי וויסען, אז קיינער טוט נישט גאט להכעיס; אז אלץ געשיהט לויט זיין ווילען. און אז נאר זיין שליחות טוט דער ווינט. —

# אינהאלט:

